חיים זאַקס (קושעלעוויץ)

# ס'איז געווען אַ מאָל...

דערציילונגען און זכרונות



פ אַ ר ל אַ ג „ד ר ו ם אַ פ ר י ק ע"
יאָהאַנעסבורג / 1969 — תשכ"ט.

דאָס בוך ווידמע איך מיין פאַמיליע:

מיין פאָטער הרב הגאון ר׳ צבי יהודה קושעלעוויץ זצ״ל, וועלכער האָט פארנומען דעם כסא הרבנות אין ראצקי, טיקטין און סעמיאטיץ, ווו ער איז נפטר געוואָרן;

מיין מוטער רחל מיכלע ע״ה;

מיין פרוי מלכה;

מיין זון צבי, מיין זון יעקב און זיין פרוי שערלי און מיינע אייניקלעך זלמן־יוסף און אסתר;

מיין ברודער הרב הגאון ר׳ שמואל קושעלעוויץ זצ״ל; און צו לענגערע יאָר זיין פרוי גיטל, פון בראָנקס, אמעריקע;

מיין ברודער דוד זאַקס ע״ה, און צו לענגערע יאָר זיין פרוי מאַטל פון ניו־יאָרק;

מיין שוועסטער ראַשל און איר מאַן ראובן־דוד גרינ־בוים פון בוענאָס־איירעס, ארגענטינע;

מיין ברודער שמחה זאַקס און זיין פרוי ליזאַ פון מאנהיגן, ניו־יאָרק;

מיין שוועסטער שיינע־גיטל און איר מאַן שמואל וואַכמאַן, ברוקלין, ניו־יאָרק;

מיין ברודער חנן זאַקס און זיין פרוי הענע פון בראָנקס, ניו־יאָרק.

זאָל עס אויך זיין לזכר מיין אָנקל הרב ישעיה יעקב זאַקס — אומגעקומען אין שאַוולער געטאָ דורך די נאַצישע רוצחים.

* * *

ס׳איז געווען אַ מאָל... איז דאָס ערשטע בוך פון חיים זאַקס. דער טיטל פון בוך רעדט שוין פאַר זיך: דער אַ מאָל פון יידישן לעבן, וואָס איז גלייכצייטיק דער אַ מאָל פון מחבר — און ביידע אַמאָלן זיינען איינס.

דער מאַטעריאַל שפּיגלט אָפּ אַ גרויסע עפּאָכע אין יידישן לעבן ערב און בעת דער 1טער וועלט־מלחמה. אַ שלל קאָנדענסירטע אַרבעטן פון פאַרשיידענע זשאַנערס (קורצע דער־ציילונג, בילד, מעמוּאַריסטיק א״א) זיינען אריינגעפּרעסט געוואָרן אין די פאַרהעלטנישמעסיק ניט צו פיל זייטן. די טעמאַטיק בייט זיך מיט פאַרביקער שנעלקייט ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ. די דערציילונגען זיינען קורץ און פאַרכאַפּנדיק, פול מיט איבערלעבונגען און האַנדלונגען.

חיים זאַקס שילדערט מיט ליטעראַריש־קרעפטיקע מיטלען די יידן, וועלכע ער האָט גע־קענט, און עפּיזאָדן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט פאר זיינע אויגן. אייגנטלעך איז עס אַ לי־טעראַרישע כראָניק, ווי זי האָט רעפלעקטירט אין אויג און האַרץ פון מחבר. אַ גאַנצע ריי דערמאָנונגען און פּאַסירונגען, אַ גרויסע גאַלעריע טיפּן און כאַראַקטערן (איבערהויפּט פון די רעליגיעזע ספערעס) באַוועגן זיך איבער די בלעטער פון בוך, און דער מחבר אליין איז איינגעפלייטש און איינגעגייסטיקט אין דער דאָזיקער עפּאָכע.

חיים זאַקס האָט אין די דאָזיקע בלעטער קינסטלעריש רעסטאַווּרירט די ערשטע 2 צענד־ליק יאָר פון זיין אייגן לעבן — דורך דער קינדהייט, אין טאַטע־מאַמעס היים, ביז דעם לעצטן אָפּשייד־אָוונט אין וואָלאָזשינער ישיבה, וואָס איז דערמאָנט מיט אזוי פיל צער און בענקשאַפט, ווי די חתימה פון אַ גרויסן געשיכטלעכן פּרק אין יידישן לעבן.

דאָס שטעטל דאָמינירט איבער דעם יידישן לעבן. דער צענטראַלער נערוו פון גאַנצן ארום איז די בית־דין־שטוב, די קיך, דער זאַל, וו דעם „רבס מזיק״ האָט אַבסאָרבירט אַלע נשמה־שיינקייטן פון אַ יידיש קינד — און אַ סענסיטיוו קינד — און זיי שטראַלן צוריק אויס פון די שורות פון בוך. די אַלע קאָלירפולע יידישע געשטאַלטן, זייערע איבערלעבונגען און כאַראַקטעריסטישע באַזונדערקייטן ווערן פאַרוועבט אין די קורצע שיינע דערציילונגען. מיט אויסערגעוויינלעכער ליבשאַפט און מיט אַ צאַרט געפיל, כ׳וואָלט געזאָגט מיט יראת־הקודש פאַר יענעם לעבן, פאַרצייכנט חיים זאַקס זיינע דערמאָנונגען — אַלץ וואָס ער האָט אזוי פריש אויפגעהיט אין זיין האַרץ אַ לעבן לאַנג — ביז צו זיין יונגער זיקנה.

די אַטמאָספער פון אָרעמען געזונטן יידישן לעבן איז באַווירצט מיט דעם אָריגינעל סובטעלן הומאָר פון מחבר. זיין הומאָר (אויך בעל־פּה) איז אָרגאַניש־זאַקסיש און תמיד זאַפטיק. זיין הומאָר איז פאָלקס־חכמה, זיין שפּראַך איז פאָלקס־לשון און זיינע יידן זיינען פאָלקס־מענטשן — אַלץ אַטריבוטן וואָס קענען דערקוויקן אַ יידישן לייענער.

די וואָרצלען פון זאַקס׳ דערציילונגען שטעקן טיף אין יידיש־שטעטלשן באָדן און דאָס גאַנצע שטעטל איז דער „הימלדיקער דאַך״ צו גאָט, אויב אפילו ניט זעלטן איז ער נידעריק, אָנגעכמורעט און דריקט מיט אומעט און פּחד. אונטער דעם דאָזיקן סימבאָלישן דאַך האָט חיים זאַקס מיט זיינע העלדן געלעבט, געהאָפט און געחלומט. זיינע יידן, וואָס זיינען געווען אַ מאָל, זיינען פול מיט קינדישער נאַאיוויטעט און איינצייטיק טיף־גלייביקע (אפילו די פערד־גנבים), אז זיי קענען ארויסרופן טרערן פון פרייד און טרערן פון טרויער. די מיליע אין וועלכער חיים זאַקס׳ יידן אָטעמען איז אָנגעפילט מיט יידישע מיצוות און עבירות, מיט יידי־שע פאַנטאַזיעס און מופתים. דאָס איז אַ לייוונט פאַר דעם קאָלאָריט פון יידישן לעבן.

חיים זאַקס האָט אויפגעריכט דאָס יידישע שטעטל ניי און אנדערש. ער האָט עס אויפגע־לעבט מיט חן און פרישן רייץ. די ענגע קאַמערן און דער דלות פאַרמאָגן דעם וואַרעם־היי־מישן פאָלקסקלימאַט. און אַ גרויסע מעלה: עס איז געשריבן מיט רעאַליסטישער פּשוט־קייט, מיטן לשון און אידיאָמאַטיק פון יענע יידן.

דאַרף מען מאַכן אַ ברכה, וואָס די השגחה האָט אונדז פאַרהיט דעם מחבר אין זיין אַלטער יונגשאַפט, כדי די פערלדיקע יידישע וועלט און אירע יידן זאָלן אויף אייביק ניט פאַרזינקען אין פאַרגעסנקייט. חיים זאַקס האָט זיך מיט זיין בוך איינגעשאפט אַן אייגן ווינקל אין דער יידישער וואָרטשאַפונג (אוודאי וואָלט מען אים געדאַרפט איבערזעצן אויף ענגליש).

ווי שוין פריער באַמערקט, האָט דער מחבר פאַרפיקסירט אין בוך די ערשטע 20 יאָר פון זיין לעבן. האָפן מיר אז זיין גייסטיקע קראַפט וועט אָפּגעהיט ווערן און וואַקסן, כדי מיר זאָלן געניסן פון מערערע שעפערישע אַנטפּלעקונגען פון זיין טאַלאַנט.

ד. וואָלפּע.

# אינהאַלט

זייט

## 3. נייע ווינטן אין שטעטל



זייט

## 4. איך פאָר אין דער גרויסער ישיבה



## בילדער און פאקסימילעס :

# במקום הקדמה

איך וויל דאָ דערמאָנען דאָס שטעטל ט י ק ט י ן, פּוילן, וווּ איך האָב פאַרבראַכט מיין פריסטע יוגנט. און כאָטש איך האָב פאַרלאָזן טיקטין, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און האָב געלעבט אין פאַר־שיידענע שטעט און שטעטלעך, אין פאַרשיידענע מדינות, געלערנט אַנדערע קולטורן, זיך צוגעוווינט צו אַנדערע לעבנס־שטייגערן, וועלכע זיינען געווען פרעמד און אַנדערש פון יענע טיקטינער יאָרן און יענעם יידישן לעבן, קען איך אָבער מיין שטעטל מיט אירע יידן, וואָס האָבן איר אָנגע־פילט מיט תורה און צדקה און גוטסקייט, ניט פאַרגעסן. און ווי איך האָב זיך נאָך דער מלחמה דערוווּסט, האָבן די רשעים אויסגעמאָרדעט אין איין טאָג אַלע 3000 יידן פון שטעטל, זכרונם לברכה. זאָל זייער אָנדענק זיין געבענטשט און הייליק, צוזאַמען מיט אַלע קדושים פון אנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך. אַ סך עפּיזאָדן פון די יידן, וואָס איך האָב דאָ פאַרצייכנט זיינען איינדרוקן און דעראינערונגען, וואָס זיינען מיר פאַרבליבן פון טיקטין. איך ווייס, אַז איך האָב קיינע נייע זאַכן ניט אנטדעקט. פיל גרויסע יידישע שרייבער האָבן וועגן דעם געשריבן, און די זאַכן זיינען באַקאַנט דעם יידישן לייענער. אָבער נאָך דעם ווי די רשעים האָבן אויסגעריסן און אויסגעמעקט יעדן זכר פון דעם וואָס איז געווען אַ יידיש שטעטל און יידיש שטייגער־לעבן, האָבן אפילו צעאַקערט די קברים, צעשטערט די מצבות זייערע, האַלט איך, אַז עס איז אַ חוב און אַ מיצווה, אַז ווער עס געדענקט נאָך עפּעס פון יענע יאָרן וועגן יידי־שע שטעטלעך און זייערע יידן, זאָל דאָס דערמאָנען און פאַרצייכענען, כדי קיין זאַך זאָל ניט פאַרגעסן ווערן און ניט פאַרלאָרן גיין. און עס זיינען דאָך שוין ניט געבליבן צו פיל יידן פון יענעם דור, וועלכע קענען נאָך עפּעס דער־ציילן פון יענע יידן און זייער לעבן. איך האָף אַז דאָס בוך וועט זיין אַ קליינע ביישטייערונג צום אָנדענק פון די אומ־געקומענע יידן.



חיים זאַקס און פאַמיליע

זיצן: מלכה און אייניקל אסתר; חיים און אייניקל זלמן.
שטייען: צבי, שנור שערלי און יעקב.

Sitting: Malka and grand-daughter Evelyn, Chaim and grandson Soll.
Standing: Lionel, Shirley and Jack.

געווען אַמאָל יידישע שטעט און שטעטלעך, צווישן זיי אויך מיין שטעטל, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט האַרט ביים טייך נאַרווע אויף דער פּוילישער זייט, ארומגערינגלט מיט בערגלעך, פעלדער און סאָסנע־וועלדלעך. און ווען מ׳איז צוגעקומען נאָענט צום שטעטל, האָט זיך דאָס ערשטע באַוויזן דער שפּיץ צלם פון קלויסטער, וואָס האָט זיך געשפּילט ווי אין באַהעל־טעניש, ארויסגעשטעקט ס׳קעפּל און פארשוווּנדן געוואָרן, ווי עס וואָלט גע־וואָלט דערמאָנען, אז כאָטש מען קומט צו אַ יידיש שטעטל, איז דאָס פרעמדע ערד, און דער צלם איז דער הערשער, און יידן לעבן אין זיין גנאָד.

איידער מען איז אריין אין שטעטל איז מען פאַרביי אַ יידישע קרעטשמע, אַ ווינטמיל, דעם יידישן בית־הקברות מיט קברים און אוהלים פון באַוווּסטע גאונים און צדיקים, וואָס זיינען געזעסן אויפן כיסא הרבנות אין שטעטל פון צייט צו צייט.

פון ווייטן האָט זיך באַוויזן דער טייך, די ברכה פון שטעטל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער בלויער פלאַך מיט גרינע לאָנקעס ארום. און ווי מען וואָלט זיך אויף דעם ניט געריכט, האָט זיך פּלוצעם באַוויזן דאָס שטעטל, וואָס האָט מיט דעם ארום ניט האַרמאָנירט. צוזאַמענגעקוועטשטע איינע לעבן די אַנדערע הייזער מיט שוואַרצע און רויטע דעכער, וואָס האָבן געפורעמט שטיי־נערנע גאַסן, בעל־הביתישע און נגידישע הייזער, קליינע הייזקעס, האַלב איינ־געפאַלענע מיט צעבראָכענע קרומע דעכלעך. שמאָלע געסלעך און אָרעמקייט וואָס האָט געהערשט ארום.

דער מאַרק מיט קראָמען און קרעמלעך, וואָס האָבן אים ארומגערינגלט.

דער שולהויף, וואָס זיין גרעסטער בנין איז געווען די פּאַרצייטיקע שול, וואָס האָט פאַרנומען אַ גרויסן שטח, מיטן קיילעכדיקן דאַך און אַ גרויסער קיילעכדיקער קופּערנער קופּאָל אויפן שפּיץ דאַך, איז געווען דער צענטער פון שולהויף.

די שול איז געווען דער שטאָלץ פון שטעטל. מען האָט דערציילט און איבערגעגעבן פון דור צו דור, אז מיט יאָרן צוריק האָט אַ פּוילישער פירשט, וואָס האָט געהערשט איבער דעם שטעטל, געבויט די שול, כדי די יידן פון די ארומיקע מדינות זאָלן זיך קומען באַזעצן דאָרט און ער האָט דאָס שטעטל געמאַכט פאַר זיין ווינאָרט. דערפאַר איז דאָס שטעטל אין יענער צייט געווען די גליל־שטאָט און אַלע שטעט און שטעטלעך ארום זיינען געווען אונטערטעניק צו איר. עס גייען ארום אַ סך מעשיות און לעגענדעס וועגן דער שול. מען דערציילט, אז אַ גרויסער צדיק, וואָס איז געזעסן אויפן כיסא הרבנות, האָט מיט אַ סך יאָרן צוריק געשאַפן אַ גולם, וואָס ער ליגט נאָך היינט אין שול אויפן פּאָליש צווישן די שמות, נאָר מען האָט פּחד צו זוכן. און באמת, די שול איז געווען אַ פּראַכטפולער בנין, מיט אַ סך גאָלדענע און זילבערנע אַנטיקן, וואָס די יידן פון שטעטל האָבן אין אַלע דורות מנדב געווען: ספרי־תורות, אויסגעניייטע פּרוכתן, קרישטאָלענע לאָמפּן און פאַרשיידענע שניצונ־גען און נאָך אַנדערע זאַכן, וואָס האָבן פאַרשיינט די שול.

דער גרויסער בית־מדרש, וואָס איז געווען פול מיט לערנער און דאַווי־נער פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט און די אַנדערע קלענערע בתי־מדרשים און קלויזן, חברה־חומש, חברה משניות, דאָס חסידים־שטיבל, וואָס האָט פאַרנומען אַ חשובן אָרט אין שטעטל, אויסער וואָס עס האָט געהאַט באַוווּסטע חסידים, מקובלים, זיינען אויך געווען צווישן זיי גרויסע לומדים. ס׳איז ניט גע־ווען ווי געוויינלעך קיין מחלוקת צווישן די חסידים און מתנגדים, אדרבא, זיי האָבן געלעבט בשלום צווישן זיך. זיי האָבן זיך משדך געווען מיט די קינדער, געבאַקן שמורה־מצה צוזאַמען. די חסידים האָבן אפילו געשיקט זייע־רע קינדער אין ליטווישע ישיבות, צוזאַמען געפּראַוועט יום־טובים און געהאַט איין רב. כאָטש ער איז געווען אַ ליטווישער רב, האָבן זיי אים געהאַלטן טייער.

* * *

דאָס שטעטל איז אַלע מאָל געווען לעבעדיק. יידן, ווייבער, קינדער האָבן אָנגעפילט תמיד די גאַסן און געסלעך. מען איז געגאַנגען אין די קרעמלעך און וואַרשטאַטן, אין די בתי־מדרשים. קינדער האָבן זיך געשפּילט אין די גאַסן און געגאַנגען אין די חדרים, ווייבער זיינען ארומגעגאַנגען וועגן זייערע ענינים, פאַרזאָרגן פאַר די שטיבער. מען האָט זיך אדורכגעשמועסט דורך די טירן פון די הייזער און די קראָמען, זיך געקריגט, געשריען און זיך געריסן איבער קונים.

גרופּקעס יידן וואָס האָבן ניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָבן זיך געקאָכט וועגן פּאָליטיק, וועגן קהלשע ענינים. אַנדערע האָבן זיך ארומגעדרייט זוכן אַ פּאַר־דינסטל. ס׳האָט זיך געראָדלט מיט יידישע שבתים, יום־טובים, חתונות, בריתן. יידן זיינען ארומגעגאַנגען וועגן קהלשע ענינים און פאַר צדקה־ענינים. דאָס שטעטל איז געווען פול מיט יידן און אָנגעפילט מיט אַ מין זאַך, וואָס מען רופט יידישקייט. עס האָט געשמעקט מיט יידישע ריחות, די ריחות פון בתי־מדרשים, יידישע מאכלים און די ריחות פון די קרעמלעך.

עס איז טאַקע געווען פרעמדע ערד און וואָס די יידן האָבן גערופן גלות, און די גויים האָבן אָפט דאָס געלאָזט די יידן פילן, און אפילו דאָס לעבן איז ניט אַלע מאָל געווען זיכער — האָבן יידן דאָך געבויט אין שטעטל און שטאָט זייערע היימען, וואָס זיינען זיי געווען ליב און טייער. האָבן געלעבט אַ יידיש לעבן אָנגעזאַפּט מיט יידישקייט. פאַרגעזעצט זייער אייגנאַרטיקן לעבנשטייגער, יעדער דור האָט עפּעס איבערגעלאָזן אַ ירושה דעם קומענדיקן דור. זיי זיינען געווען פאַרבונדן מיט אַלע יידן פון דער וועלט, אָבער דאָס שטעטל האָט גע־האַט אייגענע טראַדיציעס און מינהגים, וואָס יידן האָבן געהאַלטן טייער און הייליק — אַ מלוכהלע פאַר זיך; געשאַפן זיינע אינסטיטוציעס וואָס עקסיס־טירן נאָך היינט אין אַלע יידישע יישובים פון דער וועלט, אינסטיטוציעס וואָס מאָדערנע רעגירונגען וואָלטן זיך געקענט באַרימען מיט דעם. עס איז טאַקע געווען פרימיטיוו און אָרעם, אָבער געשאַפן מיט ליבשאַפט. אָרעמע־לייט האָבן אָפּגעשפּאָרט פונעם ברויט פון זייערע קינדער אויסצוהאַלטן די אינסטיטוציעס.

עס איז כדאי צו דערמאָנען אייניקע פון זיי, ווי איך געדענק זיי, טראָץ דעם וואָס זייער שם איז גוט באַקאַנט אין דער יידישער וועלט. אָבער נאָך דעם ווי אונדזערע שונאים האָבן פאַרניכטעט דאָס שטעטל און דעם גאַנצן לעבן פון דעם שטעטל, האַלט איך פאַר אַ מיצווה וועגן דעם צו דערציילן. וועגן צדקה און חסד וואָס יידן האָבן איינגעפירט אין שטעטל.

* * *

לינת־הצדק, וואָס האָט פאַרזאָרגט קראַנקע, סיי אָרעם סיי רייך, מיט באַ־דינונג. אז עמעצער איז קראַנק געוואָרן אין אַ פאַמיליע, האָט מען אויפגע־פּאַסט דעם קראַנקן טאָג און נאַכט, אפילו ביי אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן האָט זיך קיינער ניט אַנטזאָגט און צוריקגעהאַלטן.

ביקור־חולים, וואָס האָט פאַרזאָרגט פאַר קראַנקע פאַרשיידענע אינס־טרומענטן און באַצאָלט פאַר אָרעמע־לייט פאַרן דאָקטאָר און רעצעפּטן, געזאָרגט

פאַר אָרעמע פאַמיליעס פון די קראַנקע, אויב זיי האָבן זיך גענייטיקט, אכטונג געגעבן אויף די קינדער, אויב אַ מוטער איז קראַנק געוואָרן.

הכנסת־כלה, וואָס האָט געהאָלפן אָרעמע כלות מיט זייער אויסשטייער, און אפילו מיט נדן, און מאַכן די חתונה.

אַ הקדש, ווו דורכגייענדיקע אָרעמע־לייט האָבן געוווינט. איך געדענק אַ פאַל, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע אין הקדש, דיזענטעריע, זיינען מענער און פרויען, אפילו פון די רייכסטע פאַמיליעס, געקומען העלפן רייניקן דעם הקדש מיט די קראַנקע, כאָטש ס׳איז געווען אַ סכנה זיי זאָלן זיך אָנשטעקן מיט דער קראַנקייט.

מעות־חטין. די בעקערס האָבן ניט געטאָרט באַקן קיין מצה פאַר אַ בעל־הבית, איידער ער האָט זיך ניט באַשטייערט פאַר מעות־חטין. אפילו אָרעמע־לייט, אָדער זיי האָבן גענומען מעות־חטין, אָדער זיי האָבן געגעבן מעות־חטין, יעדער נאָך זיינע מעגלעכקייטן. און מיט וואָס פאַר אַ פרייד די זין אָדער טעכטער פון אַלע משפחות האָבן זיך פאַרשריבן צו העלפן באַקן מצה פאַר מעות־חטין. מען האָט זיך געפרייט אז קיינער אין שטעטל וועט ח״ו ניט האָבן קיין הונגעריקן פסח.

גמילת־חסדים, ווו אָרעמע־לייט האָבן געקענט לייען געלט אָן פּראָצענט. אָדער די תלמוד־תורה, ווו אָרעמע קינדער האָבן געלערנט אומזיסט. אין שטעטל איז ניט געווען קיין איינער, וואָס האָט ניט געקענט דאַווענען און ווייניקסטנס לערנען אַ פרשה חומש. און אויב אַ קינד האָט אַרויסגעוויזן פעאיקייטן, אָדער ער האָט געוואָלט לערנען, האָט מען די אָרעמע קינדער געהאָלפן פאָרן אין די גרויסע ישיבות, אָדער מ׳האָט געמאַכט מעגלעך זיי זאָלן קאָנען זיצן און לערנען אין שטעטל אין בית־מדרש. עס איז געווען דער גרעסטער ווונטש פון די על־טערן צו האָבן אַ קינד אַ תלמיד־חכם. די אָרעמסטע האָבן אָפּגעשפּאָרט דאָס שטיקל ברויט פון זיך און פון דער פאַמיליע צו געבן אַ קינד לערנען. און אז אַן אָרעמע משפחה פון אַ בעל־מלאכה האָט זוכה געווען צו האָבן אַ קינד אַ לערנער, זיינען זיי אַלע מקנא געווען. דאָס איז געווען דער גרעסטער אוצר, וואָס אַ יידי־שע היים האָט פאַרמאָגט. די אָרעמסטע הייזער האָבן זיך געטיילט מיט זייער אָרעמקייט צו געבן אַן אָרעמען ישיבה־בחור אַ טאָג עסן, כדי זיי זאָלן האָבן אַ טייל אין זיין לערנען.

איינע פון די שענסטע אינסטיטוציעס איז געווען די מתן בסתר־פּושקע. אויף די טירן פון יעדן בית־מדרש און קלויז איז געהאָנגען אַ פּושקע, וואָס יעדערער האָט געפילט פאַר זיין חוב אַריינצוּוואַרפן עפּעס אַ מטבע, און דאָס געלט האָט מען צעטיילט פאַר אָרעמע געפאַלענע בעלי־בתים, וועלכע מען

האָט געהאָלפן אז קיינער זאָל ניט וויסן, כדי זיי ניט מביש צו זיין. דער געבער האָט ניט געוווסט וועמען ער גיט און דער נעמער האָט ניט געוווסט פון וועמען ער נעמט. צוויי בעלי־בתים זיינען געווען די ממונים אויף דעם. איך געדענק אַ פאַל, ווען דער רב פון שטעטל מיט צוויי חשובע בעלי־בתים זיינען געגאַנ־גען קלייבן געלט צו בויען אַ מיקווה, וואָס לויט דעם מינהג פון שטעטל איז דער רב קיין מאָל ניט געגאַנגען קלייבן, ווייל קיינער וועט דאָך ניט אַנטזאָגן דעם רב, און עס זיינען דאָך דאָ געפאַלענע מענטשן, וואָס קענען ניט געבן, וועט מען דאָך זיי פאַרשעמען. און אזוי ווי לויטן דין טאָר מען ניט איבערבייטן דאָס געלט, וואָס מען גיט פאַר איין צדקה פאַר אַ צווייטער, זיינען די ממונים געקומען פרעגן דעם רב אַ שאלה, אויב מען מעג געבן אַ געוויסן געפאַלענעם בעל־הבית, וואָס קיינער ווייס ניט אז ער איז אַ יורד (און ער וועט דאָך ניט קענען אָפּזאָגן דעם רב) דאָס געלט פון מתן בסתר, ער זאָל זיך קענען ביישטייערן פאַר דער מיקווה. האָט דער רב געפּסקנט, אז קיין גרעסערע צדקה קען ניט זיין. אויף דעם שטייט „וצדקתו עומדת לעד״.

* * *

דאָס שטעטל איז אַלע מאָל געווען פול מיט אָרעמע־לייט. אַלערליי אורחים, מגידים, נישרפים, אָדער סתם אָרעמע־לייט, וואָס זיינען ארומגעגאַנגען קלייבן איבער די הייזער און קיינער איז ניט געבליבן הונגעריק, אָדער אוועק מיט ליידיקע הענט.

די בתי־מדרשים זיינען אַלע מאָל געווען פול מיט לערנער און דאַוונער. איך געדענק אַ פאַל, ווען אין שטעטל זיינען איין ווינטער־נאַכט פאַרשנייט גע־וואָרן די גאַסן, האָבן בעלי־בתים דאָס ערשטע גערייניקט שטעזשקעלעך צו די בתי־מדרשים, יעדערער פון זיין שטוב, מען זאָל קענען גיין דאַוונען מיטן מנין.

די גרעסערע שטעט האָבן געהאַט א מושב־זקנים און אַ בית־יתומים. און ווען מען זעט היינט אין די יידישע יישובים פון דער וועלט ווי זיי האַלטן טייער זייערע צדקה־אַנשטאַלטן, אָדער דער פאַרלאַנג צו מאַכן זייערע קינדער פאַר געלערנטע מענטשן, איז דאָס ניט די ירושה פון זייערע עלטערן פון שטעטל?

עס איז ווערט צו דערמאָנען אַן אינצידענט מיטן שטעטלשן פינקס. איינער פון די אוצרות פון שטעטל איז געווען דער פינקס, וואָס איז אַלט געווען הונ־דערטער יאָרן, און וואָס שטעטל האָט דאָס אָפּגעהיט ווי אַ הייליקע ירושה.

האָט געטראָפן, אז דער רב איז שטאַרק קראַנק געוואָרן און מען האָט אַראָפּגעבראַכט אַ באַוווסטן דאָקטאָר פון אַ דערבייאיקער גרויסער שטאָט. דער

דאָקטאָר איז געווען אַ גרויסער יידישער עסקן און אַ ציוניסט. ער האָט געהאַט אַן אייגענע ביבליאָטעק אין ירושלים אויף זיין נאָמען. אזוי ווי דער פּינקס איז געלעגן ביים רב אין שטוב, האָט זיך דער דאָקטאָר זייער פאַראינטערעסירט מיטן פּינקס, וואָס ער האָט געלייענט אין זיין לײדיקער צייט. און ווען דער רב איז בעסער געוואָרן איז דער דאָקטאָר מיטאַמאָל פארפאַלן געוואָרן און צוזאַמען מיט אים אויך דער פּינקס.

זיינען צוויי גרויסע בעלי־בתים פון שטעטל געפאָרן צום דאָקטאָר און געפאָדערט ער זאָל זיי צוריקגעבן דעם פּינקס. ער האָט זיי אָנגעבאָטן געלט, זיי זאָלן אים לאָזן שיקן דעם פּינקס קיין ירושלים. דאָרט, זאָגט ער, וועט עס זיין זיכער, און ביי אייך וועט עס געוויס איין טאָג פאַרפאַלן גיין. ס'איז א גרויסער יידישער אוצר, און אַ וויכטיקער דאָקומענט וועגן דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן. זיי האָבן דערפון ניט געוואָלט הערן. ער האָט זיי אָפּגעגעבן דעם פּינקס צוריק. איך בין זיכער, אז דער פּינקס איז פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיט די יידן פון שטעטל.

## יידן און קריסטן

ארום דעם שולהויף, די בתי־מדרשים און ארום דעם מאַרק האָבן געלעבט די יידן. ארום דעם קלויסטער און די הויפּישע גאַסן האָבן געוווינט די עטלעכע גויים פון שטעטל, וועלכע האָבן זיך מיט די יידן ניט געמישט.

אויף אַ גרויסן פּירקאַנטיקן פּלאַץ, וואָס מען האָט גערופן דער גילדענער פּלאַץ, ווייל אויף דעם פּלאַץ איז געשטאַנען אַ גרויסער בראָנדזענער מאָנומענט פון דעם זעלבן פירשט, וואָס האָט געבויט די שול, איז אויך געשטאַנען דער קלויסטער. דער פּלאַץ האָט אריינגעפירט צו דער הייפּישער גאַס, ווו עס האָבן געוווינט די גויים, דער בירגערמייסטער, דער דאָקטאָר, דער אפּטייקער און נאָך אַנדערע, וועלכע האָבן ניט געוואָלט ווױנען צוזאַמען מיט די יידן. דאָרט איז געווען די פּאָסט, שיינע הייזער מיט סעדער און גערטנער. יידישע קינדער האָבן מורא געהאַט דאָרטן צו קומען. די גויים האָבן הינט און זיי, ווי זייערע בעלי־בתים, האָבן פיינט יידישע קינדער, זיי רייסן די פּאָלעס.

די גויים פלעגן קומען צו די יידן אין שטעטל נאָר ביי באַזונדערע געלעגנהייטן. דער בירגערמייסטער איז געקומען צו די יידן אין דעם צאַרס געבורטסטאָג, אָנגעטאָן אין זיינע בגדי מלכות, פלעגט צוזאַמענרופן די יידן אויפן גאָלדענעם פּלאַץ, זיי געבן אַ דרשה וועגן די גרויסע חסדים, וואָס דער צאַר, דער

פּאַטערל, טוט מיט זיי. דערפֿאַר דאַרפֿן זיי גיין אין די בתּי־מדרשים בעטן פֿאַר אים ביי גאָט, און איז צוריק אַוועק שיכּורן אין דער הויפּישער גאַס.

דעם דאָקטאָר פֿלעגט מען רופֿן צו אַ קראַנקן נאָר ווען עס האָט שוין גע־האַלטן שלעכט. אויף סתּם קראַנקייטן איז דער יידישער פֿעלדשער געווען אַ גרעסערער מומחה פֿאַרן אַנטיסעמיט.

פֿון צייט צו צייט פֿלעגט קומען דער גאָראָדאָוואָי. דאָס שטעטל האָט אים גערופֿן „די בערדל״. ער איז געווען דער אמתער פֿאָרשטייער פֿון צאַר ניקאָליי. ער האָט אַכטונג געגעבן, אַז די יידן זאָלן זיך פֿירן לויטן זאַקאָן און אָפּהיטן די געזעצן.

די הייפּישע גאַס האָט געשמעקט מיט די ריחות פֿון קלויסטער, גרינס און חזיר־פֿלייש. דער יידישער טייל האָט געשמעקט מיט דעם ריח פֿון די בתּי־מדרשים, מיט יידישע מאכלים און אַלערליי ריחות פֿון די קרעמלעך מיט וואָס יידן האָבן געהאַנדלט.

דער איינציקער שטענדיקער פֿאָרשטייער פֿון קלויסטער אויף דער יידי־שער גאַס, איז געווען יאַשעק דער שבת־גוי, וועלכער פֿלעגט זיך האַלטן אין איין צלמן אַ גאַנצן טאָג. פֿלעגט פֿאַרלעשן די ליכט שבת אין יידישע הייזער, הייצן די אויוונס און טאָן אַנדערע מלאָכות, וואָס יידן טאָרן ניט טאָן שבת. דער־פֿאַר האָט ער געקראָגן געפֿילטע פֿיש, אַ מוציא חלה, און אַ מאָל אַפֿילו אַ גלעזל בראָנפֿן און שיריים פֿון טשאָלנט. אַ גאַנצע וואָך איז ער געלעגן שיכּור אין גאַס, געשאָלטן די יידן, וועלכע האָבן געקרייציקט יעזוסן און געשריען, אַז ער וועט ברענגען זיין ברודער פֿון דאָרף און מאַכן אַ פּאָגראָם. אָבער, אַז ס׳איז געשטאָרבן אַ ייד אין שטעטל איז ער נאָכגעגאַנגען נאָך דער לוויה, גע־וויינט און געשריען קאָכאַנאָ, ליבינקער און זיסער יעזוס.

דאָס שטעטל, וואָס האָט אַלע מאָל געהאַנדלט מיט יידן און געווען אָנגעפּילט מיט יידישקייט, האָט געביטן איר פּנים אין די זונטיקס, אין די מאַרק־ און יאַריד־טעג. דאָס שטעטל איז אָנגעפּילט געוואָרן מיט פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער, וועלכע זיינען געקומען פֿאַרקויפֿן זייערע דאָרפֿישע סחורות, ווײַגענער האָלץ, פֿלאַקס און זוימען, הינער, אייער אאַ״וו, און זיך איינקויפֿן אין די קרעמ־לעך וואָס זיי דאַרפֿן.

דער מאַרק איז געוואָרן אָנגעפּילט מיט קולות, מיט קללות אויף אַלע שפּראַכן. הירזשע־קולות פֿון פֿערד, שעפּסן און חזירים. מען האָט זיך געדונ־גען, געשאָלטן, קרעמערס האָבן געצויגן, געשלעפּט די פּויערים ביים אַרבל אין די קרעמלעך. צוליב דעם האָבן זיך די קרעמער געקריגט. דער ריח פֿון

פערדישע מיסט און ביליגע בראָנפּן האָט פאַרנומען דאָס שטעטל. די ביטערע פרנסה, וואָס זאָל מען טאָן?

* * *

איינער פון די הויפּטקוואַלן פון וואָס מיין שטעטל האָט געצויגן פרנסה איז געווען דער טייך, די נאַרווע, וואָס איז געווען די ברכה פון שטעטל. אין פרילינג, גלייך ווי דאָס אייז אויף דעם פאַרפראָרענעם טייך האָט אָפּגעלאָזן, האָבן זיך גענומען באַווייזן אין שטעטל אַלערליי פאַרשוינען, שטענדיקע זו־מער־געסט.

דאָס גאַנצע געהילך, וואָס מען האָט געשיקט פון יענער געגנט קיין דייטש־לאַנד ,איז געשווומען מיטן וואַסער, און אַ גרויסער טייל פון דעם איז געגאַנגען דורך אונדזער שטעטל. דערפאַר האָט מען דאָס שטעטל גערופן די קליינע דאַנציק.

דאָס שטעטל איז געוואָרן לעבעדיק, אויפגעלעבט. די גאַסן זיינען פול געוואָרן מיט מוזשיקעס, כאָכאָלעס פון טיף־רוסלאַנד מיט לאַנגע רויטע האָר און בערד, וואָס זיינען געווען אַ זעלטנהייט אין שטעטל — גוים מיט בערד. זיי זיי־נען אַלע מאָל געווען שיכור און פריילעך, האָבן גוטמוטיק געשמייכלט, געוווג־קען צו די ווייבער, גערופן אַלעמען מילאַיאַ, גוטינקע, און פלעגן מאַכן נאָך יע־דער וואָרט אַ רוסישע „פּאָמאַטושקע". זיי פלעגן זיך שפּילן מיט די קינדער און תמיד זינגען. נאָך זיי איז נאָכגעגאַנגען אַ ריח פון מאַכאָרקע, ביליגע בראָנפן און רויע לעדער פון זייערע לעדערנע קאָזשוכעס, וואָס זיי האָבן געטראָגן.

פוילישע פויערים, לאַנגע, דינע, מיט וואָנצעס, און בייז, וואָס האָבן גע־שמעקט מיט דאָרף און סאָסנע־וועלדער. מען האָט זיי גערופן אָרעלעס, מיסתמא פון וואָרט ערל. זייער אַרבעט איז געווען שטופן די פליטן האָלץ מיט לאַנגע שטעקנס.

פעטע גרויסע דייטשן אין גאַליפע־הויזן מיט געלע שטיוועלעך, היט מיט לאַנגע פעדערן, זיינען געזעסן גאַנצע טעג אין שענק און געטרונקען ביר און געכאָרכלט אויף זייער שפּראַך. אַלע יידן זיינען געוואָרן קענער אין דייטש.

יידן פון דער גרויסער שטאָט מיט האַרטע קאַפּעליושן, געשאָרענע בערד־לעך, זיינען ארומגעלאָפן און זיך געקאָכט. חסידישע יידן, האָלץ־הענדלער, מיט חסידישע היטעלעך, מיט דיינקעס און לאַנגע קאַפּאָטעס, ,די פּיאות פאַרשאַרט אונטער די אויערן, מיט שירעמס. ארום זיי האָבן זיך ארומגעדרייט אַ כאַפּטע יידן — מעקלערס, בוכהאַלטערס, שרייבערס, וועלכע זיי האָבן מיט זיך מיטגע־

נומען — און סתם יידן, וועלכע זיינען געקומען זיך ארומדרייען, כאַפּן אַ פּאַר־דינסטל.

אין די טעג האָבן ווייבער פאַרלאָזן זייערע פאַמיליעס, די קינדער, די קיך, פאַרשמייעטע, צעפּראַלטע זיינען זיי געווען פאַרנומען און פאַרטאָן מיט די געסט. מאַנסבילן האָבן פאַרלאָזן די בתי־מדרשים, גיך אָפּגעכאַפּט דעם דאַווגען און געלאָפן אין די קרעמלעך, וואַרשטאַטן. ווייבער און קינדער האָבן געהאָלפן. די אָרעלעס זיינען געשלאָפן אין די הויפן, אין די גאַסן און אין די בודקעלעך אויף די פליטן האָלץ אויפן טייך. און ווי וווּנדערבאַר עס האָט אויסגעזען דער טייך אין יענע נעכט, עפּעס ווי אַן אַנדער וועלט, מיט די פייערלעך, וואָס האָבן געברענט אויף די פליטן האָלץ און זיך אָפּגעשפּיגלט אין טייך ווי די שטערן אין הימל. אויבן אַ הימל, אונטן אַ הימל.

פון דער ווייטן האָט אָפּגעקלונגען דאָס געזאַנג פון די אָרעלעס, סאָלדאַטס־קע לידער וואָס זיי האָבן געזונגען אין אַ כאָר. ליבע־לידער און פאַרבענקטע מעלאָדיעס פון זייערע היימישע פעלדער און וועלדער, וואָס זיינען אזוי ווייט.

דער טייך, וואָס מען האָט אזוי גוט געקענט און איז געווען אזוי נאָענט צו יעדערן אין שטעטל, איז געוואָרן אין די נעכט אזוי פרעמד און סודותדיק.

סוחרים, מעקלערס, וועלכע זיינען געקומען פון דער פרעמד האָבן יידן אריינגענומען צו זיך אין די הייזער. יעדע הויז איז געוואָרן אַן אכסניה. אלע האָבן געוואָלט כאַפּן אַן עקסטרא פאַרדינסטל, האָט מען אָפּגעטראָטן די הייזער און געוווינט אין די קיכן, אין די שייערן. ווייבער, וועלכע וואָלטן געוויינטלעך אַזעלכע געסט מיט געשאָרענע בערדלעך אין שטוב ניט אריינגעלאָזן, האָבן גע־קאָכט פאַר זיי און זיי באַדינט אין די טעג. זיינען נייע פּרנסות צוגעקומען אין שטעטל.

ווייבער, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין אָרט אין שטוב אריינצונעמען געסט האָבן געבאַקן בייגל, האָניק־לעקעך און צוקערלעך. ס׳איז געווען אַ שפע פון פּרנסה פאַר אַלעמען.

יעדער טאָג פלעגן זיך בייטן די אָרעלעס. זיי זיינען אַוועק מיט די פליטן, און אַנדערע זיינען געקומען אויף זייער אָרט. אָבער די סוחרים מיט זייערע מענטשן זיינען געבליבן ביז איבערן סעזאָן. אין די מאָנאַטן האָט דאָס שטעטל איבערגעביטן זיין פּנים, פאַרלאָרן זיין יידישן געשטאַלט, ווי אַן אייביקער יאַ־ריד. די שיכורים און די ריחות פון די אָרעלעס האָבן ארויסגעטריבן די יידיש־קייט פון שטעטל.

און מען האָט געדאַנקט גאָט, ווען דער סעזאָן איז אַריבער. פאַרשמייעטע, ניט אויסגעשלאָפענע און אפילו אויסגעהונגערט האָבן זיך די ווייבער גענומען

אויפראַמען די הייזער, ארויסיאָגן דעם פרעמדן ריח, עפּעס ווי מען יאָגט אַ שרץ, ווי ערב פּסח דעם חמץ. זיי האָבן געפילט ווי זיי קומען צוריק צו זיך אהיים פון דער פרעמד, ווו מען איז געווען אוועק אַ לאַנגע צייט. און ווי ליב עס איז געוואָרן די אייגענע זיסע, ליבע היים און ווי וואַרעם, ווי אָרעם זי איז ניט געווען.

* * *

איין טאָג אין יאָר איז געווען ווען ניט נאָר די גויים האָבן פאַרנומען דאָס שטעטל, נאָר דער קלויסטער האָט ארויפגעלייגט זיין הייליקע און שווערע האַנט אויף דעם שטעטל און אָנגעוואָרפן א פּחד אויף די יידן. דאָס איז געווען אין פרילינג, פאַר שבועות. אַלץ ארום האָט אויפגעלעבט נאָכן לאַנגן ווינטער. פעלדער, גערטנער און סעדער האָבן געבליט און געגרינט. אלץ ארום האָט געשמעקט מיט פרילינג און פרישקייט.

דער פאַרפראָרענער טייך האָט אָנגעהויבן לעבן מיט זומער. ס׳איז געקומען אַ קלויסטער־יום־טוב, וואָס מען האָט גערופן גרין־דאָנערשטאָג. פויערים אין די טויזנטער פון ארום שטעטל זיינען געקומען אין שטעטל צו דעם יום־טוב. דער גרויסער הויפישער פּלאַץ נעבן קלויסטער איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. אין דעם טאָג האָט דער בישאָף, וועלכער איז ספּעציעל געקומען צו דעם יום־טוב, געגעבן אַ דרשה אין קלויסטער און דערציילט וועגן די גרויסע זינד, וואָס די פאַרשאָלטענע יידן זיינען באַגאַנגען קעגן דעם הייליקן יעזוס, אים געקרייציקט און פאַרגאָסן זיין בלוט, און אז די קללה פון גאָט רוט אויף זיי, אין יעדן פון זיי שטעקט דער שטן. דער עולם האָט עס אויסגעהאָרכט מיט פרומע פּנימער און אַ הייליקע שינאה האָט זיך צעפלאַקערט אין זייערע הערצער און געברענט צו די יידן — די יידן, וועלכע זיי האָבן אזוי גוט געקענט. די יאַשעקס מיט די מאַשקעס, מיט זיי געהאַנדלט, געקענט זייערע טאַטעס און קינדער, געלעבט מיט זיי צוזאַמען, זיינען אין דעם טאָג געוואָרן פרעמד און זייערע שונאים. זיי זיינען די קינדער פון שטן, וואָס מען דאַרף זיך פון זיי דערווייטערן און אויסראָטן.

נאָך דער צערעמאָניע אין קלויסטער איז דער בישאָף מיט די גלחים, אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען, ווי די יידן טראָגן יום־כיפור, יעדערער מיט אַ גרויסן צלם אין איין האַנט און אַ געבעט־בוך אין דער צווייטער האַנט, געגאַנגען מיט אַ פּראָצעסיע איבער די יידישע גאַסן. נאָך זיי זיינען נאָכגעגאַנגען דאָרפישע מיידלעך אויסגעפּוצט יום־טובדיק מיט גרינע בלעטער־צווייגן אין די הענט און אין אַ גרויסן כאָר געזונגען הייליקע תפילות און קאַפּיטלעך תהילים — אונדזער תהילים.

טויזנטער פויערים האָבן אָנגעפילט די גאַסן גייענדיק נאָך זיי מיט בלויזע קעפּ פאַרביי די יידישע הייזער און בתי־מדרשים. זיי האָבן געקוקט מיט הייליקער שינאה און פול מיט נקמה אויף די יידישע הייזער און בתי־מדרשים, וואָס זיינען אָנגעפילט מיט זינד — אַזוי האָט געזאָגט דער בישאָף. יידן האָבן זיך פאַרמאַכט אין די הייזער. די בתי־מדרשים זיינען געװען ליידיק פון מענטשן, זיי זיינען געלעגן אין פּחד פאַר די צערייצטע מאַסן, וואָס קענען צעטרעטן ווי אַ מאַסע װילדע חיות די יידישע הייזער צוזאַמען מיט די יידן. יידן זיינען געלעגן אין די הייזער און אין די קעלערס און אויך געזאָגט תהילים, דעם זעלבן תהילים, וואָס די גלחים האָבן געזונגען מיט דער פּראָצעסיע.

און ווי פאַרשיידן עס איז געװען דאָס תהילים זאָגן. יידן האָבן געבעטן גאָט רחמים, ער זאָל אויף זיי רחמנות האָבן און זיי אויסהיטן פון דעם צאָרן פון די צערייצטע גוים קעגן וועמען זיי האָבן מיט קיין איין זאַך ניט געזינדיקט. און די גלחים האָבן געבעטן פאַר דער אויסראָטונג פון די שונאים פון גאָט.

און אַז דער טאָג איז אַריבער בשלום, האָבן יידן ווידער געזאָגט תהילים און געדאַנקט גאָט. אָבער די שינאה, וואָס די גלחים האָבן פאַרפלאַנצט אין דעם טאָג האָט געגעבן פרוכט מער ווי זיי האָבן זיך געריכט. ניט נאָר האָבן זייערע קינדער צעטראָטן און חרוב געמאַכט די יידישע הייזער אין דעם שטעטל צוזאַמען מיט די יידן, זיי האָבן אויסגעראָטן פון דעם שטעטל יעדן אָנדענק, וואָס דורות יידן האָבן מיט ליבשאַפט געבויט און געשאַפן. פרייט זיך אין אייערע קברים, איר האָט געטאָן די אַרבעט פון רציחה, אין נאָמען פון גאָט, מיט דער גרעסטער האַרטקייט. ס׳איז ניט געבליבן קיין זכר פון די פאַרשאָלטענע יידן.

## שבתים און יום־טובים אין שטעטל

גאָט האָט געגעבן זיינע יידן אַ טייערע מתנה, און איר נאָמען איז שבת. אַזוי זאָגט חז״ל. און קיינער האָט זיך ניט געפרייט מיט דער טייערער מתנה מער ווי מיינע שטעטלשע יידן, יעדערער נאָך זיין מדרגה. אַלע האָבן זיך געפילט דערהויבן אין דעם טאָג. מען האָט געלעבט מיטן שבת אַ גאַנצע וואָך. אַ האַלבע וואָך האָט מען זיך געגרייט צום שבת, און אַ האַלבע וואָך איז נאָך געלעגן דער טעם פון שבת אין מויל.

פאַר צוויי זאַכן האָבן זיך יידן פאַרמשכונט, צו באַצאָלן שכר־לימוד פאַר די קינדער, און צו מאַכן אַ יידישן שבת און יום־טוב.

שוין דאָנערשטיק האָבן מאַמעס גענומען אַריינברענגען דעם שבת אין

שטוב. באַקן, קאָכן, רייניקן די שטוב און דער ריח פון די שבתדיקע מאכלים האָט שוין אָנגעהויבן שמעקן אין שטוב. פרייטיק פרי האָבן די שטעטלשע בעלי־עגלות געבראַכט פולע פורן מיט יידן צוריק אַהיים אויף שבת, די וואָס זיינען צוליב זייערע געשעפטן געווען אַוועק פון דער היים, צו זיין צוזאַמען מיט זייערע ווייבער און קינדער אויף שבת. מען האָט זיך געגרייט צום שבת ווי עפּעס צו אַ חתונה: טאַטעס מיט קינדער זיינען געגאַנגען אין מרחץ מיט אַ שעפּעלע און אַ בעזעמל און ריינע וועש לכבוד שבת. אַוועק די דאגות און צרות און די וואָכעדיקייט. דער הייליקער שבת קומט אָן.

מאַמעס האָבן געצוואָגן, געוואַשן די קינדער און זיך געאיילט, דער שבת איז שוין ביי דער טיר און מען איז נאָך ניט פאַרטיק.

* * *

איידער די זון גייט אונטער באַוויזט זיך ר׳ זלמנקע דער חסיד און מקובל. אַ פּיצל יידעלע מיט א דאַר גופעלע ווי אַ קינד, אַן אויסגערייניקטער פון מרחץ און מיקווה, אין זיין זיידענע זשופּעצע און שטריימעלע. ער איילט זיך צו גיין הינטערן שטאָט מקבל צו זיין די שבת מלכתא. הינטערן שטאָט צווישן פעל־דער אוןביימער קומט דער שבת אָן פריער. דאָרט איז מען ניט פאַרנומען מיט קיין גשמיות, מיט געשעפטן. פונקט ווי יצחק איז ארויסגעגאַנגען באַגע־גענען זיין כלה רבקה הינטערן שטאָט.

ר׳ זלמנקע איז געווען אַ באַוווסטער חסיד, וואָס האָט זיך עוסק געווען מיט קבלה און רזין דרזין. ימים נוראים האָבן זיך חסידים צוזאַמענגעלייגט צו שיקן ר׳ זלמנקען צום רבין. ר׳ זלמנקע פלעגט קומען צוריק פון רבין אָנגעזאַפּט מיט קדושה, מיט תורה און ניגונים מיט וואָס די חסידים אין שטיבל האָבן געלעבט אַ גאַנץ יאָר. ר׳ זלמנקע איז ניט געווען קיין מנגן, אָבער ער האָט זייער ליב געהאַט דעם ניגון „עבדו את ה׳ בשמחה“. און זלמנקע האָט געדינט דעם רבש״ע מיט שימחה.

ר׳ זלמנקע האָט געוואָלט מקבל זיין דעם שבת ביחידות, ווי עס פּאַסט פאַר אַ חתן. ער פלעגט זאָגן אז ער זינגט אין וואַלד לכה דודי, פילט ער ווי די ביימער און פעלדער זינגען מיט אים צוזאַמען און פרייען זיך אויף מיטן שבת.

קלמן דער שולרופער איז ארויסגעגאַנגען אין די גאַסן און גערופן יידן אין שול אריין. ס׳איז געוואָרן אַן איילעניש. קרעמער האָבן גענומען ארויסיאָגן די פאַרשפּעטיקטע קונים פון די קראָמען, מען האָט אָנגעהויבן פאַרקלאַפּן די טירן. ס׳איז שוין שבת, מען דאַרף גיין אין שול אריין. און יידן מיט זייערע

קינדער, אויסגעפּוצטע, מיט ליכטיקע פּנימער, זיינען געגאַנגען אין די בתי־מדרשים.

אין בית־מדרש זיינען געווען אָנגעצונדן אַלע לאָמפּן און הענגלייכטער, אַלע האָבן מיטגעזונגען מיטן חזן לכה דודי, אויפן האַרצן איז געווען פריילעך. יידן האָבן געשיינט מיט דער הייליקייט פון שבת. אנדערע האָבן זוכה געווען צו האָבן אַן אורח אויף שבת.

אין די שטיבער, ווי אין די בתי־מדרשים, האָבן געברענט אַלע לאָמפּן, אויפגעראַמט. טישן זיינען געווען געגרייט, באַדעקט מיט ווייסע טישטעכער, די שבתדיקע לייכטער מיט די ליכט, וואָס מאַמעס האָבן געבענטשט זיינען גע־שטאַנען אין מיטן טיש. צוויי ווייסע חלות און ווייַן מיטן קידוש־בעכער האָבן באַפּוצט דעם טיש.

די שטוב האָט געשמעקט מיט די ריחות פון די שבתדיקע מאכלים. דער טאַטע איז אריין אין שטוב מיטן ברייטן גוט־שבת, פאַרלייגט די הענט אויף הינטן, האָט ער ברייטלעך אָנגעהויבן שפּרייזן איבערן צימער זינגענדיק פריי־לעך „אשת חיל מי ימצא״. קיין סימן פון די וואָכעדיקע דאגות און צעבראָכנ־קייט. אים פעלט קיין זאַך ניט אויף דער וועלט, ס׳איז שבת־קודש.

די מאַמע פון שטוב, וואָס אַ גאַנצע וואָך איז זי געווען פאַרצאַרגט פון דעם שווערן לעבן, פאַרשמירט מיט אַלערליי פאַרבן און די ריחות פון די סחורות וואָס זי האָט פאַרקויפט אין קרעמל, זיצט אין אַ ווינקל צניעותדיק, אַן אויסגע־וואַשענע, אַן אויסגעפּוצטע אין די שבתדיקע קליידער, מיטן פאַרקאַמטן שייטל, מיט אַ סידור אין האַנט, און שעפּטשעט די לעצטע שורות פון מעריב. מיט שיינענדיקע אויגן קוקט זי אויף איר קידוש־מאַכער און איר הויזגעזינט.

אפילו אַ ווייב, וואָס די גאַנצע וואָך טראָגט זי די הויזן, אַ פאַרדינערקע, און פון מאַטערניש און זאָרג לאָזט זי אויס איר כעס צום מאַן דעם שלימזל, איז זי פרייטיק צונאַכט אַ שטילע טויב, און דער מאַן איז דער בעל־הבית, דער קידוש־מאַכער. מען דערלאַנגט די שבתדיקע מאכלים און דער טאַטע צעזינגט זיך זמירות, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין טאַטן און זיידן. די קינדער העלפן. יעדע הויז איז אַ מלוכה פאַר זיך.

* * *

נאָכן עסן זיינען דער טאַטע מיט די קינדער געגאַנגען צוריק אין בית־המדרש. אַלע טישן זיינען געווען באַזעצט. ווער עס האָט געלערנט, ווער עס האָט מעביר סדרה געווען, און פאַרהערט די קינדער וואָס זיי האָבן געלערנט פאַר דער וואָך.

שבת פרי האָט יעדערער געדאַוונט אין זיין קלויז. אין גרויסן בית־מדרש, ווו עס האָט געדאַוונט דער רב מיט די חשובע בעלי־בתים צום צווייטן מנין, האָט זייער אָפּט געטראָפן, אז עס האָט זיך ארייננגעמישט דער שטן: דער פּאַר־קאָן פון בית־עולם איז צעבראָכן, איז מען מעכב הקריאה; איין ייד האָט באַ־וועלט א צווייטן, וויל ער אז קהל זאָל זיך פאַר אים אָננעמען, לאָזט ער ניט לייענען. און אַלץ אין גרויסן בית־מדרש, ווו עס דאַוונען די דעה־זאָגער.

שמואל דער פּאַכטער, דער אַלטער נאַר, זיצט אויף די טרעפּלעך פון ארון־קודש, ווייס מען, אז ער גייט ניט לאָזן לייענען. וואָס איז? די שנור די מרשעת האָט צוגענומען ביי אים זיין פאַרמעגן און אים ארויסגעטריבן פון הויז. זי האָט אים ארייננגענומען אין שטוב, אים געקאָכט יאַיכעלעך, אים געגעבן מאַלי־נע־סאָק צו טיי, און אים גערופן שווער־לעבן, אים איינגערעדט ער זאָל זיי איי־בערשרייבן זיין שטוב און דעם גאַנצן פאַרמעגן, און כל־זמן ער לעבט אים צו־געזאָגט דאָס טעלערל פון הימל. און ער, דער אַלטער נאַר, האָט זיך געלאָזט איינריידן. און ווי נאָר ער האָט זיי איבערגעשריבן, האָט זי אים ארויסגעיאָגט פון שטוב, און דער זון דער גולם האָלט מיט איר. זאָל קהל ניט שווייגן און זיך אָננעמען פאַר אים.

שאַרן זיך די יונגע־לייט און די פּשוטע יידן ארויס פון בית־מדרש, זאָלן די רעדל־פירער, דער מיזרח, עפּעס טאָן, זיי האָבן דאָך די דעה. שרייט מען, קאָכט מען זיך, אַ מיצווה אויף אים. די גמרא זאָגט, אז מען דאַרף ניט אָפּשרייבן דעם פאַרמעגן צו קינדער, כל זמן מען לעבט. וואָס איז אונדזער שולד? ווערט אַ געשריי: טאַקע אַ נאַר, אָבער ווו איז דער יושר? מיר זיינען דאָך יידן, ס׳איז ניט קיין הפקר־וועלט. האָט מען באַשלאָסן אָנצונעמען מיטלען, מען וועט דעם זון מתרה זיין, אויב ער וועט ניט האַלטן דעם טאַטן ערלעך, ווי אַ יידישער זון דאַרף טאָן על־פּי דין, וועט מען אים ניט מצרף זיין צום מנין, מען וועט זיך ניט מישן מיט זיינע כלים און מען וועט אים מקבר זיין הינטערן פאַרקאָן, ווען ער וועט שטאַרבן. קהל האָט ב״ה בייטשן.

דערווייל איז געוואָרן שפּעט, און ווען בעלי־בתים זיינען געקומען אהיים, האָבן די ווייבער געהאַט צו זיי טענות, מיט אַ קאַלטן טשאָלנט, און ס׳איז געווען אַ פאַרשטערטער שבת.

מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט געטראָפן עפּעס ערגערס, דער עירוב האָט זיך צעריסן אין שטעטל און יאַשעק דער שבת־גוי איז געלעגן שיכור אין רינשטאָק. האָט מען ניט געטאָרט טראָגן אום שבת, האָבן נעבעך די בעלי־בתים געמוזט גיין צום בעקער עסן דעם טשאָלנט. איז אויך געווען אַ פאַרשטערטער שבת. פיינע בעלי־בתים האָבן נעבעך געמוזט עסן דעם טשאָלנט ביי אַ וואָכע־

דיקן טיש, צוזאַמענגערוקט, עפּעס ווי יינגלעך, און איינער האָט אריינגעקוקט אין צווייטנס טעלער, ווי מען וואָלט געגעסן אויף דער גאַס. זיי האָבן זיך געוואָרגן מיט יעדן ביסן פון טשאָלנט, דער טשאָלנט, וואָס מען וואַרט אויף דעם אַ גאַנ־צע וואָך, אים קוים אָפּגעפּטרט.

* * *

שלש־סעודות. מיטן אומעטיקן ניגון פון אתה אחד צו מינחה הייבט מען אָן זיך געזעגענען מיטן שבת. די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון די שבתדיקע געפילטע פיש שמעקן שוין מיט וואָכעדיקייט, ס׳האָט ניט דעם טעם פון שבת. די זון גייט אונטער און דער בית־מדרש ווערט פינצטערלעך. די שטיקלעך יאָרצייט־ליכט פון נעכטן גייען שוין אויס, עס רויכערט נאָך אַ לאָמפּ לעבן ארון־קודש, מען קען ניט זען ווי צו לערנען, זאָגט מען תהילים, וואָס מען געדענקט אויסווייניק.

פּשוטע יידן בעלי־מלאכות, וועלכע שטייען אַ גאַנצע וואָך אונטערן בימה, פאַרכאַפּן די מיזרח־וואַנט לעבן ארון־קודש. דעם רב, וואָס איז אַ גאַנצע וואָך פאַרנומען מיט תורה און מיט לומדישע יידן, נעמען זיי אריין אין מיטן. שבת־פאַרנאַכט איז ער זייערער — אַ תהילים־ייד, ער זאָגט תהילים מיט זיי. וואַרעמען זיי זיך מיט זיין תורה, און דער רב טוליעט זיך מיט ליבשאַפט צו די האַרציקע, ערלעכע, פּשוטע יידן. זיי זינגען צוזאַמען מיט פאַרבענקטע ניגונים די קאַפּיטלעך תהילים „כאיל תערג על אפיקי מים״, ווי אַ אינדין גלוסט נאָך וואַסער אין דעם מידבר, אזוי גלוסט איך נאָך דיר, גאָט. דער שבת גייט אוועק, צוריק אין גיהנום פון דער וואָכעדיקייט, מיט די דאגות און מאַטערנישן. גאָט! ווען וועט שוין קומען דעם יום שכולו שבת? אז עס זאָל זיין אַן אייביקער שבת אויף דער וועלט?

# אַן אורח אין סוכה

אונדזער שטעטל האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט ארום מיט זיינע גרויסע בעלי־צדקה און גוטהאַרציקע יידן. עס איז שטאַרק מפורסם געווען מיט זיין פריינדלעכן הכנסת־אורחים און זיינע יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער דאָזיקער מיצווה. דעריבער איז דאָס שטעטל טאַקע אַלע מאָל פול געווען מיט רבנים, משולחים, מגידים און סתם פיינע יידן, וואָס זיינען געקומען קלייבן פאַר הכנסת־כלה, פאַר נישרפים און אַנדערע יידישע נויטן. עס האָבן אויך ניט געפעלט פּראָסטע אָרעמע־לייט, וואָס זייער עובדה איז גע־ווען בלויז דאָס ארומגיין איבער די הייזער. אָבער שטעטל האָט שוין ווי ניט איז געזאָרגט, אז קיין איינער פון די אַלע אורחים זאָל ניט אַוועק מיט ליידי־קע הענט, שוין אָפּגערעדט פון בלייבן הונגעריק, חלילה.

יעדער בעל־הבית האָט געפילט אויף זיך דעם חוב צו נעמען אַן אורח אהיים, זיך טיילן מיט אים מיט זיין מאָלצייט. און יעדער ייד האָט אויסגעקליבן אַן אורח לויט זיין שטאַנד, לויט זיינע מעגלעכקייטן. רייכערע בעלי־בתים האָבן גענומען מגידים, משולחים און אַנדערע פון דעם בעסערן קלאַס אורחים מכובדים, און עמך־יידן האָבן גענומען פון זייער סאָרט מענטשן, וואָס אין זיי איז קיין דוחק ניט געווען. יידן זיינען שוין איינגעוווינט געווען, אז שבת און יום־טוב זאָל זיין אַן אורח ביים טיש, ווי גרויס די פאַמיליע איז ניט געווען. אַנדערש איז עס געווען אַ ליידיקער טיש, אָן יום־טובדיקער שטימונג, בפרט אין די יום־טוב־טעג פון פסח און סוכות. פסח האָט געמוזט זיין אַן אורח מקיים צו זיין דעם „כל דיכפין״, און סוכות — ווייל מ׳איז דאָך אליין אַן אורח אין סוכה...

האָט אָבער געטראָפן אין ערב סוכות — ס׳האָט גערעגנט און געגאָסן ווי מיט עמערס. אזא תשרי איז שוין יאָרן ניט געווען. זיינען די וועגן שלעכט גע־וואָרן, בלאָטעס ביז צום האַלדז און אין יוצא ואין בא. און דאָ איז שוין דער הייליקער יום־טוב אויף דער שוועל.

אין שטעטל איז קיין אורח אויף אַ רפואה ניט געווען. יום־טוב פאַרנאַכט האָבן שוין אַלע בליצלאָמפּן און הענגלייכטער ליכטיק געברענט אין בית־מדרש. יידן, אויסגעפּאַרעטע פון מרחץ און אָנגעטאָן אין זייערע יום־טובדיקע מלבושים, האָבן שוין געפילט אז ס׳וועט זיין אַ פאַרשעמטע סוכה, אַ ליידיקער טיש, אָן אַן אורח.

מער פון אַלע יידן האָט זיך אָבער מצער געווען מיין פאָטער, דער רב פון שטעטל. אלע מאָל, אפילו אין וואָכעדיקע טעג, איז אונדזער שטוב געווען פול מיט אורחים, און דאָ, אין סאַמע הייליקן יום־טוב סוכות איז גאָר באַשערט בלייבן אָן אַן אורח. נו, מיסתמא איז עס דער רצון הבורא.

יידן האָבן זיך צוגעווונטשן נאָכן דאַווענען גוט יום־טוב און אַ גוט־יאָר און מען האָט זיך געשלעפּט דורך די בלאָטיקע געסלעך אהיים, צו זיך אין סוכה. אָבער די אמתע שמחת יום־טוב איז פאָרט ניט געווען, אַ יום־טובדיקער טיש אָן אַן אורח.

מיין פאָטער האָט, ווי זיין מנהג איז געווען, פאַרלאָזן דעם בית־מדרש דער סאַמע לעצטער. און דאָ האָט עפּעס אויסטערליש פּאַסירט: קומענדיק נאָענט צו דער טיר, האָט ער דערזען אַ ברייט־ביינערדיקן יונגן חברהמאַן, ווי ער וואָלט שטיין און וואַרטן אויף עפּעס, צי טאַקע אויף אים, דעם רב אליין. זיין אויסזען איז געווען מער גוי ווי ייד: אויף דער גרויסער צעפּאַטלטער גריווע האָט ער געטראָגן אַ קליין היטעלע מיט אַ גויישן קאָזירעק; אַ פּויעריש כאַלאַטל און די הויזן אריינגערוקט אין אַ פּאָר אויסגעפּאַסטע בלאַנקע שטיוועלעך.

אז מיין פאָטער האָט דערזען דעם דאָזיקן פאַרשוין איז ער גלייך צו אים צוגעגאַנגען און אים אָפּגעשטעקט אַ ברייטן שלום־עליכם:

„שלום־עליכם, ר׳ ייד! איר זייט דאָ מיסתמא אַ פרעמדער? אַן אורח אוודאי?“

דער יונג ענטפערט עפּעס אין אַ מאָדנעם לשון, וואָס פון אַלע ווערטער קען מען פאַרשטיין: „יאָ, אַן אורח“.

„וועל איך אייך נעמען צו אונדז אין סוכה און איר וועט זיין אונדזער אורח“.

„אוודאי!“ גיט דער אורח לעבעדיק אַ רוף אויס.

מיין פאָטער איז געווען זיכער, אז דאָס האָט דער רבונו־של־עולם געטאָן מיט אים אַ חסד, כמעט אַ נס. און גייענדיק אזוי איז מיין פאָטער פאַרקלערט, עס קומט אים פאָר אז ס׳איז דאָך ווי ביי אברהם אבינו, ווען ער, ברוך־הוא, האָט אים צוגעשיקט די מלאכים...

ווער ווייס, אפשר איז דער אורח אויך אַ פאַרשטעלטער צדיק? דער רבונו־

של־עולם האָט געוואָלט מיר זאָלן האָבן אַ פריילעכן סוכות, און ער האָט גע־דאַנקט גאָט פאַרן צושיקן אים דעם אורח.

אין סוכה איז מיין פאָטער אַריינגעגאַנגען אַן אויפגעמונטערטער און זיין פּנים האָט געלויכטן. דער „גוט יום־טוב" איז געווען אַ פריילעכער. אַז ער האָט באַזעצט לעבן זיך דעם גאַסט, האָט ער אים שטיל אַ פרעג געטאָן:

„ווי רופט מען איך?"

„יאָשקע כוואַט"! איז געקומען אַ לוסטיקער ענטפער.

„גוט, ר' יוסף, מירן מאַכן קידוש".

דער פאָטער האָט געמאַכט דעם יום־טובדיקן קידוש און ווי דער מינהג איז: געגעבן יעדערן פון קידוש־וויין. היינטיקס מאָל האָט ער דעם בעכער צוערשט דערלאַנגט דעם אורח:

„ר' יוסף, זייט זיך מכבד".

יאָשקע האָט אַ פּנים קיין חכמות ניט געוווסט, האָט ער אַ נעם געטאָן דעם בעכער, ארויפגעלייגט די לינקע האַנט אויף זיין פליישיקן נאַקן, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, און מיט איין שלוק האָט ער אַריינגעוואָרפן דעם גאַנצן בעכער וויין אין גאָרגל אריין.

מיר קינדער האָבן זיך קוים געקענט איינהאַלטן פון געלעכטער, אָבער דעם פאָטערס שטרענגער בליק האָט אונדז געצוימט און מיר האָבן פאַרשטיקט אין זיך דאָס לאַכן. און דער פאָטער טוט ליבלעך אַ זאָג צום אורח:

„ר' יוסף, קומט זיך וואַשן".

מען גייט זיך וואַשן און מיר זעצן זיך ווידער צום טיש. דער פאָטער מאַכט אַ ברכה אויף די צוויי ווייסע קיטקעס, שניידט אָפּ אַ גרויסע „המוציא" און דערלאַנגט צוערשט דעם אורח. איידער וואָס־ווען האָט דער אורח שוין אריינ־געשלונגען די שטיק חלה. מען דערלאַנגט די פיש און דער פאָטער רוקט דעם אורח אונטער איין שטיקל פיש, אַ צווייטע און שטיקער חלה און דער אורח פאַרשלינגט עס אַלץ כהרף־עין.

זיצט דער פאָטער און טראַכט אַ צופרידענער וועגן אברהם אבינו און די מלאכים. דאָרט טאַקע האָט עס אויך אַזוי פּאַסירט: אויף דעם ו י א כ ל ו מאַכט דאָרט רש"י, אַז אברהמס אורחים האָבן זיך נאָר געמאַכט עסנדיק, אין דער אמתן איז עס פאַרברענט געוואָרן...

ביי אונדזער אורח ווערט אויך אַלץ פאַרברענט. זעט מען דאָך באַשיימ־פערלעך, אַז דאָס איז ניט עפּעס סתם אַן אורח.

דער פאָטער גיסט אָן אַ גלעזל בראָנפן לכבוד יום־טוב פאַר דעם אורח. ער דערלאַנגט אים דאָס גלעזעלע און זאָגט צו אים:

„לכבוד יום־טוב איז אַ מיצווה, ר׳ יוסף. לחיים!“

יאָשקע נעמט דאָס גלעזל און טוט דאָס זעלבע ווי מיטן ווײַן פריער — ער קערט עס אַרײַן מיט אײן שלוק. און ווי דער שטײגער איז הײבן מיר אָן זינגען די יום־טובדיקע זמירות, די זמירות פון סוכות: האדרת והאמונה, וכל מאמינים, ברוך אלוהינו א״א אזעלכע ניגונים, אָבער דער אורח האַלט ניט מיט, ער זיצט און וואַרט מען זאָל דערלאַנגען די אכילה.

אונדזערע זמירות האָבן געהאַט אַ שם אין שטעטל און מיר האָבן עס געזונגען מיט עקסטאַז. אָבער דער פּאָטער פילט זיך אַ ביסל אומבאַקוועם צוליב דעם אורח און ווי ער וואָלט אים וועלן מקרב זײַן, טוט ער אים אַ פרעג:

„ר׳ יוסף, אפשר קענט איר וועלכע ניט איז זמירות? עפּעס א ניגון?“

„אוודאי, רבי, איך בין דאָך אויך אַ ײדליק“. לויט דעם דאָזיקן ענטפער איז קענטיק געווען, אַז ער שטאַמט פון בעסאַראַביע, אַזוי ריידן די ײדן דאָרט.

„אדרבא, זינגט אונדז עפּעס לכבוד יום־טוב“, בעט אים מײַן פּאָטער.

גיט זיך יאָשקע אַ שטעל אויף, רוקט אַרײַן בײדע קולאַקעס אין די באַקעס, שטעלט אַרויס דעם רעכטן פוס פאָרויס, פאַרקאַשערט דאָס היטל אַרויפצו צום נאַקן, און צעזינגט זיך, צוקלאַפּנדיק מיטן אַנדערן פוס:

פאַניע, פאַניע גאאאנעוו (גנב),
פאַניע, פאַניע ג־א־אנעוו
פאַניע, פאַניע גא־א־נעוו,
איינס, צוויי, דריי.
איר קערט דאָך מײנען
אַז פאַניע איז אַ לאַט —
הייכע אָפּצאַסן, ס׳היטל אויף אַ זאַט,
פאַניע, פאַניע, אא״וו.

מיר קינדער האָבן זיך שוין מער ניט געקענט אײנהאַלטן פון געלעכטער: ביי אונדז אין סוכה זאָל מען זינגען אַזעלכע „זמירות“. אָבער דער פּאָטער האָט אונדז מיט זײַן קוק אָפּגעהאַלטן, כדי ניט מבייש צו זײַן אַ ײדן — און ווער ווייס נאָך וואָס פאַר אַ ײד דאָס איז?! רופט זיך אָפּ דער פּאָטער צו אונדז:

„נו, קינדער, ס׳איז דאָך א שיינער ניגון, לאָמיר אים אַלע זינגען“.

און מיר אַלע האָבן אָנגעהויבן ציען דעם ניגון פון פאַניע גנב. דער אורח, זעענדיק אַז זײַן ניגון האָט אויסגענומען אפילו ביים רבין, איז שוין ממש אַרויס פון די כלים.

„דאַוואַי, כלאָפּצי!‟ האָט ער דערלאַנגט אַ געשריי צו אונדז אַלעמען און האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט נאָך שטאַרקערע טענער און טופּן מיט די שטיוועלעך — ער איז אריין אין דער ראָל פון אַ דיריגענט און אָנגעפירט מיט פּאָניע גנב...

און יאָרן שפּעטער פלעגן מיר, קינדער, ביי אונדז אין סוכה שטיפעריש און אין אַ יום־טובדיקער שטימונג זינגען „פּאָניע גנב‟. דער טאַטע פלעגט א צופרידענער צושמייכלען, ווי אײנער זאָגט: ווער ווייס, אפשר איז דאָס אויך געווען א נס — דער נס פון אַן אורח און זיין ניגון, וואָס עס איז כדאַי צו דערמאָנען...

# ישראל דער ווינמאַכער

דער פרייִלעכסטער ייד אין שטעטל, וואָס איז געווען פול מיט אמונה, בטחון און שמחה, און הנאה געהאַט פון זיין לעבן, איז געווען ישראל דער ווינמאַכער. אַן אויסגעצערטער, דינער ייד, אַ רירעווידיקער, אַ לעבעדיקער, וואָס האָט זיך אַלע מאָל געאיילט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט ער זאָל עפּעס ניט פאַרשפּעטיקן. מיט אַ פיינע בלאָנדע באָרד און פּיאות, אַ פּאָר בלויע גרויסע אויגן, וואָס האָבן אַלע מאָל געשמייכלט. די אַלטע קאַפּאָטע זיינע האָט געשיינט פון אַלטקייט און ריינקייט. און כאָטש ער איז געווען אַ שטיקל בעל־יסורים, געליטן פון אַלערליי קראַנקייטן, און געהאַט אַ שטוב מיט הונגעריקע קינדער, אַ ווייב אַ פאַרביטערטע, וואָס האָט געהאַט טענות צו אים, און געקלאָגט אויף איר ביטערן מזל, אַז עס פעלט אָפט אויס אַ שטיקל ברויט אין שטוב, און די קינדער גייען אוועק הונגעריק אין חדר, איז ער פון דעסטוועגן געווען צופרידן, געשמייכלט. ניט געהאַט קיין טענות צום רבונו־של־עולם, ווי עס וואָלט אים קיין זאַך ניט געפעלט אויף דער וועלט. וואָס? איך האָב אריינגעלייגט אַ חלק ביים רבונו־של־עולם? אַ ייד דאַרף זיין צופרידן וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אַ ייד און גאָט האָט אים געגעבן די תורה און מזכה געווען מיט מיצוות און מעשים טובים, וואָס קיין אומה ולשון האָט עס ניט.

ישראל האָט געהאַט זיין אייגענע פילאָסאָפיע, און ווען זעלדע, זיין ווייב, האָט געהאַט טענות צו אים, פאַר וואָס ער זעט עפּעס ניט צו פאַרדינען, האָט ער איר געענטפערט גוטמוטיק:

„נו, זעלדע, און אַז מען האָט ניט קיין צו פיל גשמיות, איז וואָס? מען קען דאָך ניט האָבן אַלץ אויף דער וועלט. דער רבונו־של־עולם האָט אונדז געבענטשט מיט געזונט און מיט גוטע קינדער, איז ניט קיין מאַרצעפּאַנעס. אַ ייד" — האָט ער געזאָגט — „איז לכתחילה באַשאַפן געוואָרן צו לעבן אַ לעבן פון רוחניות, גשמיות איז אַ גוייִשע זאַך, נאָר וואָס דען? ושמרתם את נפשותיכם איז דאָך אויך אַ מיצווה עשה דאורייתא, דאַרף מען עסן כדי מקיים צו זיין

די מיצווה, און האָבן כוח צו דינען דעם רבונו־של־עולם, לערנען, דאַוונען און זיך עוסק זיין אין יידישקייט, סיידן אַ סעודת־מיצווה. דערפאַר זאָגן אונד־זערע חכמים יאה עניותא לישראל. זעסטו, טרינקען איז עפּעס אַנדערש. ויין ישמח לבב אנוש, מתוך יין אתה בא לידי שמחה, מתוך שמחה אתה בא לידי אהבה ומתוך אהבה אתה בא לידי הכרת הבורא. דאַנק איך דעם רבונו־של־עולם וואָס ער האָט מיר ניט געמאַכט פאַר אַ בעקער אָדער א קצב, נאָר פאַר אַ ווייַנמאַכער", האָט ער איר געענטפערט מיט אַ שמייכל.

אָבער זעלדע האָט געהאַט איר פילאָסאָפיע און געזאָגט: „הלוואַי וואָלסטו געווען אַ בעקער אָדער א קצב, וואָלט געווען א שטיקל ברויט אין שטוב, אָדער אַ ביינדל אָפּצוגריזשענען. פון דיין תורה און פילאָסאָפיע און וויין־מאַכן גייען מיר ארום הונגעריק".

„נו, גיי טענה זיך אויס מיט אַ יידענע וועגן אזעלכע הויכע ענינים, אז ביי זיי איז דער עיקר דער מאָגן און גריזשענען ביינער. דעם אמת זאָגנדיק האָב איך אויך צער, ווען איך זע ווי די קינדער גייען ארום קרוע־בלוע און הונגע־ריק. אָבער וואָס טויג עצבות. נאָך פאַרשפּילן יענע וועלט אויך?"

אין שטעטל האָט מען געוווּסט פון זיין אָרעמקייט און געוואָלט אים העלפן, אָבער ער האָט זיך אַנטזאָגט צו נעמען צדקה: עס זיינען דאָ גרעסערע אָרעמע־לייט פאַר אונדז, און בילכערע. איך וויל זיי ניט מסיג גבול זיין און צונעמען זייער שטיקל ברויט.

* * *

שבת און יום־טוב איז נאָך ניט געווען אזא שמחהדיקער ייד. אויסגעוואַשן, ער און די קינדער — פון מרחץ, אין זיין אַטלעסענע שבתדיקע קאַפּאָטע מיט דאָס זיידענע היטל, האָט אראָפּגעשיינט פון אים דער עונג שבת. עס איז צו אים קיין גלייכן ניט געווען. די נשמה יתירה האָט איבער אים געוועלטיקט. אפילו די אַלע מאָל פאַרביטערטע זעלדע, וואָס האָט מיט מאַטערניש אריינגע־בראַכט דעם שבת אין שטוב, האָט געלויכטן פון נחת, פון איר שבתדיקן מאַן און קינדער. די קליינע ענגע שטוב איז געווען אויפגעראַמט און ס'איז געווען ליכטיק אין יעדן ווינקעלע.

ישראל איז געזעסן ביים טיש מיט די קינדער און געזונגען זמירות ביז שפּעט אין דער נאַכט. שבת און יום־טוב איז ער ניט געגאַנגען שלאָפן בייטאָג, ווי אַנדערע. „די חכמים האָבן טאַקע געזאָגט 'שינה בשבת תענוג', אָבער מיין

**תענוג איז, צו פילן נאָך אַ שעה, נאָך אַ מינוט דעם טעם פון עונג שבת. מען דאַרף דאָך זיין אַ גזלן דאָס צו פאַרשלאָפן״.**

**אַ גאַנצע וואָך איז ישראל געזעסן אין בית־מדרש און געלערנט, אָדער עוסק געווען אין פילאָסאָפישע ספרים, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט, ווי דעם מורה נבוכים, חובת הלבבות און קבלה ספרים. נאָר מיטוואָך האָט ער געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג צו מאַכן דעם וויין פאַר קידוש און פאַר הבדלה, פון וואָס ער האָט געצויגן זיין חיונה.**

**אין די יידישע יום־טובים איז ער געווען די לעבעדיקייט פון שטעטל. ס׳איז דאָך אַ מצווה צו זיין פריילעך. ״ושמחת בחגך״. פורים איז ער געווען דער קאָמעדיאַנט פון שטעטל. ער האָט זיך אַ ביסל אָנגעשיכורט מקיים צו זיין ״עד דלא ידע״. האָט זיך פאַרשטעלט פאַר מרדכין, איז געריטן אויף אַ שטעקן אויסגעפוצט אין אַ פאַפירענע קרוין און געזונגען אַ שושנת יעקב, וואָס ער אליין האָט פאַרפאַסט מיט אַ צוזינג אויף יידיש. איך געדענק נאָך עפּעס פון דעם, און עס גייט אזוי:**

ברוך מרדכי. ווער איז מרדכי? אונדזערס אַ יידעלע, וואָס עסט שבת אַ קוגעלע, וואָס טרינקט לחיים לשם שמים.

ארור המן. ווער איז דער המן? בן המדתא, וואָס האָט אַ זון אַ גרויסן ויזתא, וואָס שטייט אין מגילה צום סוף מיט אַ לאַנגן וואָוו.

ברוכה אסתר. ווער איז די אסתר? אונדזערע אַ שוועסטער. המנען און זרשן אויפן צונג אַ פלאַסטער.

ארורה זרש. ווער איז די זרש? המנס אַ ווייב, אַ ריס איר אין לייב, אַ בראָך איר אין קאָפּ, געשוואָלן זאָל זי ווערן אזוי ווי אַ סנאָפּ.

וגם חרבונה, חרבונהן אויך אַ יישר־כוח, המנען און זרשן אַ קרענק אין מוח.

**דאָס גאַנצע שטעטל קינדער זיינען אים נאָכגעגאַנגען און געזונגען דעם מאַרש, וואָס ער האָט פאַר דעם פאַרפאַסט.**

**שימחת־תורה האָט ער געטאַנצט אויף די גאַסן ביז די לעצטע כוחות, און פלעגט שרייען: ״יידן פרייט זיך. פרייט זיך. וואָס גאָט האָט אייך געגעבן די תורה״. און זעלדע האָט נאָך דעם געזאָגט, אז עס פלאַמט איר דאָס פנים פון בושה, ווי ער מאַכט זיך משוגע. אַ יידענע, וואָס ווייס זי?**

* * *

**ישראל וואָלט זיך ניט געביטן מיט די גרעסטע גבירים, מיט זייערע פּאַלאַצן און מאַרצעפּאַנעס, פאַר זיין קליין אָרעם שטיבעלע, וווּ ס׳איז געווען אזוי היימ־**

לעך. די פאַמיליע איז געווען אזוי נאָענט איינער מיטן צווייטן, יעדער קינד איז געווען אַ טייל פון אים.

האָט זיך אָבער דער שטן אריינגעמישט. ניט געקענט פארטראָגן וואָס אַ יידן גייט אזוי גוט אויף דער וועלט, מיט אזוי פיל שימחה, און געשיקט ישראלן אַן אָנשיקעניש — אַ ירושה פון זעלדעס אַ פעטער אין אַמעריקע.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ישראל איז געווען, ווי שטענדיק, אין בית־מדרש און די קינדער אין חדר, לאָזט זיך אַראָפּ דער בריוטרעגער און ברענגט זעלדן אַ גרויסן קאָנווערט מיט אַ בריוו. „ווי קומט צו מיר אַ בריוו? און פון וועמען?" פרעגט זעלדע אַ דערשראָקענע. „איך ווייס ניט", זאָגט דער בריוטרעגער, „עס שטייט אָנגעשריבן זעלדע פינעס, מסתמא זייט איר דאָס, ניין?"

„יאָ", ענטפערט זעלדע און עפנט דעם בריוו. ערשט ס'איז געשריבן אויף רוסיש. קען דאָך זעלדע ניט לייענען קיין רוסיש, טוט זי אָן די פאַטשיילע און לויפט צו משה דעם שרייבער, וואָס שרייבט פראָשעניעס פאַר יידן, ער זאָל איר איבערלייענען דעם בריוו.

משה האָט ארונטערגענומען די ברילן פון שטערן, וואָס זיינען אַלע מאָל גרייט טאָמער דאַרף מען, ס'איז דאָך זיין געציייג, געגעבן אַ קוק אויף זעלדען, און האָט גענומען לייענען דעם בריוו אין דער הויך. אזוי האָט ער זיך געפירט, געוואָלט ווייזן זיין קענטשאַפט אין די שוואַרצע פינטעלעך. און לייענענדיק האָט ער יעדעס מאָל אויפגעהויבן די אויגן פון די ברילן, און א קוק געגעבן אויף זעלדען, עפעס ווי ניט זיכער אז דאָס איז זי. איבערגעלייענט דעם בריוו, גיט ער זעלדען אַ פרעג: „איר זייט דאָך זעלדע פינעס, געוועזענע זעלדע כהן?"

„ווי איז מיר", זאָגט זעלדע, „איר קענט מיר ניט, ר' משה? וואָס איז געשען?" פרעגט זי דערשראָקן.

„איר האָט געהאַט אַ פעטער געצל כהן אין אמעריקע?"

„יאָ, איך האָב געהאַט אַ פעטער, געצל כל־בוניק האָט מען אים גערופן. איך האָב אים ניט געקענט. מיין טאַטע האָט דערציילט, אז ער איז געווען ניט קיין גערעַטענער, זיך געחברט מיט שקצים, איז ער אוועק אין אמעריקע נאָך דעם. פלעגט אפילו שיקן מיין טאַטן אַ פאַר רובל אויף יום טוב".

גיט משה אַ הוסט, ווי ער וואָלט זיך גרייטן פאַר אַ גרויסע זאַך, און זאָגט: „זייט וויסן, זעלדע, אז אייער פעטער געצל כהן איז געשטאָרבן מיט אַ צייט צוריק".

זעלדע האָט דערהערט געשטאָרבן, האָט זי פאַרבראָכן די הענט, ארויס מיט אַ קוויטש און זיך צעיאָמערט: „ווי איז מיר, דער פעטער געצל איז געשטאָרבן, אזא מענטש אַוועק פון דער וועלט, איכ'ל דאָס ניט אויסהאַלטן".

„שרייט ניט, זעלדע״, זאָגט משה, „איך האָט געטראָפן אַ גליק״.

„אַ שיינער גליק האָט מיך געטראָפן, מיין איינציקער פעטער געצל איז געשטאָרבן, און ער זאָגט אַ גליק״.

„איר האָט דאָך אים אפילו ניט געקענט, טאָ וואָס ליאַרעמט איר? הערט אויף צו שרייען און הערט זיך איין וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. מען זוכט אייך שוין ארום אַ לאַנגע צייט, אפילו די פּאָליציי״.

דערהערט פּאָליציי, האָט זעלדע ווידער אָנגעהויבן שרייען: „אַ קלאָג איז מיר, פּאָליציי, איך האָב חס ושלום עמעצן באַגנבעט? איר קענט דאָך מיין מאַן, ישראל דער ווינמאַכער, אַ שיינער גנב״.

„שרעקט זיך ניט, איר האָט קיינעם ניט באַגנבעט, איך האָב אייך דאָך געזאָגט, אייך האָט געטראָפן אַ גליק. זייט וויסן אז אייער פעטער געצל כהן איז געשטאָרבן אַ בחור, ניט געלאָזן קיינעם, און איר זייט זיין איינציקע יורשטע. און ער האָט איבערגעלאָזן זיין פאַרמעגן פאַר אייך, צען טויזנט דאָלער — צוואַנציק טויזנט רובל. איר זייט געוואָרן מיט אַ מאָל אַ גבירטע״.

„אוי, גוואַלד״, שרייט אויס זעלדע, „צוואַנציק טויזנט רובל, ווי איז מיר, איכ׳ל דאָס ניט אויסהאַלטן״, גיט אַ פּאַטש מיט די הענט און חלשט אוועק. האָט זיך משה דערשראָקן, איז ארויסגעלאָפן אויפן גאַס און געמאַכט אַ גוואַלד, זעלדע ישראלס ווייב איז פאַרביי. די גאַנצע גאַס איז זיך צוזאַמענגעלאָפן. מען האָט איר געפּאַטשט אין די באַקן, געגאָסן קאַלט וואַסער אויפן קאָפּ, ביז מען האָט איר אָפּגעמינטערט. זעלדע האָט געעפנט די אויגן, זיך ארומגעקוקט, ווי זי וואָלט ניט וויסן אויף וועלכע וועלט זי איז. מיט אמאָל גיט זי אַ געשריי: „צוואַנציק טויזנט רובל״, און צעווײַנט זיך. ווייבער האָבן געמיינט, אז זי איז משוגע געוואָרן, האָט זיי משה דערציילט וואָס עס איז געשען. זיינען אלע ווייבער אויך ארויס מיט אַ יללה.

זיי האָבן גענומען זעלדען און איר אוועקגעפירט אהיים. דערווייל האָט מען אָנגעזאָגט ישראלן אין בית־מדרש און די קינדער אין חדר וואָס ס׳איז געשען. איז ישראל געקומען צולויפן אַ דערשראָקענער, האָט געפונען די גאַנצע גאַס מענטשן לעבן זיין שטיבל. די קינדער זיינען אויך געקומען צולויפן פון חדר מיט אַ געוויין און נאָך זיי זיינען נאָכגעלאָפן דער גאַנצער חדר קינדער. און ווען זעלדע האָט דערזען דעם מאַן מיט די קינדער, איז זי ארויס מיט אַ יללה:

„ישראל קרוין, ווי איז מיר, צוואַנציק טויזנט רובל, וואָס זאָלן מיר טאָן?״

„האָב בטחון, זעלדע, באַרואיק זיך, גאָט וועט העלפן״, זאָגט ישראל.

גאָט האָט זעלדען טאַקע געהאָלפן. ווען זי האָט זיך שפּעטער באַרואיקט און אָנגעהויבן פאַרשטיין וואָס עס האָט איר געטראָפן, האָט זי שוין מער

ניט געליאַרעמט. אדרבא, זי האָט אָנגעהויבן שמייכלען: „גאָט האָט אונדז גע־האָלפֿן, ישראל, מיר וועלן שוין מער ניט דאַרפֿן הונגערן. דו וועסט מוזן זאָגן קדיש נאָכן פֿעטער געצל ע״ה. אזא טייערער ייד". אָבער ישראל האָט ניט גע־שמייכלט. עפּעס האָט ער געפֿילט אז קיין גוטס וועט דערפֿון ניט ארויסקומען.

* * *

אויף מאָרגן האָט זעלדע זיך אויסגעפּוצט אין די שבתדיקע קליידער און זי האָט מיטגענומען משה דעם שרייבער — ער איז דאָך אַ געלערנטער מענטש און זי ווייס ניט ווי מען דאַרף זיך באַגיין אין אַזעלכע זאַכן — אין דער באַנק אין דער גרויסער שטאָט. זי האָט געדאַרפֿט ברענגען אַ מעטריקע, ווייזן אז זי איז זעלדע כהן, וואָס איז ניט געווען לייכט צו געפֿינען. אָבער משה האָט שוין אלץ באַ־זאָרגט, ער האָט געפֿילט אז עס שמעקט מיט אַ פֿאַרדינסטל.

ישראל האָט זיך אָנטזאָגט מיטצופֿאָרן. ער האָט דערמיט ניט געוואָלט האָבן צו טאָן.

די גאַנצע גאַס האָט זעלדען באַגלייט, איר אָנגעהויבן רופֿן: זעלדע קרוין, די גבירטע, איר געגעבן עצות זי זאָל זיך איינדעקן, זיך ניט פֿאַרקילן און איר געווונטשן אַ גוטן וועג.

די באַנק האָט געפֿונען אז די פּאַפּירן זיינען אין אָרדענונג, און זעלדע קען נעמען די צוואַנציק טויזנט רובל. האָט זיך אָנגעהויבן א חתונה, ווי קען זי שלעפּן מיט זיך אזוי פֿיל געלט, גזלנים וועלן דאָך איר באַפֿאַלן. לאָזן אין באַנק האָט זי אויך מורא געהאַט, ווער ווייס, זיי קענען נאָך צונעמען איר פּראַצע. האָט זיך משה געקראַצט דעם קאָפּ, ער האָט קיין מאָל ניט געהאַט צו טאָן מיט אזוי פֿיל געלט. איז געבליבן מען זאָל גיין פֿרעגן אַן עצה ביים רב, מען זאָגט אז ער איז אַ קלוגער מענטש. דער רב האָט זיי באַרואיקט. עס איז אוודאי אַ ריזיקע צו נעמען מיט זיך אזוי פֿיל געלט. די באַנק איז זיכער לכל הדעות. זאָל זי נעמען א ביסל געלט וויפֿל זי וועט דאַרפֿן און די רעשט לאָזן אין באַנק. און זעלדע האָט זיך באַרואיקט און געפֿאָלגט דעם רב.

„זעלדע קרוין", זאָגט משה — ער האָט איר שוין אויך אָנגעהויבן רופֿן „קרוין", — „איר דאַרפֿט זיך איינקויפֿן נייע קליידער פֿאַר זיך און פֿאַרן מאַן מיט די קינדער. עס פּאַסט ניט איר זאָלט ארומגיין אין די אַלטע קליידער, איר זייט דאָך ב״ה אַ גבירטע".

„איר זייט טאַקע גערעכט, ר' משה, אונדזערע אַלטע קליידער וועלן טאַקע ניט פּאַסן פֿאַר אונדזער שטאַנד". און זעלדע האָט זיך איינגעקויפֿט אַ זיידענע רעטאָנדע מיט אַ נייעם שייטל און שיך. און פֿאַר ישראלן — שטאָף פֿאַר אַ

נייער קאַפּאָטע און הויזן מיט אַ זיידן היטל. פאַר די קינדער קאַפּאָטקעלעך און קליידלעך. זי האָט אויך איינגעקויפט אַלערליי גוטע מאכלים פאַר די קינדער, אפילו וורשט, וואָס איז קיין מאָל אין זייער שטוב ניט אריינגעקומען, און זי איז געפאָרן אַ צופרידענע אהיים. זי האָט שוין דערפילט דעם טעם פון זיין רייך.

* * *

געקומען אהיים, אויסגעפּוצט אין דער נייער רעטאָנדע מיטן שייטל, און אויסגעפּאַקט די גוטע זאַכן, וואָס זי האָט געבראַכט, איז אין שטוב געוואָרן פריי־לעך. „ישראל״, זאָגט זי, „מיר זיינען אויפגעריכט געוואָרן, מיר וועלן מער ניט דאַרפן ליידן. איך האָב דיר געבראַכט שטאָף פאַר אַ נייער קאַפּאָטע״.

ישראל איז געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער, עפּעס האָט ער זעלדען ניט דער־קענט. שבת, ווען זי טוט אָן אירע שבתדיקע קליידער, ליגט אויף איר אַ שבתדי־קער חן, אַן אידלקייט, און איצט זעט זי אויס אזוי מגושמדיק און צופרידן פון ־ויך, ווי אַ סך פון די רייכע. „איך האָב ליב מיינע אַלטע קליידער, און צו וואָס זיין רייך?״

די קינדער האָבן געהערט, אז די מאַמע איז געקומען צוריק פון דער גרוי־סער שטאָט זיינען זיי געקומען צולויפן פון חדר, דערזען די גוטע זאַכן, וואָס די מאַמע האָט געבראַכט, זיינען זיי באַפאַלן ווי די היישעריקן. ישראלס פּנים איז געוואָרן פאַרצאָרנט, ווען ער האָט דערזען ווי די קינדער זיינען באַפאַלן דעם עסן ווי זולל וסובאניקעס. ווער ווייס, טראַכט ער, וואָס פון דעם וועט ארויס־קומען.

„ישראל״, זאָגט זעלדע, „פאַרוואָס עסטו ניט?״

„איך בין ניט הונגעריק. צו וואָס דאַרף מען אזעלכע נאַשערייען?״

ישראל איז אַוועק אין בית־מדרש אַ פאַרקלעמטער. עפּעס האָט ער געזען אז אַלץ האָט זיך ביי אים געביטן, אין זיין פאַמיליע, אין זיין היים

ישראל האָט דעם אָוונט געגעסן זיין אָרעמען מאָלצייט, ווי אַלע מאָל, ניט געוואָלט זיך צורירן צו די גוטע מאכלים, ניט געוואָלט הנאה האָבן פון דער ירושה און פון דעם אַמעריקאַנער געלט.

אין עטלעכע טעג ארום איז זעלדע געקומען מיט א נייע זאַך: זי גייט קויפן אַ נייע הויז מיט נייע מעבל, ווי עס פּאַסט פאַר רייכע מענטשן. האָט ישראל גע־זאָגט: „זעלדע, דו זינדיקסט, צו וואָס אַ ניי הויז? מיר האָבן געלעבט צופרידן אין דעם הויז״. האָט זעלדע זיך צעקאָכט: „דו האָסט ליב דעם עיפּוש און די ענגשאַפט, איך קען באַשטיין צו לעבן ווי אַ מענטש״. אַ קורצע צייט שפּע־טער האָט זי געקויפט אַ הויז מיט נייע מעבל.

ישראל איז געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין בית־מדרש. אים איז געווען ענג אין דעם גרויסן הויז. ער האָט געבענקט נאָך דעם קליינעם וואַרעמען שטיבל, וואָס איז געווען אזוי זיס און טייער. דאָס קליינע שטיבל ווו ער איז געווען צוזאַמען מיט ווייב און קינדער, און זיי זיינען געווען אזוי נאָענט און ליב. ער האָט דער־זען דעם חורבן פון זיין פאַמיליע. דאָס נייע גרויסע הויז מיט ווייב און קינדער זיינען אים געוואָרן ווייט און פרעמד.

זעלדע האָט איינגעפירט רייכקייט אין שטוב. צוגענומען די קינדער פון דער אָרעמער תלמוד־תורה און זיי אוועקגעגעבן לערנען אין אַ חדר ווו עס לערנען רייכע קינדער, זיי געגעבן עסן פון דעם בעסטן. און ווען ישראל האָט געזען, אז די קינדער עסן יעדן פרימאָרגן אייער מיט קוכן, האָט ער שוין ניט געקענט אויסהאַלטן. „זעלדע", האָט ער געזאָגט, „דו וועסט מאַכן די קינדער פאַר זולל וסובאַניקעס, אַלע טאָג אייער מיט קוכן, ווי פרעסערס ? זיי וועלן נאָך ארויסגיין לתרבות רעה".

„דו ביסט אַ נאַר און אַ בטלן", האָט זעלדע געזאָגט, „די קינדער האָבן זיך גענוג אָנגעהונגערט פון דיינע פאַרדינסטן. זאָלן זיי האָבן הנאה".

פאַרשטערט איז געוואָרן ישראלס שמחה. די פאַרשאָלטענע ירושה האָט צו־גענומען ביי אים דאָס ווייב מיט די קינדער און חרוב געמאַכט זיין היים. זיין ווייב און קינדער זיינען געווען מיט אים צוזאַמען, און היינט שלאָפט יעדערער באַזונדער און ער זעט זיי אפילו ניט. און זעלדע איז געוואָרן אזוי זאַט און פעט.

זעלדע האָט זיך אָנטזאָגט צו נעמען זיינע פאַרדינסטן פון דעם ווײַן : „איך דאַרף ניט דיין שנאָרערשע געלט". האָט ישראל געזאָגט, אז ער וועט אין גאַנצן אַוועק פון שטוב, ער וויל לעבן פון זיין אייגענע יגיעת כפים און ניט הנאה האָבן פון דער רייכקייט. ער האָט קיין מאָל ניט געגעסן מיט דער פאַמיליע, נאָר שבת און יום־טוב, כדי ניט צו פאַרשטערן דעם שבת און יום־טוב. אָבער שבת ביים טיש איז ער אויך געווען אליין, געזונגען זמירות פאַר זיך. די קינדער זיי־נען געוואָרן פראַנטן, אָנגעטאָן ווי דייטשן אין קורצע רעקלעך, און ניט גע־וואָלט מיטזינגען, ווי אַמאָל. ישראל האָט מער קיין דעה ניט געהאַט איבער זיי. זעלדע האָט געטראָגן די הויזן, און זיי האָבן פאַר אים אפילו קיין דרך־ארץ ניט געהאַט. און ווען זעלדע האָט אים אַמאָל געזאָגט, אז דער שטן האָט זיך אין אים ארייננגעכאַפּט און ער פאַרשטערט זיי דאָס לעבן : „זע, ווי פארצרהט ער איז, ער בענקט נאָכן הונגער וואָס איז אוועק און קלאָגט נאָך זיין פריינד דעם דלות, נעבעך, וואָס ער האָט פאַרלאָרן", האָט ישראל איר געענטפערט : „יאָ, זעלדע, דער שטן האָט זיך ארייננגעמישט אין אונדזער לעבן מיט דער ירושה און צוגענומען אונדזער פריילעכע היים און די נאָענטקייט פון אונדזער פאַמיליע".

* * *

עס זיינען אוועק יאָרן, די קינדער זיינען אויסגעוואַקסן, די טעכטער האָבן חתונה געהאַט אין דער פרעמד. די זין, וועמען זעלדע האָט געשיקט לערנען אין די גרויסע שטעט, האָבן פון די עלטערן ניט געוואָלט וויסן, זיך געשעמט מיט זיי, געוואָרן אויסגעלאָסן. ישראל איז געזעסן אַליין אין בית־מדרש איבער קבלה־ספרים, ווי ער וואָלט געזוכט אַן ענטפער אויף עפּעס. זיין בלאָנדע באָרד איז געוואָרן ווייס, זיין אויסגעצויגענער דינער גוף איז געוואָרן איינגעבויגן, די אויגן האָבן שוין מער ניט געשמייכלט, געוואָרן פאַראומערט און פאַרטראַכט. ער פלעגט קומען אין שטוב אין זיין צימערל, ווו ער האָט אויך געמאַכט דעם וויין, און געגעסן זיין אָרעמען מאָלצייט, וואָס זעלדע האָט פאַר אים אָנגעגרייט.

און זעלדע? זעלדע איז אויך געוואָרן אַלט און קראַנק און עלנט. זי איז ארומגעגאַנגען אין דער גרויסער פוסטער שטוב, אַליין. די גרויסע שטוב מיט די מעבל זיינען איר אויך געוואָרן מיאוס, געבענקט נאָך די אַמאָליקע יאָרן, ווען זי האָט געהאַט אַ פאַמיליע, אַ מאַן מיט קינדער, כאָטש אַן אָרעמע. צו וואָס טויג איר די גרויסע שטוב?

און איינמאָל ביינאַכט, ווען ישראל איז געקומען פון בית־מדרש, האָט זי זיך צעוויינט פאַר אים: „ישראל, וואָס ביסטו אַוועק פון מיר?" קוקט ער זיך איין אויף איר, זעט איר עלנטקייט, זיין האַרץ טוט אים ווי פאַר איר, און ער זאָגט מיט רחמנות: „זעלדע, איך בין ניט אוועק פון דיר, דו ביסט אוועק פון מיר אין אַן אַנדער וועלט, אַ פרעמדע וועלט, וואָס איז ניט אונדזערע".

„ישראל", זאָגט זי מיט טרערן, „וואָלסטו וועלן מיר זאָלן צוריקגיין אין קליינעם שטיבל? איך וועל פאַרקויפן די שטוב מיט די מעבל און מיר וועלן לעבן צוזאַמען ווי אַמאָל. איך וועל דיר העלפן מאַכן דעם וויין און מיר וועלן לעבן דערפון. קיין סך געלט איז מיר שוין ניט געבליבן פון דער ירושה, די קינדער האָבן אַלץ צוגענומען. איך טראַכט שוין דערפון אַ לאַנגע צייט, אָבער איך האָב געמיינט אז דו וועסט ניט וועלן, ביסט אין כעס".

„איך בין קיין מאָל ניט געווען אין כעס אויף דיר, איך האָב רחמנות געהאַט אויף דיר. איך האָב געזען אז עס וועט זיך דערפון אויסלאָזן ניט גוט, און אויב דו מיינסט עס טאַקע באמת, בין איך מסכים".

ער קוקט זיך איין אויף זעלדען און גיט אַ שמייכל, וואָס ער האָט שוין דאָס אַ לאַנגע צייט ניט געטאָן. „ישראל", זאָגט זעלדע, „איך וואָלט וועלן, אז פון דאָס געלט, וואָס עס וועט בלייבן פון שטוב מיט די מעבל, זאָלן מיר אריינגעבן אַ ספר־תורה אין בית־מדרש אויפן נאָמען פון פעטער געצל ע"ה, פאַר זיין נשמה, ער איז דאָך, נעבעך, געבליבן אָן אַ קדיש".

„ס'איז אַ טייערער איינפאַל, זעלדע", זאָגט ישראל אַ צופרידענער. „און ווייסט נאָך וואָס? עס וואָלט געווען א יושר, אויב ס'וועט בלייבן געלט, ארייג־צוגעבן אויך אַ ש"ס גמרות אין בית־מדרש, מען דאַרף עס האָבן".

„איך בין מסכים. מירן אפילו מאַכן אַ לעקעך און בראָנפן, ווי צו אַ חתונה". און זעלדעס פנים האָט אויפגעשיינט.

„און מיר וועלן פאַרדינגען נאָך אַ גרויסע מצווה, דער סופר איז נעבעך א גרויסער אָרעמאַן מיט אַ שטוב קינדער, זאָל ער פאַרדינען, און דער איינבינדער איז אויך אַן אָרעמאַן".

צום ערשטן מאָל האָט די גרויסע שטוב געזען צוויי שיינענדיקע פּנימער, ווען זיי זיינען געזעסן און געגעסן זייער מאָלצייט אין ישראלס קליינעם צימערל אויף איין טיש.

אין אַ קורצער צייט ארום האָט זעלדע פאַרקויפט די שטוב מיט די מעבל, אריין אין אַ קליין שטיבל, ווי אַמאָל. ישראל און זעלדע האָבן צוריק געהאַט אַ היים. זיי האָבן באַשטעלט די ספר־תורה ביים סופר, און דעם ש"ס אין ווילנע.

אַלע טאָג האָט ישראל באַזוכט דעם סופר, זען ווי ער שרייבט די תורה און אָנגעקוואָלן פון נחת. מסתמא האָט דער פעטער געצל געהאַט א גרויסן זכות, אז ער האָט זוכה געווען צו לאָזן אזא שיינע זאַך, אַ ספר־תורה און אַ ש"ס, ווו יידן וועלן לערנען. „מעז יצא מתוק".

און ווען די ספר־תורה און דער ש"ס זיינען געוואָרן פאַרטיק, האָט זיך זעל־דע גענומען גרייטן צו דער שימחה. ווייבער האָבן איר געהאָלפן באַקן לעקעך, זי האָט באַשטעלט כלי־זמרים זאָלן שפּילן אויף די גאַסן, ווו מען וועט דורכטראָגן די ספר־תורה מיט דעם ש"ס פון זייער שטיבל צום בית־מדרש. אָרעם און רייך זיינען געווען איינגעלאַדן צו דער שימחה.

אין שטעטל איז געווען יום־טוב. אַלע האָבן זיך אָנגעטאָן אין שבתדיקע קליידער און געקומען צו ישראלס הויז טראָגן די ספר־תורה און דעם ש"ס. ישראל האָט געטראָגן די ספר־תורה אונטער אַ חופה, און מען האָט מכבד געווען אַלעמען צו טראָגן אַ שטיקל וועג אַ גמרא. אלע האָבן געהאַט די מצווה, אָרעם און רייך, אזוי האָט געוואָלט ישראל. אין אַלע שטיבער, אין די גאַסן ווו מען האָט דורכגעטראָגן די ספר־תורה, האָט מען געשטעלט ליכט אין די פענצטער, ווי צו אַ חתונה. די כלי־זמרים זיינען געגאַנגען פאָרויס און געשפּילט, ישראל איז גע־גאַנגען און געטאַנצט, און מיט אים אַלע יידן, ווי שימחת־תורה. און ישראל האָט געשריען: פרייט זיך יידן, פרייט זיך מיט דער תורה. זעלדע איז נאָכגעגאַנגען ביי זיין זייט, האָט אים געהאַלטן ביי דער פאָלע מיט איין האַנט, ווי אַ פאַרלאָרן

קינד, וואָס האָט געפונען אַ שוץ אין אַ שטאַרקערן, און מיט דער אנדער האַנט האָט זי געווישט די טרערן.

און ווען מען איז געקומען אין בית־מדרש האָט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע שימחה. אַלע טישן זיינען געווען געדעקט. דער חזן מיט די משוררים האָבן געזונגען „ויהי בנסוע הארון" און „עץ חיים". אין דער ווייבערשער שול זיינען אויך געווען געדעקטע טישן און מען האָט געטיילט לעקעך מיט וויין, וואָס זעלדע האָט אליין געמאַכט. מען איז געגאַנגען הקפות ארום דער בימה און געטאַנצט און געזונגען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אין שטעטל האָט מען נאָך דעם געזאָגט, אז ישראל און זעלדע האָבן נאָך אַמאָל חתונה געהאַט, און אזע שיינע חתונה האָט שוין שטעטל ניט געזען פאַר אַ לאַנגע צייט.

ישראל און זעלדע זיינען געקומען אַהיים נאָך דער שימחה פאַרמאַטערטע און זיי האָבן זיך געקוקט אין די אויגן, ווי אַ יונג פּאָר פאָלק. „דו האָסט געוויינט, זעלדע?"

„פון שימחה, ישראל, וואָס מיר האָבן דערצו זוכה געווען".

„זעסט, זעלדע, פון שימחה קען מען אויך וויינען, אָבער נאָר פון רוחניות־דיקער שימחה, ווי שימחת־תורה. ס׳איז ניט די גראָבע שימחה, ווען מ׳זויפט זיך אָן מיט עסן און טרינקען און מען ווערט פריילעך. דאָס איז א גשמיותדיקע שימחה. אונדזער שימחה איז געווען א רוחניותדיקע. די שימחה קומט פון זעלבן מקור ווי צער, אַ פיינע, א געהייליקטע, וואָס קומט פון דער נשמה און ניט פון גוף".

ישראל קוקט זיך איין אויף זעלדעס אידעלן פנים, און זאָגט: „ווייסט, זעלדע, וואָס מיר איז איינגעפאַלן? די חכמים זאָגן: בנות ישראל נאות הן אלא שהעניות מנולתן — די יידישע טעכטער זיינען שיין, נאָר די אָרעמקייט מאַכט זיי מיאוס. איך האַלט אז ס׳האָט געדאַרפט זיין פאַרקערט: בנות ישראל נאות הן, אלא שהעשירות מנולתן — די יידישע טעכטער זיינען שיין, נאָר די רייכקייט מאַכט זיי מיאוס. דו זעסט שוין אויס אַנדערש, פיין און אידל, ווי ווען דו ביסט אַ כלה געווען. ווען דו ביסט געווען רייך, האָסטו אויסגעזען ווי אַ סך פון די רייכע ווייבער, מגושמדיק, צופרידן און פעט".

„ישראל, אָבער די קינדער? איך בענק נאָך די קינדער".

„האָב בטחון, זעלדע, דער רבונו־של־עולם וועט העלפן, זיי וועלן נאָך אויך קומען צוריק".

# פון מײַן טאַטעס בית־דין־שטוב

אונדזער בית־דין־שטוב איז געווען דער נערוו און צענטער פון שטעטלשן לעבן. די בית־דין־שטוב, וואָס איז געווען בײַם רב אין הויז, איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן צימער פול מיט פאַליצעס ספרים. די ספרים, מיט לעדערנע און לײַוונטענע רוקנס, צעריסן פון אַלטקייט און פון נוצן, האָבן קיין מאָל ניט גערוט. לערנער האָבן זיי כסדר אַרויסגענומען און אַוועקגעשטעלט צוריק. אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ גרויסער כּיסא־הרבנות און אַ קײַלעכדיקער טיש, וואָס איז געווען אַ ירושה פון דורות.

די בית־דין־שטוב איז תּמיד געווען פול מיט מענטשן. ווײַבער זײַנען געקומען פרעגן שאלות אויף הינערשע פּופּיקעס מיט נאָדלען, קישקעלעך מיט פּאַקן; קצבים — מיט לונג־און־לעבערס; צעקאָכטע און פאַרכּעסטע יידן — מיט דין־תּורות; סתּם יונגע־לײַט, לערנער, וואָס זײַנען געקומען זיך דורכ־ריידן מיטן רב אין תּורה; און בעלי־בתּים — זיך מיישב צו זײַן וועגן קהלהשע ענינים.

די בית־דין־שטוב האָט קיין מאָל ניט גערוט. פון דאַנען איז ניט נאָר גע־קומען די רעליגיעזע הדרכה פאַר דער פירערשאַפט פון שטעטל, נאָר דער רב איז אויך געווען דער עצה־געבער, דער שלום־מאַכער, און איבערהויפּט — דער אַפּהיטער אַז איין ייד זאָל ניט באַגיין קיין עוולה קעגן אַ צווייטן יידן.

יידן האָבן אויף זיך פרײַוויליק גענומען די הערשאַפט פון בית־דין־שטוב. און אַז אַך־און־ווי איז געווען צו יענעם יידן, וואָס האָט ניט געפאָלגט אַ פּסק־דין פון בית־דין־שטוב. מען האָט זיך ניט געמישט מיט זײַנע כּלים, מען האָט אים ניט מצרף געווען צו אַ מנין, ניט געגעבן קיין עליה און אפילו באַגראָבן הינטערן פּאַרקן, ווען ער איז געשטאָרבן.

איך וויל דאָ דערמאָנען עטלעכע עפּיזאָדן פון אונדזער בית־דין־שטוב.

# די דין־תורה

אַ שטעטלשער גביר, אַ האַלץ־הענדלער, האָט זיך געמישפּט מיט נאָך אַ יידן, אַן אָרעמאַן, וועגן עפּעס אַ שטיקל וואַלד. עס האָט זיך אַזוי געצויגן אַ לאַנגע צייט, ביז דער אָרעמאַן האָט גערופן דעם גביר צום רב. דער גביר איז טאַקע געווען גערעכט, אָבער דער רב האָט געוואָלט פועלן ביים גביר, אַז ער זאָל זיך באַגיין מיט רחמנות צום אָרעמאַן. האָט דער רב אים פאָרגעלייגט אַ פשרה. דער גביר, אַ צעקאָכטער פאַר כעס, האָט אויסגעשריען אויף גמרא לשון: דמים תרתי משמע (דמים מיינט געלט, און אויך — בלוט), ער האָט געמיינט צו זאָגן: „מיין געלט איז בלוט".

דער רב האָט דאָס דערהערט, האָט ער ארויסגערופן דעם גביר אין אַ באַזונדערן צימער און האָט אים געזאָגט:

„ר' יצחק, איר האָט אליין געפּסקנט די דין־תורה. איר זייט ב"ה אַ ייד אַ גביר, און אז איר וועט געווינען די דין־תורה מיינט עס פאַר אייך נאָר געלט, אָבער אז אייער בעל־דין וועט פאַרשפּילן די דין־תורה, מיינט עס פאַר אים — בלוט. ער וועט בלייבן מיט זיין פאַמיליע אָן ברויט".

אז דער גביר האָט דאָס דערהערט, האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן רב, אַרונטערגעלאָזט די אויגן און איז ארויס פון צימער. ער איז צוריק אריינגעגאַנגען אין בית־דין־שטוב, צוגעגאַנגען צו זיין בעל־דין און געזאָגט:

„זיי מיר מוחל, משה, איך בין אומגערעכט. איך האָב פאַרשפּילט די דין־תורה — דו ביסט גערעכט".

דער אָרעמאַן, וואָס האָט געוווסט, אז ער וואָלט פאַרשפּילט די דין־תורה, לויטן דין, האָט געדריקט דעם גבירס האַנט און געזאָגט:

„זייט מיר מוחל, ר' יצחק, איך האָב אייך באַרעדט אומזיסט. איר זייט אַ טייערער ייד — און גאָט זאָל אייך העלפן דערפאַר".

# איבער אַ זייגער

אַ ייד אַן אָרעמאַן האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער. ער האָט זיך פאַרמשכונט, אויסגעפאַרקויפט וואָס ער האָט נאָר געקענט. עס איז געקומען דער טאָג פון דער חתונה, אַלץ איז געווען גרייט, די מחותנים מיטן חתן פון דער שכנות־דיקער שטאָט זיינען געקומען צו דער חתונה. דער רב מיטן שמש האָבן גע־וואַרט אין בית־דין־שטוב, מען זאָל זיי קומען רופן מסדר קדושין זיין.



פאַקסימילע פון מיין טאַטעס סמיכה — געגעבן דורכן באַרימטן קאָוונער רב הגאון ר׳ יצחק אלחנן זצ״ל — ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער בחור.

ס'איז געוואָרן שפּעט און דער רב האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָרט האָט געטראָפן. מיט אַמאָל פאַלן אריין אין בית־דין־שטוב דער כלהס עלטערן מיט אַ געוויין. וואָס איז? דער חתן גייט ניט צו דער חופּה. דעם חתנס מוטער לאָזט ניט שטעלן די חופּה, ווייל מען האָט צוגעזאָגט דעם חתן, צווישן אַנדערע זאַכן, אַ זילבערנעם זייגער — און דער כלהס צד האָט ניט געגעבן דעם זייגער.

דער מחותן שווערט אַז ער האָט ניט. ער זאָגט צו, אַז לכשירחיב, אַז דער רבונו־של־עולם וועט אים העלפן, וועט ער קויפן דעם חתן אַ זייגער. נאָר דעם חתנס מוטער שרייט, אַז זי וועט ניט לאָזן גיין צו דער חופּה ביז דער זייגער וועט ניט זיין.

האָט דער רב זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט צום שמש:

„ר' פישל, גייט גלייך און רופט די מחותנים פון חתנס צד און זאָגט זיי, אַז דער רב האָט באַפוילן זיי זאָלן גלייך קומען".

איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געזען דעם רב אַזוי אויפגערעגט.

די מחותנים זיינען געקומען. דער מחותן — אַ נידעריק, דאַר יידל, אַ נע־בעכל, פאַרשעמט, די מחותנטע — אויסגעפּוצט אין אַ רעטאָנדע מיט אַ שייטל און אַ שטערן־טיכל האָט געמאַכט אַ ניט צופרידענע מינע. זי איז געווען אַ קליינינקע, אַ קיילעכדיקע יידענע, וואָס מען רופט: אַ יידענע אַ קאָזאַק.

אַז דער רב האָט דערזען די מחותנתטע, האָט ער זיך צו איר געווענדט און געזאָגט:

„איך זאָג אייך, אַז עס איז אַ סך אַ קלענערע עבירה אַז אַ יידישע פרוי זאָל גיין חס־ושלום מיט אייגענע האָר, און אפילו מחלל שבת זיין, ווי צו פאַרשעמען און פאַרגיסן דאָס בלוט פון אַ יידישער טאָכטער, איבערהויפּט — אַ כלה, אין דעם טאָג פון דער חתונה. ווי האָט דאָס אַ יידישע מאַמע אַ האַרץ צו פאַרגיסן דאָס בלוט פון אַ יידיש קינד? און איבער וואָס? איבער אַ שפּילצייג, אַ זיי־גערל... דער רבונו־של־עולם האָט די קינדער פאַרבונדן און אייך געפעלט ניט דער שידוך. אויף אַלע עבירות איז דאָ אַ כפּרה, אָבער ניט ווען מען פאַרשעמט אַ מענטשן ברבים. און וואָס קען זיין אַ גרעסערע פאַרשעמונג, ווי דאָס וואָס איר טוט איצט?"

און נאָך דער לאַנגער מוסר־דרשה צו דער יידענע, האָט דער רב, וואָס האָט קיין מאָל ניט געהאַט צו טאָן מיט געלט־זאַכן, אַ זאָג געטאָן צום שמש:

„ר' פישל, די מחותנים פון חתנס צד דאַרפן געבן רח"ש (רב, חזן, שמש), טאָ נעמט דער רביצינס חלק, גייט און קויפט אַ זייגערל און גיט עס דער מחותנתטע".

[illegible]

אַ פראַגמענט פון דער תשובה פון ר׳ יצחק אלחנן צו מיין פאָטער. ווי מען האָט דערציילט ביי אונדז אין פאַמיליע, איז דאָס געווען זיין לעצטע תשובה, וואָס ער האָט דיקטירט זיין סעקרעטאַר ר׳ יעקב ליפשיץ, ווען דער גאון איז שוין געלעגן אויפן טויטנבעט און האָט ניט געקענט אליין שרייבן. ער האָט עס געטאָן צוליב דער גרויסער פריינדשאַפט צו מיין פאָטער. די פאַקסימילע איז נאָר דער אָנהייב פון דער תשובה.

פישל דער שמש האָט זיך אויפגעשטעלט, געגעבן אַ הוסטל און אַ גלעט די באָרד, ווי זיין שטייגער איז געווען ווען ער האָט געטאָן אַ חשובע שליחות פאַר דער בית־דין־שטוב, און האָט געזאָגט קורץ:

„רבי, מיין חלק אויך".

אז די מחותנתטע האָט דאָס דערהערט, האָט זי זיך צעוויינט:

„רבי, זייט מיר מוחל. איך האָב ניט פאַרשטאַנען. איך בין אַ נאַרישע, זינדיקע יידענע". און טרערן האָבן איר פאַרשטיקט די רייד.

און דער רב האָט איר געענטפערט:

„ניט מיר דאַרפט איר בעטן מחילה, נאָר דער כלה, אייער צוקונפטיקע טאָכטער, וואָס ווען אם ירצה השם זיין די מוטער פון אייערע אייניקלעך. גייט און בעט איר איבער, און דער רבונו־של־עולם וועט אייך מוחל זיין און וועט אייך בענטשן מיט אַ סך נחת פון זיי".

די מחותנים זיינען אוועק צו דער כלה, איר געקושט, געוויינט און געבעטן זי זאָל זיי מוחל זיין.

מען האָט געשטעלט די חופה. דער רב, ניט ווי זיין שטייגער, איז דאָס מאָל געגאַנגען צו דער סעודה צו באַשיינען די חתונה.

## דער קצב

ס'איז געווען אַ קצב אין שטעטל וואָס מען האָט אים גערופן בערעלע פּאָפּ. יונגערהייט האָט מען אים גערופן דער שינדער. ער איז געווען אַ הויכער, שיינער, געזונטער יונג. זיין טאַטע איז אויך געווען אַ קצב, איז זיין מלאכה אַלס בחור געווען אָפּצושינדן די בהמות.

אז ער האָט חתונה געהאַט און איז געוואָרן אַ קצב פאַר זיך, איז ער געווען דער אַריסטאָקראַט צווישן די קצבים. ער האָט זיך ניט פאַרנומען מיט בהמות דקות: שעפּסלעך, קעלבלעך, נאָר פלעגט אויסקלייבן די בעסטע קי און אָקסן, צו שעכטן אויף שבת און יום־טוב.

אז ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער געהאַט אַ פולע שטוב מיט זין און טעכטער — און אַלע גרויסע, ווי ער. זיין לאַנגע, ברייטע באָרד האָט אים גע־מאַכט אויסזען ווי עפּעס אַ פּאַטריאַרך, אָדער ווי מען זעט עס צווישן די גרויסע אַלטע רבנים. קען מען דאָך אָבער אַ קצב ניט רופן ר' בער, איז געווען אין שטעטל אַ פּאָפּ, אַ הדרת־פּנים, וואָס בערעלע האָט אויסגעזען ווי ער, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן דער פּאָפּ.

ער האָט געהאַט אויגן, וואָס האָבן אַלעמאָל גוטמוטיק געשמייכלט, און אַ האַרץ פון גאָלד. ווו ס׳האָט זיך באַהאַלטן אין דעם גרויסן, שטאַרקן יידן אַזוי פיל גוטסקייט, איז געווען אַ וווּנדער. אז עס פלעגט ביי אים כשר ווערן אַ בהמה האָט ער געוווּסט ווו מען דאַרף אריינשיקן אַ שטיקל קישקע אָנצופילן אויף שבת, אַ שטיקל שמאַלץ פאַרן טשאָלנט אָדער אַ שטיקל פלייש אויף שבת, אַז קיינער זאָל ניט וויסן. נישקשה, דער אָקס איז גרויס גענוג, עס וועט זיין גענוג פאַר אָרעמע־לייט אויך, פלעגט ער זאָגן, כאָטש ער איז אַליין אויך געווען א גרויסער אָרעמאַן. און וואָס וואָלט איך געטאָן, אז די בהמה וואָלט חס־ושלום טריף געוואָרן?

און עס פלעגט טאָקע זייער אָפט טרעפן, אז אַ בהמה איז טריף געוואָרן. דאַן פלעגן ניט נאָר דעם פּאָפּס אָרעמע־לייט האָבן א פאַרשטערטן שבת אָדער יום־טוב, נאָר אויך דער פּאָפּ מיט זיין הויזגעזינד האָבן געהאַט אַ הונגעריקן שבת צי יום־טוב.

אין מאָל אַ דאָנערשטיק, שפּעט ביינאַכט, איז צו אונדז אין בית־דין־שטוב אריין דער שוחט, און נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען דער פּאָפּ מיט א גרויסן לונג־און־לעבער אויפן אקסל. אַ שווערע שאלה: די לונג איז פול מיט סירכות. דער פּאָפּ האָט אוועקגעלייגט די לונג־און־לעבער אויפן טיש, גענומען דעם גאָרגל אין מויל און געבלאָזן. די לונג איז אויפגעגאַנגען ווי אַ באַלאָן. איך ווייס ניט וואָס איז געווען רויטער, די לונג אָדער דעם פּאָפּס פּנים. ער האָט געמיינט, אז וואָס שטאַרקער ער וועט בלאָזן וועט עס אפשר העלפן.

דער שוחט האָט געפּאַטשט איבער דער לונג. דער רב האָט מיט די דינע נע־געלעך פאָרזיכטיק אראָפּגענומען די הייטעלעך פון דער סירכא, ניט צו צערייסן, און זען ווי טיף די לעכעלעך אין דער לונג זיינען.

עס איז געווען אַ שווערע שאלה. דער רב האָט זיך געגריבלט אין ספרים, געזוכט אַ וועג כשר צו מאַכן די בהמה. אז ער וואָלט געפונען אַ טירעלע, וואָלט ער שוין די רעשט גענומען אויף זיך: יידן וועלן בלייבן אָן פלייש אויף שבת! דער רב האָט אויך געוווּסט וועגן די אָרעמע־לייט און דער רחמנות אויף בע־רעלען מיט זיין גרויסער פאַמיליע. עס שמעקט מיט הונגער.

עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. דער רב, אויסגעמאַטערט, דער שוחט זיצט און דרימלט. דער פּאָפּ — אין קיך, וואַרט אַ פאַרזאָרגטער.

עס האָט ניט געהאָלפן. די בהמה איז טריף לכל הדעות. דער רב, מיט אַ פּנים פול מיט צער, האָט ניט געהאַט קיין האַרץ אָנצוזאָגן דעם פּאָפּ די שלעכ־טע בשורה, איז ער ארויס פון בית־דין שטוב אין קיך, האָט ארויפגעלייגט זיין

האַנט אויפֿן פּאָפּס אַקסל און מיט רחמנות, ווי אַ שולדיקער, וואָס קען אים ניט העלפֿן, געזאָגט:

„ר׳ בערל, מיר זיינען דאָך יידן, וואָס זאָל מען טאָן? דער רבונו־של־עולם וועט אייך אומקערן דעם שאָדן״.

דער פּאָפּ, מיט טרערן אין די אויגן, האָט איבערגעחזרט:

„יאָ, רבי, מיר זיינען יידן. וואָס זאָל מען טאָן״... געגומען די לונג־און־לעבער און איז ארויס, אָבער ער האָט עס ניט געטראָגן אויפֿן אַקסל, נאָר גע־שלעפּט אויף דער ערד, ווי אַ נבלה. פּלוצלינג האָט ער עס געגעבן אַ בריק, אויסגעשפּיגן און אויסגעשריען:

„נבלה! ניט פֿאַרגונען יידן צו האָבן אַ פֿריילעכן שבת״.

און ער האָט עס געלאָזן ליגן, ביז איינער פֿון די זין, וואָס איז געזעסן ביים רב אויפֿן בריקל און געוואַרט, האָט גענומען די לונג־און־לעבער און געשלעפּט אהיים.

# דער יתום

אין איינעם אַ רעגנדיקן האַרבסט־טאָג האָט זיך באַ־
וויזן אין אונדזער שטעטלשן בית־מדרש אַן אורח. ער איז געווען אַ קליין יידל, איינגעבויגן אונטער אַ פּאַק, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס. אַ וואַנדערנדיקער מגיד, וואָס מען פלעגט רופן „פּיעכאָטנע מגידים"*). אַזעלכע אורחים זיינען אין שטעטל קיין נייס ניט געווען. נאָכן אָפּזאָגן זיין דרשה בין מנחה למעריב פלעגט מען אוועקשטעלן אויפן טיש ביי דער טיר אַ טעלער, ווו יידן האָבן אריינגעלייגט מטבעות פאַרן מגיד. און אויף מאָרגן פלעגט דער מגיד נעלם ווערן.

אָבער מיט דעם אורח האָט עפּעס געטראָפן, וואָס האָט אויפגעהויבן אַ טומל אין שטעטל, ווייל אַ חוץ זיין פּאַק אויף די פּלייצעס האָט ער נאָך געטראָגן אין זיינע אָרעמס, איינגעוויקלט אין אַלטע קליידער, א בלייכן יונגן קינד. האָבן זיך יידן געקאָכט: ס'טייטש, ווי האָט דאָס אַ ייד אַ האַרץ ארומצוטראָגן אַ יונגן קינד אין אַזעלכע וועטערן? מען דאַרף דאָך זיין אַ גזלן... דער אורח איז אָבער קיין גזלן ניט געווען און מיט אַ צעבראָכן האַרץ, פאַרענטפערנדיק זיך, האָט ער דערציילט אַזאַ מעשה:

„איך בין אַ געשטראָפטער ייד. מיין טאַטע־מאַמע זיינען מיר אָפּגע־שטאָרבן ווען איך בין נאָך געווען א קליין קינד. האָב איך זיך אויפגעהאָדעוועט אין א גרויסער שטאָט אָן אַ קרוב און אָן אַ גואל. געלערנט אין תלמוד־תורה און נאָך דעם אין אַ ישיבה. און יידן רחמנים בני רחמנים האָבן מיר געגעבן עסן טעג. און ווען ס'איז געקומען די צייט ווען אַ ייד דאַרף חתונה האָבן האָב איך מיר געפונען אַ ווייב לויט מיין שטאַנד, אַ יתומה, וואָס האָט אויך ניט געהאַט קיין קרובים. אָבער נאָך דער חתונה דאַרף מען דאָך האָבן פּרנסה —

---

*) אויף רוסיש — פוס גייער. זיי פלעגן גיין צופוס פון שטעטל צו שטעטל און האַלטן דרשות.

בין איך געוואָרן אַ מגיד. פלעג ארומגיין איבער די שטעטלעך, האַלטן דרשות פאַר יידן. אויף יום־טובים פלעג איך קומען צו מיין ווייב אהיים. און ס׳איז געבוירן געוואָרן ביי אונדז דאָס יתומל. און דאָ האָט מיר געטראָפן דאָס אומגליק. מיין ווייב איז מיר קראַנק געוואָרן און איז פאַר קיין יידן ניט געדאַכט פאַרברענט געוואָרן, אַוועק פון דער וועלט. בין איך געבליבן מיטן יתומל איינער אליין. טאָ ווו האָב איך אים געקאָנט לאָזן? אז קיין פרנסה אין דער גרויסער שטאָט האָב איך ניט געהאַט, האָב איך באַשלאָסן איינצופּאַקן מיין ווירטשאַפט, וואָס איך האָב געקענט מיט זיך טראָגן, און מיין יתומל אויף די הענט. און אזוי שלעפּן מיר זיך ארום ביז מיר זיינען געקומען אַהער״.

דער ייד האָט שווער אָפּגעקרעכצט נאָך דעם ווי ער האָט זיך אראָפּגערעדט פון האַרצן.

אז יידן רחמנים בני רחמנים האָבן דערהערט דעם מגידס מעשה האָבן זיי באַשלאָסן ניט צו דערלאָזן מער ארומשלעפּן דאָס קינד, אַ צער־בעלי־חיים, און האָבן מודיע געווען דעם מגיד אז קהל איז גרייט צו נעמען דאָס יתומל און אים אויפהאָדעווען. קהל וועט ניט אָרעמער ווערן.

דער אורח האָט מסכים געווען. האָט מען אין שטעטל געפונען אַן אָרעמע אלמנה, וואָס האָט פאַר עטלעכע גילדן אַ וואָך זיך אונטערגענומען אויפצוהאָדעווען דאָס קינד.

ביי דער טיר פון דער ווייבערשער שול האָט דער שמש אויפגעהאַנגען אַ פּושקע לעבן דער פּושקע פון ר׳ מאיר בעל־הנס און אנדערע צדקה־פּושקעס און ווייבער פלעגן יעדן ערב־שבת וואַרפן גראָשנס אויך אין דער פּושקע, וואָס אויף איר איז געווען אן אויסגעדרוקט צעטעלע: „פאַרן יתום״.

פאַר זיין פאַרלאָזן דאָס שטעטל האָט דער מגיד אויפגעבונדן זיין פּאַק, ארויסגענומען פון דאָרטן אַ פּאָר צעקנייטשטע ווייבערשע קליידער און אַ פּאָר מעשענע שבת־לייכטער און דאָס דערלאַנגט דער אלמנה: דאָס איז דעם יתומס, ס׳איז זיין מאַמעס ירושה. אז ער וועט אם ירצה השם דאַרפן חתונה האָבן, זאָל ער ניט אריינקומען אין זיין ווייבס הויז מיט ליידיקע הענט. און אַ צעטעלע האָט דער אורח אויך איבערגעלאָזן און אין אים איז געווען אָנגעשריבן דער נאָמען פון יתום: כתריאל סענדער ברב משה הכוהן, געבוירן געוואָרן בשנת והיום כך וכך... מ׳זאָל געדענקען ווען זיין בר מיצווה איז און ער זאָל חס־ושלום ניט חתונה האָבן מיט אַ גרושה און זאָל זיך אָפּהיטן ניט מטמא זיין מיט אַ מת וכו׳. און דער טאַטע פון יתום איז אַוועק און מען האָט אים אין שטעטל מער ניט געזען...

דער יתום האָט זיך געהאַדעוועט ביי דער אלמנה, כמעט אַ פאַרגעסע־נער, ווייל יידן האָבן זייערע אייגענע קינדער און גענוג אַנדערע דאגות, דאָס איינציקע וואָס שטעטל האָט געוווסט איז, אז עס האָדעוועט זיך אַ יתומל נעבעך, ווייל אזוי האָט אים גערופן די אלמנה, ביי וועמען ער האָט זיך געהאַדעוועט.

* * *

אז ער איז עלטער געוואָרן און אָנגעהויבן גיין אין חדר, האָט מען אים גערופן „דער יתום", אָן אַ נעבעך, און זיין נאָמען כתריאל סענדער איז אין גאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. אפילו ער אליין האָט שוין אויך כמעט פאַרגעסן, אז ער האָט אַן אַנדער נאָמען, אַן אמתן נאָמען. צום ערשטן מאָל האָט ער געהערט אים רופן ביי זיין אמתן נאָמען, ווען ער איז געוואָרן בר־מיצווה. מען האָט אים געגעבן אַן עליה צו דער תורה און דער שמש האָט אויסגערופן: יעמוד הבחור כתריאל סענדער בר' משה הכוהן. עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ און טרערן זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן. ער האָט דערשפירט די עוולה וואָס מען טוט אים, ווען מען רופט אים „יתום" און ניט ביי זיין אמתן יידישן נאָמען, ווי מען רופט אַלע קינדער זיין גלייכן.

ער איז אַרויס פון דער אלמנהס הויז שוין אַ בחורל און געלערנט מיט אַנדערע בחורים אין ישיבה, און זיין נאָמען איז נאָך אַלץ געווען דער יתום. קום יתום, לערן יתום, גיי זיך וואַשן יתום. ער איז אנדערש ווי אַלע זיינע חב־רים, וואָס יעדערער האָט זיין יידישן נאָמען. עפּעס איז ער אַן אייביקער יתום.

אז חברה האָבן זיך געוואָלט מיט אים רייצן האָבן זיי אים כלומרשט אויפ־גערופן צו דער תורה מיט אַ פּאַטש אין סטענדער און אויסגערופן: יעמוד היתום... און אַלע אַרום פלעגן לאַכן: דער יתום. און אז דער יתום האָט פּראָ־טעסטירט און געוואָרן אין כעס, פלעגן זיי אים נאָך מער רייצן: פע! עס פּאַסט ניט צו ווערן אין כעס.

די יידן וואָס האָבן אים מיט אזוי פיל רחמנות אויפגעהאָדעוועט, האָבן ניט געפילט זיין האַרץ, אז זיי פאַרשעמען אים און טוען אים ווי מיט דעם וואָס זיי נעמען צו פון אים דאָס עלעמענטאַרסטע רעכט פון יעדן מענטשן: זיין פערזענלעכן נאָמען.

דאָס צווייטע מאָל האָט ער געהערט זיין נאָמען אויסרופן ווען ער איז גע־שטאַנען אונטער דער חופּה. אז עס איז געקומען די צייט ווען אַ ייד דאַרף חתונה האָבן, האָט ער זיך אויסגעזוכט אַ כלה לויט זיין שטאַנד, אַ יתומה מיט אַ קרעמל. האָט דער חתן אריינגעבראַכט צו דער כלה די חתונה־מתנות, וואָס

זיין טאַטע האָט איבערגעלאָזן ביי דער אלמנה, די ווייבערשע קליידער מיט די ליכטער. און שטייענדיק אונטער דער חופה האָט ער נאָך אַ מאָל געהערט זיין נאָמען, ווען דער מסדר קדושין האָט געלייענט די כתובה: כתריאל סענדער בר׳ משה הכוהן חתן דנן.

דער חתן איז געוואָרן א באַלעבאָס, אַ ייד מיט באָרד און פּיאות. מיט אַן אייגענער שטאָט אין בית־מדרש ניט ווייט פון דער טיר. און כאָטש ער איז געווען אַן אָרעמאַן פלעגט ער אויך נעמען אַן אורח אויף שבת. ער האָט געוואָלט ווייזן, אז ער איז אויך אַ באַלעבאָס און פירט זיך באַלעבאַטיש ווי אַנדערע, ניט ווי סתם עפּעס אַ יתום. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. זיין נאָמען איז נאָך אַלץ געבליבן — דער יתום.

* * *

און עס האָט געטראָפן אז מיט אַ מאָל האָט זיך אַלץ געענדערט ביים יתום און זיין נאָמען האָט געקראָגן אַ תיקון. דאָס איז געווען אַ מוצאי יום־כיפור נאָכן אָפּפאַסטן. ווער עס האָט ניט געזען די יידן ביי אונדז אין שטעטל מוצאי יום־כיפור האָט קיין פריילעכע יום־טובדיקע יידן אויף זיין לעבן ניט געזען. אָט זיינען אַוועק די ימים־נוראים טעג, מיטן פחד און זאָרג פארן גרויסן הימלשן מישפט און מיט בטחון אז דער רבונו־של־עולם האָט אָנגעשריבן אַ גוט יאָר. אָפּגעצערטע פון פאַסטן, פון תפילות און תשובה אויסגעלייטערטע האָבן יידן, מיט לייכטע הערצער און אַ גרינגן געמיט, גענומען זיך גרייטן צו דעם פריילעכן יום־טוב סוכות און שימחת־תורה, אריינברענגען דעם הייליקן יום־טוב אין שטוב אריין. ווייבער, מידע נאָך אַ לאַנגן טאָג שטיין אויף די פיס אין פאַסטן, מיט שיינענדיקע פּנימער, האָבן אָנגעהויבן ארויסיאָגן די מאנסבילן פון שטוב — זיי פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס. די מאנסבילן האָבן זיך שוין אָבער סיי ווי סיי געקליבן עפּעס וויכטיקס צו טאָן, בויען די סוכה, ווי דער מינהג איז מוצאי יום־כיפור אריינצוקלאַפּן אַ פלעקל פאַר דער סוכה. יידן מיט בערד און פּיאות זיינען געוואָרן בויערס. מען האָט ארונטערגעוואָרפן די יום־טובדיקע קליידער, מיט יארמלקעס באַדעקט די קעפּ, אין פלודערן און טלית־קטנס איבער זיי, האָבן יידן מיט חשק זיך גענומען בויען די סוכה.

ווי נאָר די פיר ווענטלעך זיינען פאַרטיק געוואָרן האָבן די זין און טעכטער זיך גענומען אויספּוצן די סוכה. פון קאָלירטן פּאַפּיר געמאַכט בלומען, מיט רויטע עפּעלעך און ווייס־בלויע מגן־דודלעך און אנדערע צאַצקעס וואָס מען האָט באַהאַנגען די ווענטלעך. פאַרטיק געוואָרן מיט דעם, האָבן זיך בחורים

און מיידלעך אפילו דערלויבט ארויסצוגיין שפּאַצירן בפרהסיא, און טאַטע־מאַמע האָבן פאַרמאַכט די אויגן און געטראַכט: די קינדער האָבן זיך געגנוג אָנגעפּאַסט און אָנגעמאַטערט, זאָלן זיי האָבן אַ ביסל פאַרגעניגן, פאַרברענגען אין דעם לופטיקן דרויסן.

אין חסידים־שטיבל איז מוצאי יום־כיפּור געווען גאַר לעבעדיק. חסידים זיינען געקומען מלויטשען די ווייץ פאַר די שמורה־מצה און אָפּפּאַסטן מיט די רעשטלעך פון די כפּרות. עס איז געווען בראָנפן אויך. מיט ניגונים און רי־קודים האָט מען פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

אָבער די שענסטע מסיבה איז געווען ביים רב אין בית־דין־שטוב. מוצאי יום־כיפּור איז די בית־דין־שטוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הויז פון פרייד און יום־טובדיקייט. לאַנגע טישן מיט ווייסע טישטעכער באַדעקט זיי־נען געשטאַנען אין מיטן צימער. דער בליצלאָמפּ האָט ליכטיק און היימלעך געלויכטן און אַ קאָכעדיקער סאַמאָוואַר איז געשטאַנען אויפן טיש. בעלי־בתים מיט יום־טובדיקע צעשיינטע פּנימער זיינען אריינגעקומען מיטן ברייטן גוט יום־טוב, רבי. אין האַנט האָט יעדער געהאַלטן זיין אתרוג וואָס ער האָט זיך איינגעהאַנדלט פאַר סוכות. ווער עס האָט איינגעפּאַקט זיין אתרוג אין אַ גלעזערנע פּושקע, ווער אין אַ מעשענע, און ס'זיינען געווען אפילו זילבערנע. זיי זיינען געקומען ווייזן דעם רב זייערע אתרוגים און הערן דעם רבס מבינות. יעדער האָט אויסגעוויקלט פאַרזיכטיק דעם אתרוג, וואָס איז געווען איינגע־וויקלט אין פלאַקס אָדער וואַטע און דערלאַנגט דעם רב. דער רב האָט ווי אַ קענער באַטראַכט יעדן אתרוג און געפונען פאַר יעדערן דעם ריכטיקן וואָרט: אַ הדר, אַ כשרער, אַ שיינער און דערביי געווונטשן יעדערן אַ גמר חתימה טובה און צוגעלייגט: אז מיר זאָלן דערלעבן איבער אַ יאָר און זוכה זיין צו נעמען אתרוגים פון די אייגענע גערטנער אין ארץ ישראל.

און אז בעלי־בתים זיינען שוין געזעסן ביי די טישן, ביי די קאָכעדיקע גלע־זער טיי, האָט זיך אריינגעלאָזט דער גביר פון שטעטל, אַ נידעריק קיילעכדי־קער ייד מיט א חשיבותדיק בייכל און שטענדיק מיט אַ נגידיש־צופרידענעם שמייכל. ער האָט שוין געטראָגן אַ האַרטן קאַפּעליוש מיט א צוגעשאָרן בערדל. ער איז געווען דער איינציקער פון די פיינע בעלי־בתים, וואָס מען האָט אים מוחל געווען זיין געשאָרענעם בערדל. ער פאָרט אַלע יאָר קיין דייטש־לאַנד און טוט דאָרטן גרויסע געשעפטן, מוז ער אזוי אויסזען.

אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שווערע זילבערנע פּושקע מיט זיין אתרוג. יידן האָבן נייגעריק געוואַרט, ווייל מען האָט געזאָגט אין שטעטל אז היינטיקס יאָר האָט דער גביר אָפּגעגעבן דעם יידן וואָס האַנדלט מיט אתרוגים זיין ריווח,

ניט צוצונעמען ביי אַן אָרעמען יידן זיין פּרנסה און געשיקט אַ שליח מיוחד אין דער גרויסער שטאָט און ער האָט אים איינגעקויפט אַן אתרוג, אַ הדר, וואָס מען זעט עס ניט. נאָך דעם ווי ער האָט געוווּנשטן דעם רב אַ גוטן יאָר האָט ער מיט ציטערדיקע פינגער אויסגעוויקלט דעם אתרוג פון דעם גאָלדיק־זיידענעם פלאָקס און אים דערלאַנגט דעם רב. די גאַנצע שטוב האָט פאַר־שמעקט מיט דעם פרישן אתרוג־ריח.

דער אתרוג איז געווען רונד און לענגלעך מיט אַ פיין גאָלד־געלע הויט, וואָס איז געווען באַדעקט מיט איידעלע שטופּעלעך און אַ געזונטער פּיטום האָט שטאָלץ באשיינט דעם שפּיץ. דער רב האָט פאָרזיכטיק גענומען פון גביר דעם אתרוג, אים געהאַלטן מיט די שפּיץ פינגער און באַטראַכט פון אַלע זייטן.

„ר׳ יצחק״, — זאָגט ער, — „דער רבונו־של־עולם האָט אייך מזכה געווען מיט אַן אמתן הדר. עס איז אַ גרויסער זכות צו מאַכן אַ ברכה אויף אַזאַ פּרי הדר״.

יידן האָבן געקוקט מיט קינאה אויפן גביר. אפילו ביים רב אויפן פּנים האָט זיך אויך באַוויזן אַ שמץ פון קינאה. אַזאַ קינאה מעג מען, ס׳איז דאָך לשם שמים. און נאָך דעם ווי דער גביר האָט זיך באַזעצט ביים טיש האָט עפּעס געטראָפן. די טיר פון בית־דין־שטוב האָט זיך האַלב געעפנט און ניט זיכער און פאַר־שעמט האָט זיך אריינגעשאַרט דער יתום. אין אַ ווייס טיכעלע האָט ער גע־האַלטן זיין אתרוג, וואָס ער האָט הייאָר געקויפט פאַר זיינע לעצטע גראָשנס. ער האָט זיך געוואָלט פירן ווי אַ בעל־הבית מיט אַלעמען גלייך, מיט אַן איי־גענעם אתרוג. ער האָט געוווּסט, אַז זיין אתרוג איז ניט קיין שיינער אתרוג. ס׳איז געווען דער לעצטער, וואָס אַלע האָבן אויסגעבראַקירט. דעריבער איז ער צוגעגאַנגען צום רב מיט ניט זיכערע טריט און שעמעוודיק געזאָגט: „גוט יום־טוב רבי״.

„גוט יום־טוב, ר׳ כתריאל סענדער״, האָט דער רב אים פריינטלעך געענט־פערט. אַלע פּנימער האָבן זיך אויסגעדרייט צום יתום, וואָס האָט אויסגעוויקלט פון זיין טיכעלע דעם אתרוג.

ער איז געווען לאַנג, מיט אַ בלייכער קרענקלעכער הויט, און דער פּיטום האָט זיך קוים געהאַלטן.

אויפן פּנים פון רב איז דורכגעלאָפן אַ שאָטן פון זאָרג טאָמער איז דער אתרוג ניט קיין כשרער.

און ווען דער רב האָט באַטראַכט דעם אתרוג צווישן זיינע פינגער האָט ער זיך שטאַרק פאַרטראַכט: ס׳איז אַ גרויסער ספק אויב מען מעג מאַכן אַ ברכה אויף אים. נאָר ווען דער רב האָט אריינגעקוקט אין דעם פּנים פון דעם

צעבראָכענעם און פאַרשעמטן יידן, וועלכער האָט געקוקט אויף אים כמעט מיט געבעט, האָט אים אַ שניט געטאָן אין האַרצן. ווי קען ער אים מצער זיין און מבייש זיין ברבים. און דער רב האָט באַשלאָסן: איך וועל בעסער גיין קעגן דין און נעמען אויף זיך די עבירה און ניט מבייש זיין דעם אָרעמען מענטשן און דער רבונו־של־עולם וועט מיר מוחל זיין.

דעם רבס פּנים האָט אויפגעלויכטן און ער האָט געזאָגט:

„ר׳ כתריאל סענדער, איר האָט ב״ה אַ כשרן אתרוג. איבער אַ יאָר, אם ירצה השם, זאָלט איר האָבן נאָך אַ שענערן״.

בעלי־בתים האָבן מיט דרך־ארץ ארויפגעקוקט צו זייער רב. זיי האָבן פאַרשטאַנען וואָס דער רב האָט געטאָן און זיי האָבן צום ערשטן מאָל דערפילט די עוולה, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען אַ לעבן־לאַנג קעגן דעם אָרעמען יידן. און ווען דער רב האָט זיך פריינטלעך אָנגערופן:

„זעצט זיך צום טיש, ר׳ כתריאל סענדער״, האָבן זיך אלע פריינטלעך צע־רוקט צו מאַכן אַן אָרט פאַר אים. כתריאל סענדער, אַ ביסל שעמעוודיק, האָט זיך אָבער אָנגעהויבן פילן דערהויבן, ווען ער האָט זיך געזעצט מיט אַלע בעלי־בתים צום טיש. ער איז געוואָרן אַ בעל־הבית מיט אַלעמען גלייך, אַ ייד ווי אַלע יידן.

דער רב האָט, ווי זיין שטייגער, אָנגעהויבן זאָגן תורה מעניני דיומא: „ולקחתם לכם, זאָגט די תורה. דאָס מיינט אז אַן אתרוג דאַרף זיין אַן אייגע־נער, פון דער אייגענער האָרעוואַניע. יעדער ייד דאַרף נעמען אַן אתרוג לויט זיינע מעגלעכקייטן, לויט זיינע כוחות. אַן אָרעמאַנס טייבעלע־קרבן איז באַ־וויליגט ביי גאָט ברוך־הוא ווי דעם גבירס פעטער אָקס. ביידע זיינען קרבנות פאַר גאָט ניט לויט זייער וואָג און פרייז, נאָר לויט דעם רצון און די כוונה פון דעם, וואָס ברענגט דעם קרבן״.

און נאָך האָט ער געזאָגט ביי דער געלעגנהייט: „אז מען זינדיקט קעגן גאָט איז יום־הכיפורים מכפר. דאָס זיינען עבירות בין אדם למקום. אָבער אז מען זינדיקט קעגן אַ מענטשן, בין אדם לחברו, איז יום־הכיפורים ניט מכפר. ס׳איז ניט גענוג תפילה און צום. יעדער איינער דאַרף דעם חבר אליין פאַרגיטיקן״. און דער רב האָט וועגן דעם ענין אַ סך גערעדט. די בעלי־בתים האָבן פאַר־שטאַנען דעם רמז פון זייער רב.

און פון יענעם מוצאי יום־כיפור איז דער יתום אויפגעריכט געוואָרן. שטעטל האָט אים אָנגעהויבן רופן מיט זיין אמתן נאָמען: כתריאל סענדער.

# דער בּרית

חיים פּוראַזשניק איז געווען אַ פרעמדער אין שטעטל, ניט געהאַט קיין קרוב, קיין גואל. ער איז געקומען אין שטעטל אַ יונגער יינגל, האָט ער זיך געוואַלגערט ביי די בעל־עגלות אין די שטאַלן, געשלאָפן מיט די הינט אויף די וועגענער, געגעסן וואָס ער האָט געכאַפּט. שטעטל האָט אים געוואָלט באשטעלן טעג, האָט ער ניט געוואָלט. איך בין ניט קיין ישיבה־בחור, איך וויל זיין אַ בעל־עגלה, האָט ער געזאָגט.

מיט דער צייט האָט זעליק דער בעל־עגלה, וואָס האָט געהאַט נאָר טעכ־טער, און ניט געהאַט ווער עס זאָל אים העלפן, אים מיטגענומען אויף די יאַז־דעס, געזעסן מיט אים אויף דער קעלניע. ער פלעגט אים אָנטרינקען די פערד, זיי פאַשן, פירן די פערד שבת אויף דער לאָנקע, און העלפן שמירן דעם וואָגן, ווי אַנדערע בעל־עגלהשע יונגען.

זעליק האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און איז געווען ניט אַלע מאָל ניכטער. איז געווען בעסער צו האָבן דעם יינגל נעבן זיך אויפן קעלניע, די פערד זאָלן ניט ארונטערגיין פון שליאַך.

און אַז ער האָט איין טאָג דערלאַנגט חיימען די לייצעס און געזאָגט: „נאַ, האַלט די לייצעס, עס מאַכן זיך מיר צו די אויגן, אָבער גיב אַכטונג“, איז דאָס געווען ביי חיימען דער גרעסטער טאָג אין זיין לעבן — אַ יום־טוב. ער איז געוואָרן אַ פאָלנער בעל־עגלה. ער וועט דאָס זעליקן קיין מאָל ניט פאַרגעסן דעם כבוד וואָס ער האָט אים אָנגעטאָן.

פון דעמאָלט אָן האָט חיים געהאַלטן די לייצעס און זעליק איז געשלאָפן אויף דער קעלניע. מיט דער צייט האָט שוין זעליק ניט געקענט אויסקומען אָן חיימען. און זעליקס ווייב האָט אים שוין געלאָזט שלאָפן אין קיך אויף דער לע־זשאַנקע און אים געגעבן עסן וואָס ס'איז געבליבן.

חיים איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער, געזונטער יונג און איז געוואָרן די רעכטע האַנט ביי זעליקן, געוואָרן איינער פון דער פאַמיליע. און ווען זעליק

איז איין מאָל קראַנק געוואָרן, האָט ער זיך שוין אין גאַנצן פאַרלאָזן אויף חיימען. ער האָט נאָך אַלץ ניט געגעסן ביים טיש מיט זעליקס משפחה, אפילו שבת ניט. ער האָט ניט ליב געהאַט מען זאָל אים קוקן אין מויל אריין. ער איז געוואָרן אַן אָנשמייסער מיט אַלע בעל־עגלהשע יונגען צוגלייך.

חיים פוראַזשניק האָט מען אים גערופן, ווייל ווען ער האָט געוואָלט זיך איינשרייבן ביי די פייערלעשער, ווי אַלע בעל־עגלהשע יונגען, און אויף רוסיש הייסט עס פאָזשאַרנע קאָמאַנדע, האָט ער געזאָגט אז ער וויל זיך איינשרייבן אין דער חברה פוראזשנע. האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן פוראַזשניק.

מיט די ערשטע פּאָר גילדן, וואָס ער האָט פאַרדינט ביי זעליקן און פון די טרינקגעלט האָט ער זיך איינגעקויפט אַ קורטקע, אַ היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק און אַ פּאָר שטיוול, ווי אַלע פורמאַנעס טראָגן, און איז געוואָרן איינער פון זיי. זעליק איז שוין אויף דער קעלניע ניט געזעסן. ער האָט נאָר באַשטעלט די פאַרשוינען און פלעגט קומען אין גאַס ארויסלאָזן דעם געשפּאַן אויף דער יאַזדע. אליין פלעגט ער שלאָפן גאַנצע טעג אויף דער לעזשאַנקע.

* * *

איין טאָג האָט חיים חתונה געהאַט מיט אַן אָרעמע יתומה. קהל האָט אים איינגעקויפט אַ פערדל מיט אַ וואָגן און פוראַזשניק איז געוואָרן אַ בעל־עגלה פאַר זיך. בעל־עגלות האָבן געקוקט מיט ביטול אויף אים, אויף דער פאַדלע און דעם נעבעכדיקן וואָגן: ווו האָט ער געקראָגן די אָרעמע פאַרשוינען? חיים האָט ווי אַלע בעל־עגלות זיך אָפּגעשטעלט אין אַלע קרעטשמעס זיך אָנצווואַרעמען מיט אַ ביסל בראָנפן. מען מוז דאָך זיין אַ מענטש מיט אַלע־מען גלייך. האָט ער פאַרטרונקען דאָס ביסל פּאַסאַזשיר־געלט, האָט זיין הויז געזינט ניט געהאַט קיין ברויט און דאָס פערדל קיין האָבער. איז מילא, אז די הויזגעזינט האָט ניט וואָס צו עסן, איז דאָ אַן עצה — מען הונגערט. אָבער דאָס פערדל האָט אַ טבע, אז ער הונגערט ציט ער אויס אַ פיסל. פלעגט פו־ראַזשניקס ווייב מיט די קינדער ניט לאָזן לייענען שבת, און שטעטל האָט גע־קויפט אַן אַנדער פערדל. אָבער אז דאָס האָט געטראָפן צו אָפט איז שטעטל פאַרמאַטערט געוואָרן. יידן האָבן פאַרמאַכט די הערצער זייערע און זיך מער ניט צוגעהערט צו די געוויינען פון פוראַזשניקס ווייב און קינדער. האָט פו־ראַזשניקס ווייב געפונען אַן עצה: זי האָט זיך אוועקגעלייגט מיט די קינדער ביים רבס בית־דין־שטוב אויף דער שוועל און קיינעם ניט אריינגעלאָזן צום רב. איז געוואָרן אַ גוואַלד — ווי קען מען אויסקומען אָן דער בית־דין־שטוב? שאלות, דין־תורות.

* * *

לעבן שטעטל איז געווען אַ קליינער יידישער יישוב, האַלב אַ דאָרף און האַלב אַ שטעטל. דאָס האָט דערמאָנט די גרויסקייט פון אונדזער שטעטל פון אמאָליקע יאָרן, ווען אונדזער שטעטל איז נאָך געווען אַ גליל־שטאָט און אַלע ארומיקע שטעט און שטעטלעך האָבן געהערט צו איר. דער יישוב האָט ניט געהאַט קיין רב, קיין שוחט און אין אַלע יידישע ענינים איז ער געווען אַ טייל פון אונדזער שטעטל. דאָרט האָבן געוווינט אַ מנין יידן, וואָס פאַר זיי האָט געציטערט די גאַנצע געגנט — יידן און גויים. זיי האָבן זיך גערופן פערד־הענדלער. אָבער אין דער אמתן האָבן זיי קיין פערד קיין מאָל ניט געקויפט. זיי פלעגן „לייען" פערד ביי די ארומיקע פריצים, און נאָך דעם בעטן אויסלייז־געלט. דאָס זיינען געווען יידן ענקים, גרויסע, געזונטע, באַוואַקסענע מיט רויטע און שוואַרצע בערד, ווי בערן. אָנגעטאָן אין גוישע קאָזשוכעס, לעדערנע, היטלען מיט גלאַנציקע קאָזשיריקעס, ווי די פויערים. שטעטלשע יידן האָבן זיך מיט זיי ניט געמישט, זיך ניט משדך געווען מיט זיי. אין בית־מדרש זיינען זיי געקומען דאַוונען נאָר ימים־טובים.

דער אָנפירער זייערער איז געווען בונים, וואָס זיינע מענטשן האָבן אים גערופן דער „יעדנעראַל", און שטעטל האָט אים גערופן בלשון סגי נהור „דער רבי". ער איז געווען דער גרעסטער, דער שטאַרקסטער און דער קליגסטער פון זיי. ער האָט געירשנט דעם שטול פון זיין טאַטן. אליין איז ער ניט געגאַנגען צו דער „אַרבעט". ער האָט געהאַנדלט מיט די פריצים וועגן די אויסלייז־געלטער, געמאַכט די פלענער. זיי האָבן קיין מאָל ניט גענומען קיין פערד ביי אָרעמע פויערים, נאָר ביי די רייכע פריצים. ערשטנס האָבן זיי ניט געהאַנדלט מיט קיין פאַדלעס, און זיי האָבן אויך רחמנות געהאַט אויף אָרעמע פויערים. די פריצים זיינען קיין מאָל ניט געגאַנגען צו פאָליציי, זיי האָבן מורא געהאַט. און אז אַ פריץ איז יאָ געגאַנגען צו דער פאָליציי, האָבן אויף מאָרגן אָפּגעברענט אַלע זיינע שייערן. די פריצים האָבן געגעבן אויסלייז־געלט און געלעבט מיט די פערד־הענדלער בשלום. אז פויערים האָבן זיך אַ מאָל צעיוכעט זונטיק אויפן מאַרק קעגן יידן, איז געווען גענוג אז איינער פון די פערד־הענדלער זאָל זיך באַווייזן אויפן מאַרק — און ס׳איז געוואָרן שטיל.

איז אָבער בונים דער „יעדנעראַל" געשטראָפט געוואָרן. זיין ווייב האָט אים געבוירן נאָר טעכטער. ער האָט ניט געהאַט קיין זין ווער עס זאָל איבערנעמען זיין שטול, וואָס האָט געהערט צו זיין משפחה פאַר דורות, און זאָגן קדיש נאָך אים. ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס גאָט האָט אים גע־

שטראָפֿט. ער נעמט ניט קיין פֿערד פֿון אָרעמע פּויערים, גיט צדקה, באַשיצט די יידן פֿון שטעטל. ער האָט אַפֿילו געדונגען אַ מלמד, אַז ערלעכן יידן, ער זאָל זאָגן תּהילים. ער האָט געשיקט פּדיון צום רבין אין גער און עס האָט ניט געהאָלפֿן. בונימען איז געגאַנגען אין לעבן ער זאָל האָבן אַ זון. ער האָט אַפֿילו געוואָלט אָפּגטן זיין ווייב, ס'איז איר שולד. האָט גאָט אויף אים רחמנות געהאַט, געזען זיין פּיין, און ס'איז געבוירן געוואָרן ביי אים אַ בן־זכר.

קיינער קען זיך ניט פֿאָרשטעלן די שימחה וואָס איז געווען ביי אים און ביי זיינע מענטשן. זיי האָבן די וואָך ניט געאַרבעט. מיר גייען מאַכן אַ ברית, וואָס שטעטל האָט דאָס נאָך ניט געזען. אָבער בונים האָט ניט געוואָלט מאַכן אַ ברית פֿאַר זיין קדיש מיט זיינע שיכורים, די פֿערד־גנבים. ער האָט געוואָלט מאַכן אַ ברית אַ יידישן, מיט פֿרומע יידן. אָבער ווי קען ער דאָס דערגרייכן? שיינע בעלי־בתּים און פֿרומע יידן ווען זיך מיט אים ניט מישן.

* * *

ווען ער האָט דערהערט וועגן פֿוראַזשניקס ווייב און קינדער, וואָס לאָזן קיינעם ניט אריין אין בית־דין־שטוב, האָט ער זיך אויסגעפּוצט אין זיינע יום־טובדיקע קליידער און איז געגאַנגען צום רב.

בונים, פֿאַר ווענען די גאַנצע געגנט האָט געציטערט, איז מיט הכנעה און מיט טרערן אין די אויגן, ווי אַ קינד, געשטאַנען פֿאַרן שוואַכן, אויסגעצערטן רב און געבעטן: „הייליקער רבי, קומט צו מיין בן־יחידס ברית און נעמט סנדק, און איך וועל געבן פֿוראַזשניקן אַ פּאָר פֿערד, וואָס קיין אויג האָט דאָס ניט געזען. איך וויל אַז מיין זון, מיט ווענען גאָט האָט מיר געבענטשט, זאָל האָבן אַ פֿיינעם יידישן ברית, ניט מיט מיינע מענטשן, די שיכורים און גראָבע יונגען".

„אַ דאַנק אייך, ר' בונים, וואָס איר זייט מיר מכבד מיט אַזאַ גרויסע מיצווה ווי סנדק. אוודאי וועל איך אי"ה קומען".

בונים האָט מיט שימחה און דאַנקבאַרקייט געכאַפּט דעם רבס האַנט און געוואָלט קושן, ווי ער טוט עס מיט די פּריצים, אָדער גלחים. דער רב האָט צוגעכאַפּט זיין האַנט ווי פֿון פֿייער: „טוט עס ניט, ר' בונים, איך בין ניט קיין גלח. יעדער ייד איז פֿול מיט מיצוות ווי אַ מילגרוים און מיר ווייסן ניט וועלכער ייד איז טייערער ביים רבש"ע".

בונים איז אַוועק פֿון רב מיט פֿרייד, ווי אַ ייד פֿילט זיך יום־כּיפּור נאָכן פֿאַסטן. ער האָט באַשטעלט אַ מנין פֿרומע יידן וואָס זאָלן קומען אויפֿן ברית.

אז דער רב נעמט סנדק קענען זיי דאָך אויך קומען אויפן ברית. ער איז געלאָפן אָנזאָגן די שימחה זיין ווייב און זיינע מענטשן: מירן האָבן אַ ברית פאַר מיין בן־יחיד ווי אַלע שיינע פרומע יידן.

טעג האָט מען גערייניקט דאָס הויז, געקויפט נייע כלים ווי פאַר פסח. ער האָט געבראַכט אַ פרומען יידן פון שטעטל ער זאָל זיין דער משגיח אויף כשרות. עס וועט זיין א סעודה ווי ביים גרעסטן גביר אויף אַ חתונה.

אין דעם טאָג פון ברית איז לעבן רבס שטוב צוגעפאָרן אַ קאַרעטע מיט אַ פּאָר פערד און בונים אליין איז געזעסן אויף דער קעלניע אָנגעטאָן אין זיינע יום־טובדיקע בגדים, מיט אַ חסידיש היטעלע אויפן שפּיץ קאָפּ, וואָס האָט זיך ניט געפּאַסט צו זיין גרויסן גוף און מגושמדיקן פּנים. ער האָט געוואָלט האָבן די מיצווה און דעם כבוד צו ברענגען דעם רב צום ברית, אליין זיין דער אָנטרייבער. דער רב האָט זיך ניט געפילט באַקוועם, ניט איינגעוווינט צו פאָרן אין אַ קאַרעטע, עפּעס ווי אַ פּריץ.

פוראזשניק האָט געוואָלט זיצן מיט בונימען אויף דער קעלניע, ער איז דאָך אויך אַ בעל־שימחה, האָט בונים ניט געלאָזן: „הענג זיך נאָך פון הינטן, פור־ראַזשניק, געגנוג פאַר דיר, ס׳איז מיין מיצווה״. נאָך א פור איז געקומען ברענגען די צען יידן מיטן מוהל.

ווען די קאַרעטע מיטן רב איז אָנגעקומען, האָבן שוין בונימס מענטשן גע־וואַרט, אויך אָנגעטאָן אין לאַנגע קאַפּאָטעס מיט חסידישע היטלען, וואָס האָבן אויסגעזען ווי פאַרשטעלטע. זיי האָבן געוואָלט אַראָפּטראָגן דעם רב פון קאַ־רעטע, האָט זיך דער רב, מיט אַ שמייכל ווי צו קינדער, ניט געלאָזן. זיי האָבן פאַר אים געמאַכט אַ וואַרע, געשטאַנען פון דערווייטנס מיט דרך־ארץ, ווי זיי וואָלטן מורא האָבן אים ניט מטמא זיין מיט זייערע גופים. ווי פאַרשעמטע קינ־דער זיינען זיי נאָכגעגאַנגען דעם רב אין שטוב.

לאַנגע טישן זיינען געווען געגרייט, מיט ווייסע טישטעכער באַדעקט און שבתדיקע לייכטער זיינען געשטאַנען אויף זיי, ווי ביי יידן שבת און יום־טוב, און די בעסטע מאכלים. פאַר בונימס מענטשן האָט מען געגרייט אַ באַ־זונדערן טיש. עס פּאַסט ניט אז די גראָבע יונגען זאָלן זיצן צוזאַמען מיטן רב און פרומע יידן ביי איין טיש. אָבער דער רב האָט פאַרלאַנגט אז אַלע זאָלן זיצן ביי איין טיש.

נאָכן ברית, ווי דער שטייגער איז, האָט דער רב געזאָגט אַ דרוש מעניני דיומא: „עס איז אַ גרויסע שימחה ביי אונדז, אז מען איז זוכה אריינצוברענגען אַ יידיש קינד בבריתו של אברהם אבינו, און מיר בענטשן די עלטערן אז זיי זאָלן זוכה זיין אים מגדל זיין לתורה, לחופה ולמעשים טובים. חופה באשטימט

מען אין הימל. ארבעים יום קודם הולדת הולד מכריזים בת פלוני לפלוני, אָבער תורה און מעשים טובים ליגט אין די הענט פון די עלטערן. ס'איז א גרויסע מיצווה און אַ חוב אויפן פאָטער ער זאָל לערנען זיין קינד תורה. אַ קינד, אז ער הייבט נאָר אָן צו ריידן דאַרף דער פאָטער אים שוין לערנען תורה, און מעשים טובים לערנט אַ קינד ביי זיין פאָטער אין הויז. יידן דאַרפן זיך פירן ערלעך. מען דאַרף פירן אַן ערלעכן לעבן, געבן צדקה, האַנדלען ערלעך און לערנען תורה".

בונים, וואָס איז שוין געווען אַ ביסל בגילופינדיק צוליב דער גרויסער שימחה, איז געפאַלן דעם רב צו די פיס און האָט אָנגעהויבן ברומען ווי אַן אָקס און זיך געקלאַפּט מיט די קולאַקעס אין האַרצן: „איך זאָג צו, הייליקער רבי, צו לערנען מיין זון תורה, אַ למדן וועט ער ביי מיר זיין. אַ פרומער ייד וועט ער זיין און ניט קיין פערד־גנב, ווי איך. און איך זאָג צו צו טאָן מעשים טובים, ניט גנבענען מער קיין פערד, נאָר קויפן כשרע פערד, ווי ערלעכע יידן טוען, אז ניט, זאָל מיר די כאָלערע כאַפּן. איר הערט", ווענדט ער זיך צו זיינע מענטשן, „די קישקעס וועל איך אייך אויסדרייען, אויב איר וועט גנבענען".

דער רב האָט פאַרקנייטשט דעם פנים: „ר' בונים", זאָגט ער, „מען טאָר ניט שילטן, אפילו זיך אליין אויך ניט".

„זייט מיר מוחל, רבי, איך בין א גראָבער יונג, איך קען ניט ריידן ווי אַ שיינער ייד, אָבער מיין זון וועט זיין אַ שיינער ייד, אַ למדן, איך שווער אייך, און צדקה וועלן מיר געבן". און דערביי האָט ער ארויסגענומען אַ האַנט פול מיט פאַפּירגעלט און אריינגעלייגט אין אַ טעלער. „דאָס איז פאַר צדקה פאַר פרומע יידן". און נאָך אים האָבן זיינע מענטשן אויך געוואָרפן געלט אין טעלער. פוראַזשניק, וועלכער האָט געמיינט, אז צוליב אים איז די גאַנצע שימחה, איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. ער האָט נאָך אזוי פיל געלט אין זיין גאַנצן לעבן ניט געזען, און ס'איז דאָך פאַר אים, האָט ער שוין געוואָלט כאַפּן דאָס געלט. אָבער בונים האָט אים אוועקגעשטויסן. „פוראַזשניק, איך וועל דיר..." און האָט ניט געענדיקט, זיך דערמאָנט, אז דער רב האָט געזאָגט מען טאָר ניט שילטן. „דאָס געלט איז ניט פאַר דיר, דאָס איז פאַר צדקה, פאַר פרומע יידן. דו וועסט קריגן אַ פאָר פערד, ווי איך האָב צוגעזאָגט דעם הייליקן רבין. און אויב דו וועסט זיי פאַרשיכורן וועל איך דיר ממיתן. פון היינט אָן זאָלסטו זיך פירן ווי אַן ערלעכער ייד, ווי אַ מענטש, ווי דער רבי הייסט. ברענג אַ זאַק און נעם עסן פאַר דיין ווייב און קינדער וויפל דו ווילסט. זיי האָבן זיך געענוג אָנגעהונגערט".

אויף מאָרגן פרי האָט מען געהערט ביים רב אויפן הויף הירזשען פערד, און בונים איז אריינגעקומען, נאָך אַלץ אין זיינע שבתדיקע קליידער, צום רב

אין שטוב און געזאָגט: „זאָל דער רבי זען וואָס פאַר אַ פּאָר קאַשטאַנעס איך האָב געבראַכט פאַר פוראַזשניקן״.

דער רב האָט אים געוואָלט צוליב טאָן און איז ארויס מיט אַ שמייכל אויפן הויף. קיין גרויסער מבין אויף פערד איז ער ניט געווען. בונים האָט געעפנט דאָס מויל פון פערד: „איר האָט שוין געזען אזעלכע ציינער, ווי לייבן״.

זייער שיין״, זאָגט דער רב, „איר טוט א גרויסע מיצווה, ר׳ בונים״.

אז פוראַזשניק איז געקומען נאָך די פערד, האָט ער זיך ניט געגלייבט, אז עס איז פאר אים. ער איז געווינט געווען צו פאַדלעס. „פוראַזשניק״, זאָגט בונים, „זאָלסט זיי אָפּהיטן ווי דיינע אויגן אין קאָפּ. זיי געבן עסן, ניט פאַרפּיאַ־נעווען. אז ניט, וועל איך דיר דערהרגענען״.

פון דעם טאָג האָט מען מער ניט געהערט פון גנבענען פערד אין געגנט.

# מען באַקט שמורה־מצה

אין אַלע ענינים פון עבודת־הבורא און יידישע מינהגים האָבן זיך חסידים און מתנגדים, ביי אונדז אין שטעטל, ניט געמישט איינע מיט די אַנדערע, ניט געהאַלטן איינער פון דעם אַנדערנס דרכים; יעדער פון די צוויי האָט זיך געהאַט זיין וועג אין יידישקייט. מתנגדים האָבן געלערנט תורה אין די בתי־מדרשים, געשיקט די זין אין באַרימטע ישיבות לערנען, און חסידים זיינען געפאָרן צום רבין, געפּראַוועט טיש און זיך פאַרנומען מיט קבלה. אָבער אין איין ענין האָבן זיי זיך צוזאַמענגעלייגט — דאָס איז געווען דער ענין פון שמורה־מצה. חסידים און מתנגדים, וואָס האָבן געגעסן פּסח בלויז מצה־שמורה, זיינען געוואָרן שותפים אין דער אָ הייליקער מיצווה: בשותפות געזייט די ווייץ, געמאָלן דאָס מעל און געבאַקן צוזאַמען די מצה.

אי די חסידים און אי די מתנגדים ביי אונדז האָבן געהאַט א קבלה, אז די מיצווה פון עסן מצה איז ניט נאָר כדי מקיים צו זיין דאָס געבאָט פון שבעת ימים תאכלו מצות, נאָר טאַקע זיך אויך מיט דער מיצווה מטפל זיין.

פונקט ווי די יידן האָבן דאָס געטאָן ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים, האָבן זיך יידן אזוי נוהג געווען אין אונדזער שטעטל פון שנים קדמוניות: אָפּגעקויפט אַ שטיקל פעלד מיט ווייץ ביי אַ פּויער אין אַ דערבייאיקן דאָרף, ווי נאָר ער האָט עס פאַרזייט. דער פּויער, וואָס האָט פאַר לאַנגע יאָרן געזייט די ווייץ פאַר די מצה־שמורה, האָט דאָס גערופן אויף זיין גוייש לשון מאַשעשמולע. ער האָט שוין געוווּסט ווי אזוי עס אָפּצוהיטן, אז די ווייץ זאָל ניט איבערוואַקסן, און ווען מען נעמט ארונטער די זאַנגען צום טריקענען זאָלן זיי ניט נאַס ווערן. דער פּויער איז שטאָלץ געווען, וואָס אים דאַרף מען ניט זאָגן — ער ווייס ווי מען דאַרף זיך באַגיין מיט מאַשעשמולע־ווייץ...

בערעלע חסיד האָט אָבער געהאַלטן אז אין אַזאַ ציטערדיקן און איידעלן ענין ווי מצה־שמורה זאָל מען זיך אויף אַ גוי אין גאַנצן ניט פאַרלאָזן. ער האָט עס אַ קבלה פון זיין זיידן, דער צמח ישורון, וואָס האָט זיך נוהג געווען צו גיין

פון צייט צו צייט באַזוכן דאָס פעלד. פלעגט אויך בערעלע חסיד זיך ארויס־כאַפּן אין פעלד, צו די ווייץ, עלעהיי מ׳גייט באזוכן א נאָענטן קרוב, זען וואָס ער מאַכט.

בערעלע חסיד איז געווען אַ ייד אַ ברען, א פייערדיקער חסיד און דער גאַנצער פירער פון חסידים־שטיבל. ביי די חסידים איז ער געווען כמעט אַ רבי, זיי האָבן אים גערופן דער אייניקל, ווייל ער האָט געשטאַמט פון אַ באַוווסטער רבישער משפחה — זיין עלטער־זיידע איז געווען דער צמח ישורון זצ״ל, וואָס האָט געשמט מיט זיין גאונות און צידקות איבער דער גאַנצער וועלט. און ווען ער איז נסתלק געוואָרן און זיינע חסידים האָבן זיך צעטיילט צווישן זיינע יור־שים, איז ניט געווען גענוג פאַר יעדערן פון די יורשים אויף צו פירן אַ הויף. בערעלעס פאָטער האָט אויך גע׳ירשנט אַ רבישן שטול, נאָר ער האָט ניט גע־האַט גענוג חסידים צו קענען אליין „פירן אַ הויף״, פלעגט ער ארומפאָרן אי־בער די שטעטלעך פראַווען טיש צווישן אַנדערע חסידים און שוין פאַר איינ־וועגס קלייבן געלט.

* * *

איין טאָג איז פאַרפאָרן צום רבס שטוב אַ קאַרעטע און געבראַכט אַ חסי־דישן רבין. אז אַ רב זאָל פאָרן אין אַ קאַרעטע איז געווען א נייס אין שטעטל, ווייל אין קאַרעטעס, האָבן יידן געוווסט, פאָרן נאָר פריצים. יידן פאָרן אין פורן מיט בוידן. דער רבי, אַ ייד מיט אַ פיינע בלאָנדע באָרד און געקרייזלטע פיאות, איז געווען אויסגעפוצט אין אַ זיידענער קאַפּאָטע און אַ פוטערנעם שטריימל, כאָטש ס׳איז געווען אין מיטן זומער. ביי זיין זייט איז געזעסן א בחור, אַ הויכער און א שיינער און אויך אויסגעפוצט אין א זיידענער קאַפּאָטע. אין שטעטל האָט מען געזאָגט, אז דער רבי האָט געהאַט א קבלה צו טראָגן זיידנס, ווייל זיידנס שפּינען דאָך ווערעם, זאָל עס דערמאָנען, אז אַ מענטש איז נאָר רמה ותולעה...

דעם רבינס זון איז אריינגעגאַנגען צום רב אין שטוב און האָט מודיע גע־ווען, אז דער בראָקער רבי, אַן אייניקל פון צמח ישורון, איז אָנגעקומען. אזוי איז שוין געווען דער מינהג, אז אַ חשובער אורח פלעגט קומען אין שטעטל איז ער פאַרפאָרן צום רב. דער רב, כאָטש א מתנגד, וואָס האָט ניט שטאַרק גע־האַלטן פון חסידישע רביים, איז אָבער ארויס מקבל פנים זיין דעם אורח. דער רבי איז געווען אַ ייד אַ למדן לויט דעם פוילישן דרך, חוץ דעם איז ער געווען אַ צדיק און אַ קלוגער ייד — זיינען טאַקע דער רב און דער רבי אין עטלעכע טעג געוואָרן ידידים.

די רביצין האָט אַ ביסל אונטערגעמורמלט, ווייל זי איז געווען די פאַרזאָר־גערין פון שטוב (אין עניני ממונות האָט זיך דער רב ניט געמישט) און דער רבי האָט געמוזט האָבן ווייַן צום עסן. האָט זי געטענהט:

„וואָס, ס'איז דען יום־טוב אָדער מיר זיינען פריצים, אז מען טרינקט שוין וויין אין דער וואָכן?"

האָט איר דער רב דערקלערט:

„אז אַ ייד איז געוווינט צו טרינקען וויין ביים עסן, איז עס דאָך ביי אים אַ צורך נפש, ס'איז אַ רגילות וואָס ער איז איינגעוווינט פון זיין הויז און מוז עס האָבן!"

דעם רביס זון, א הויכער און אויסגעפוצטער, איז אויך געווען אַ זינגער, אַ מחיה צו הערן, און האָט נאָך דערצו געשפּילט די פידל, איז ער געוואָרן דער באַגער און דער ווונטש פון אַלע בעלי־בתישע טעכטער אין שטעטל. ווען ער פלעגט גיין מיט זיין פאָטער איבער דער גאַס, האָבן מיידלעך בגניבה ארויסגע־קוקט דורך די שפּאַלטן פון די פאָרהאַנגען און הערצער האָבן געציטערט: נאָר ווער קען דען גרייכן צו אזא ייחוס?

משה־חיים דעם שניטקרעמער, וואָס איז געווען דער גביר פון חסידים־שטיבל, כאָטש פון אַן אַנדער רבין — אַ גערער חסיד — איז אָבער איינגע־פאַלן אז אזא שידוך וואָלט גאָר פאַר אים פּאַסן. אַ קלייניקייט: זיך משדך זיין מיטן צמח ישורון.. האָט ער געשיקט אַ שדכן צום רבין. און אזוי ווי ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט אויספירן, האָט ער צוגעזאָגט אז ער וועט דעם בחור אָפּגילטן: אייביקע קעסט ומכל טוב. האָט דער רבי מסכים געווען און ס'איז מיט מזל געוואָרן אַ שידוך. דער רבי פון זיין זייט האָט צוגעזאָגט א מתנה — אַ דרשה־געשאַנק פון חתנס צד — צו געבן דעם צמח ישורונס, זכותו יגן עלינו, א זיידענע קאַפּאָטע, א טלית־קטן און אַ פּאָר פּאַנטאָפל. דאָס האָט גע־זאָלט זיין ניט חס־ושלום צו טראָגן, ווייל מ'קען נאָך, ישמרנו השם, גע־שטרויכלט ווערן, אַ קלייניקייט, דעם צמח ישורונס הייליקע קליידער, וואָס ער האָט געטראָגן ווען ער האָט עוסק געווען אין קבלה, סתרי־תורה און געהאָט אפילו עלית־נשמה אין די בגדים, נאָר האַלטן זיי ווי אַ סגולה, ווי אַ קמיע.

דאָס אייניקל איז געווען אַ גרויסער יחסן אין חסידים־שטיבל, כמעט אַ רבי, און מיט דער צייט האָט מען אים אָנגעהויבן רופן בערעלע חסיד. צו זיין ברען, זיין פייער, זיין דביקות, ווען ער פלעגט דאַווענען אָדער זינגען אַ ניגון, איז קיין שיעור ניט געווען.

אַלע יאָרן האָט בערעלע געלעבט אויפן חשבון פון שווער, אויף די אייביקע קעסט, און אויף זיין אייגענעם ייחוס פון דער זיידענער קאַפּאָטע, דעם טלית־

קטן און די פּאַנטאָפל פון צמח ישורון, און האָט זיך עוסק געווען אין חסידות און מיצוות.

* * *

איינע פון די מיצוות וואָס בערעלע חסיד האָט געהאַלטן זייער טייער, איז געווען מצה־שמורה. מיט דעם האָט ער זיך עוסק געווען אַ גאַנץ יאָר — פון פאַרזייען ביז מען האָט געענדיקט באַקן די מצות. בערעלע איז געווען דער משגיח איבער די מצה־שמורה. ס׳איז געווען זיין מיצווה, און ס׳איז געווען אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן.

אַ גרויסער יום־טוב איז געווען ביי די יידן, ווען דער פויער איז אָנגעקו־מען אין שטעטל מיט זיין גרויסן וואָגן אָנגעלאָדן פול מיט די שמעקעדיקע גיל־דענע סנאָפּעס זאַנגען.

בערעלע חסיד איז געזעסן, צוזאַמען מיטן פויער, אין זיין זיידענער קאַפּאָ־טע אויף דער פויערשער פור, ווי אַ מחותן וואָס ברענגט אַ חתן צו דער חתונה. דער וואָגן איז פאַרפאָרן צו דעם חסידים־שטיבל ווו עס איז געווען אַ באַזונדער צימער אויף צו האַלטן די זאַנגען, נאָך דעם — די ווייץ, און צולעצט — דאָס מעל. אין דעם צימער האָבן שוין געוואַרט אַלע שותפים, כדי מקבל פּנים זיין די פור און העלפן ארונטערנעמען די זאַנגען. בערעלע חסיד איז געווען דער קאָמאַנ־דיר, געוויזן ווו מען דאַרף די סנאָפּעס אוועקלייגן, און אַלע בעלי־בתים האָבן אים געפאָלגט ווי קינדער דעם רבין. ער האָט באַדעקט מיט ריינע זעק די זאַנגען, וואָס האָבן דאָרט געדאַרפט בלייבן ליגן ביז מוצאי־יום־כיפור.

מוצאי־יום־כיפור, גלייך נאָכן אָפּפאַסטן, אין די יום־טובדיקע קליידער, מיט פריילעכע הערצער זיינען זיך די שותפים צוזאַמענגעקומען אין חסידים־שטיבל. מ׳האָט זיך גענומען מיט התמדה מלויטשען די ווייץ, ארויסנעמען די טרוקענע קערנער פון די זאַנגען. און ווי די פויערים ביים ארונטערנעמען דאָס קאָרן פון פעלד טוען עס מיט גויישן געזאַנג, אזוי האָבן די יידן מיט ניגונים און יום־טובדיקע תפילות גערייניקט די ווייץ איינס ביי איינס.

געענדיקט די אַרבעט האָט מען די קערנער ארייגעשאָטן אין ווייסע זעקע־לעך און אוועקגעלייגט אין אַ טרוקענעם אָרט, באַדעקט, עס זאָל חס־ושלום עפּעס ניט טרעפן מיט דעם. ערשט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע שימחה: מען איז אריין אין חסידים־שטיבל — חסידים און מתנגדים — מען איז דאָך עפּעס שותפים צו אזא גרויסער מצווה — און צוזאַמען געמאַכט אַ סעודה. חיים־משה דער שניטקרעמער, בערעלעס שווער, האָט געהאַט אַ חזקה צו געבן משקה ע״ח הגביר. יעדער בעל־הבית האָט מיטגעבראַכט די איבערגעבליבענע

מאכלים, שיריים פון אָפּפּאַסטן. די פּרחי־כהונה, יונגע חסידימלעך האָבן גע־באַקן קאַרטאָפל און מיט יום־טובדיקן געזאַנג און פריילעכע טענץ האָט מען פאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

ראש־חודש אדר, ווען דער יידישער מילנער האָט געכשרט די מיל פאַר פּסחדיקן מעל און דער רב האָט געגעבן דעם הכשר, האָט מען דאָס ערשטע גע־מאָלן די ווייץ פאַר מצה־שמורה.

דער טאָג איז געווען בערעלע חסידס יאריד. מיט טויזנט אויגן האָט ער געדאַרפט היטן, אז עס זאָל חס־ושלום זיך ניט אריינמישן אַן אַנדער קערנדל ווייץ. דעם טאָג איז ער געווען דער בעל־הבית איבער דער מיל. דער מילנער האָט נאָר געזאָגט וואָס מען דאַרף מאַכן, כדי די ארבעט זאָל גיין און די שות־פים האָבן אליין געטאָן די גאַנצע אַרבעט. מען האָט דאָס מעל צופיל ניט גע־זיפּט, ווי מען זיפּט געוויינלעכן מצה־מעל, איז עס טאַקע געווען א ביסל טונקל. אדרבא, זאָל עס טאַקע אויסזען ווי דאָס לחם עוני, וואָס יידן האָבן געגעסן ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים בחיפּזון. די זעקעלעך האָט מען געבראַכט אין חסי־דים־שטיבל פאַרוויקלט און פאַרבונדן, מען זאָל זיך חלילה ניט צורירן צו דעם מיט חמצדיקע הענט. אזוי איז עס ליגן געבליבן, ביז מ׳האָט גענומען באַקן די מצה.

* * *

אויף מאָרגן נאָך פּורים איז געוואָרן לעבעדיק אין שטעטל: מען האָט גענומען באַקן מצה. צוערשט האָט מען געבאַקן די מעות־חיטים־מצה מיט אַלע אַנדערע מצה. נאָך דעם האָבן די חסידים און מתנגדים, וואָס האָבן געגעסן נאָר מצה־שמורה, זיך גענומען צום באַקן זייער מצה. מ׳האָט נאָך אַ מאָל געוואַשן און געשייערט די טישן מיט די כלים, געברענט און געכשרט דעם אויוון. קיין ווייבער האָט מען ניט צוגעלאָזן צו דעם, מ׳האָט זיי ניט געטרויט, און אַ שומר האָט מען אוועקגעשטעלט איבער נאַכט.

פאַרנאַכט, בין מנחה למעריב, זיינען אַלע מצה שמורה־שותפים מיטן רב פאָרויס, מיט עמערס אין די הענט, געגאַנגען צום טייך ברענגען וואַסער פאַר די מצה, מים שלנו — אזוי איז דער דין — דאָס וואַסער דאַרף איבערנעכטיקן. די צערעמאָניע האָט אויסגעזען ווי אַ דעלעגאַציע וואָס גייט באַגעגענען א חשובן גאַסט.

מיט פרומע, פריילעכע פּנימער איז מען געגאַנגען טאָן די גרויסע מיצווה און מ׳האָט געלויבט השם־יתברך, אז מ׳האָט עס דערלעבט.

צו מאָרגנס פאַר נץ החמה האָט דער בעדער איינגעהייצט די באָד מיט דער מיקווה. יעדער וואָס האָט אָנטייל גענומען אין באַקן די מצה, איז געגאַנגען אין מיקווה, נאָך דעם אָפּגעדאַוונט מיט אַן אייגענעם מנין — דאָס איינציקע מאָל וואָס חסידים און מתנגדים האָבן געדאַוונט צוזאַמען. נאָכן דאַוונען האָט קיינער ניט טועם געווען, כדי זיך ניט צורירן צו חמץ איידער מ׳וועט ענדיקן באַקן די מצה...

יידן אין טלית־קטנס און יאַרמלקעס, מיט גרייניקטע און פרײדיקע הער־צער האָבן זיך איינגעטיילט מיט דער ארבעט. דער רב איז געווען דער משגיח אויפן באַקן די מצה און „גענומען חלה" פון יעדער מיירע. ער האָט אויך אַכ־טונג געגעבן טאָמער חלילה אַ שאלה.

חיים־לייב דער חסיד, אַן עלטערער ייד, וואָס איז שוין געווען האַלב־בלינד, אָבער ער האָט אויך געוואָלט מקיים זיין די מיצווה בגופו, איז געווען דער וואַ־סער־גיסער. משה־חיים דער שניטקרעמער מיט די געזונטע גראָבע ידים, איז געווען דער קנעטער. זוסע דער בעקער איז געווען דער זעצער און ועל כולם — בערעלע חסיד, איז געווען דער רעדלער. ס׳איז געווען אַ מחיה צו זען די גלייכע, געשטופּלטע ליניעלעך אין די מצות, וואָס זיינען געפּלויגן פון זיינע הענט... די רעשט יידן זיינען געווען וועלגערס. יידן מיט בערד און פּיאות האָבן זיך געשאָקלט ביים וועלגערן, פּונקט ווי ביים דאַוונען. די מצות זיינען טאַקע נאָך דעם ארויסגעקומען אַ ביסל קרום, ניט גאָר קיילעכדיק, און די ווייבער האָבן שפּעטער גוטמוטיק געלאַכט: מאַנסבילן, ניט דאָ געדאַכט — זגראַבנע וועלגערקעס, אַ שיינעם פּנים וואָלטן זיי האָבן אַן אונדז.

און אַז עס איז אַלץ אריבער בשלום, האָט יעדער איינער גענומען זיין טייל מצה, אין שטרויענע קערבלעך, באַדעקט, ווי מ׳וואָלט מורא האָבן פאַר אַן עין־הרע, און עס געטראָגן אהיים אויף די פּלייצעס, ווי פאַרצייטן די ביכורים אין ארץ־ישראל.

אָבער מיט דעם איז עס ניט געווען געענדיקט. דער טאָג איז געווען אַ יום־טוב. אויסגעהונגערטע, פאַרמאַטערט פון דער ניט געוווינטער ארבעט, האָט מען געמאַכט אַ סעודה ביים רב אין שטוב — א חזקה פון לאַנגע יאָרן — מיט משקה, לעקעך און געהאַקטע הערינג, ווי ביי א ברית. ס׳איז געווען א סעודת־מיצווה. און ווען יידן טרינקען בראָנפן און עסן לעקעך, ווערן זיי פריילעך. בע־רעלע חסיד האָט פאַרצויגן אַ ניגון און ס׳איז געוואָרן לעבעדיק. מען דריקט זיך די הענט און מ׳ווינטשט זיך אַ כשרן פּסח און מען זאָל דערלעבן איבער אַ יאָר אי״ה.

# מיין מאַמעס קיך

אונדזער קיך — די שפּייזערין און פאַרזאָרגערין פון גשמיות אין אונדזער שטוב — איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן, פּירקאַנטיקן צימער, שטענדיק אויפגעראַמט און זויבער. דאָס איז געווען מיין מאַמעס מלוכה. מיין מאַמע איז געווען ציכטיק ביז משוגעת.

דעם אויבנאָן האָט פאַרנומען אַ גרויסער ליימענער באַקאויוון. איך האָב ליב געהאַט דעם באַקאויוון מיט זיין ברייט־אָפענעם מויל. אַז דער באַקאויוון האָט געברענט, האָב איך געוווסט אַז ס׳וועט שוין זיין עפּעס אַ גוטע זאַך: ווייסע אייער־חלה מיט ראָזשינקעס, שוואַרצע קימלברויט אָנגעפּילט מיט הערינג, און זייער אָפט — לונגען־באָנדעס. אוי, ווי איך האָב זיי ליב געהאַט, די פרישע, ברוינע פעטע חלהלעך, אָנגעפּילט מיט לונג, אָדער גאָר אַ פעטן בולבע־קוגל. כ׳האָב ליב געהאַט מיין מאַמעס בולבע־קוגל, אַז דער טעם ליגט מיר נאָך היינט אין מויל. די קיך האָט קיין מאָל ניט גערוט, אַ גאַנצן טאָג געברענט, געשפּריצט, געהודזשעט מיט כעס, ווי זי וואָלט געזאָגט: פּרעסערס, מאַכט אַ סוף און לאָזט זיך אָפּרוען. אָבער צייט איך געדענק האָט זיך תמיד געקאָכט, זאָל זיין כאָטש הייס וואַסער פאַר טיי. די פּאָליצעס ביי די ווענט זיינען געווען אָנגעשטעלט מיט כלים: פליישיקע, מילכיקע, און פאַרעווע באַזונדער; טעפּ און טעפּלעך — קופּערנע, ליימענע און צינענע. און רחל, די דינסט, האָט כסדר געהאַלטן אין וואַשן כלים.

ביי דער שוועל, אין דער ערד, זיינען אַלע מאָל געווען ארייַנגעשטעקט מע־סערס מיט גאָפּלען, וואָס האָבן זיך געהאַט אויסגעמישט — פליישיקע מיט מיל־כיקע. אָן אַ זייט איז געשטאַנען אַ שלאָפבאַנק, ווו רחל, די דינסט, איז אינע־ווייניק געשלאָפן, נאָר בייטאָג האָט מען אראָפּגעלאָזן דעם דעק און פאַרשפּרייט אַ ווייסן טישטעך, אויף וועלכן ס׳זיינען כמעט שטענדיק געלעגן קיילעכדיקע בלעטלעך לאָקשן.

מיין מאַמע, די רביצין, איז געווען אַ נידעריקע, מיט אַן ערנסטן, איידעלן און פרומען פנים. זי איז שטענדיק געווען אָנגעטאָן זויבער, מיט אַ שייטל און אַ ווייסע פאַטשיילקע אויפן שייטל. זי איז תמיד געווען פאַרטאָן, קיין מאָל קיין צייט ניט געהאַט. אַ קליינעקייט, מען דאַרף אָנקאָרמענען קיין עין־הרע אַ שטוב מיט הונגעריקע קינדער, און אַלע מאָל זיינען דאָ אורחים, ניט אויסגע־רעדט זאָל זיין, אַ רבנישע שטוב. מיין מאַמע האָט שוין געזאָרגט אַז עס זאָל זיין עפּעס אָפּצועסן פאַר אַ הונגעריקן אורח. זי איז געווען די הערשערין איבער דער קיך, מיט רחלען, די דינסט, איר רעכטע האַנט. רחל איז געווען אַ גרויסע מויד, מיט אַ פּאָר געזונטע מאַנסבילשע הענט און אַ רויט פנים, פאַרברענט פון דער קיך.

טישן און שטולן זיינען געשטאַנען ביי די ווענט פאַר די איינגייערס אין מיין מאַמעס קיך. ערב־שבת איז אין קיך געווען אַ יאַריד. דער באַקאויוון האָט געברענט, די קוכאַנקע האָט געקאָכט, און די מאַמע מיט רחלען, פאַררויטלטע, זיינען געווען פאַריאָגט און פאַרשמייעט. זייער אָפט פלעגן קומען ווייבער זיך דורכשמועסן מיט דער רביצין, פרעגן עצות, זיך באַקלאָגן אויף זייערע מענער און זייערע שלעכטע דאָליעס. מיין מאַמע האָט געהאַט אַ גוט וואָרט פאַר יע־דערער. עס פלעגן אויך אריינקומען שטענדיקע באַזוכער, מאַנסבילן, וואָס האָבן קיין שייכות ניט געהאַט צום רב מיטן בית־דין־שטוב.

אַ באַזונדערן ווינקל אין קיך האָט געהאַט פישל דער שמש, וואָס איז געווען הויפּטשמש פון גרויסן בית־המדרש און אויך דער בית־דין־שמש. ער איז געווען אַ שווערער, נידעריקער ייד, אָנגעטאָן אין אַ בכבודיקער קאַפּאָטע, ווי עס פּאַסט פאַר זיין שטעלע, מיט אַ שיינע, לאַנגע, בלאָנדע באָרד, שוין אַ ביסל גרוילעך. קיין למדן איז ער ניט געווען, און די שמשעריי האָט ער געירשנט פון זיין שווער, ווי נדן. דערפאַר האָט ער אָבער זייער שטאָלצירט מיט זיין באָרד. אין דער באָרד איז געלעגן זיין כוח, וואָס האָט אים געמאַכט אויסזען ווי אַ תלמיד־חכם. די באָרד איז געווען זיין באַשטייערונג צו דער אויטאָריטעט פון בית־דין־שטוב. אז ער איז ניט געווען פאַרנומען מיט קהלשע אַרבעט, איז ער געזעסן ביי דער רביצין אין קיך, טאָמער דאַרף מען אים האָבן פאַר אַ שליחות. און ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ שליחות, רופן וועמען צו אַ דין־תורה, איז פישל אויפגע־שטאַנען, געגעבן אַ גלעט די באָרד, ווי ער וואָלט וועלן מאַכן זיכער, אז ער איז ראוי צו זיין שליחות, געגעבן אַ צופרידענעם הוסטעלע, גענומען דעם גראָבן שטעקן, וואָס ער האָט אויך געירשנט פון זיין שווער און איז געווען אַ טייל פון זיין אויטאָריטעט, אַ מין מטה אהרון, און פלעגט גיין אין זיין שליחות. אָבער אז ער האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָט ער געשמועסט, דערציילט נייס, און

דאָס רוב געטרונקען טיי, אָדער גאָר געשלאָפן אין ווינקל. פישל איז אויך גע־ווען די פאַרבינדונג צווישן דער קיך און דער בית־דין־שטוב: פלעגט העלפן טראָגן טיי פאַר חשובע געסט, אָדער פאַר לערנער, וועלכע זיינען זיך געקומען דורכריידן מיטן רב אין תורה.

די רביצין האָט קיין מאָל ניט געגעסן ביים טיש מיט דער פאַמיליע, חוץ שבת און יום־טוב, בכלל האָט מען איר קיין מאָל ניט געזען עסנדיק. האָט איר פישל איין מאָל געפרעגט: „רביצין, איך זע אייך קיין מאָל ניט עסן, פון וואַנען לעבט איר?" האָט אים די רביצין געענטפערט: „נאַרישער ייד, מיר זינדיקע ווייבער, וואָס דאַרפן מיר? מיר לערנען דען תורה, ווי די מאַנסבילן? זיי דאַרפן האָבן כוח. די תורה שוואַכט אָפּ דעם מענטשן. איך פאַרזוך וואָס מען קאָכט און מען באַקט, היינט דעם ריח וואָס איך זאַפּ איין אַ גאַנצן טאָג, ווען מ׳קאָכט און מ׳באַקט — דאָס איז גענוג".

אַ שטענדיקער באַזוכער ביי אונדז אין קיך איז געווען שלמה דער בעז־דעטניק. אַ ברעקל יידעלע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קינד, ווען ניט זיין לאַנג און בלייך פנים און די פּאָר לאַנגע שוואַרצע האָר, וואָס זיינען אים שיטער גע־וואַקסן אויף די צעקנייטשטע באַקן און גאָמבע, און מער נאָך אויף דער דינער, לאַנגער און שפּיציקער נאָז. ער האָט געהאַט אַ קוויטשיק קולכל. אין זיין צע־קנייטשטן כאַלאַטל האָט ער אויסגעזען נעבעכדיק און פאַרשעמט. דערפאַר טאַקע האָט אים די רביצין מקרב געווען, נעבעך אַ רחמנות.

בעזדיעטניק האָט מען אים גערופן, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין קינדער, און ווייל קיין חיונה האָט ער אויך ניט געמאַכט, האָט זיין ווייב אים גערופן „מיין שלים־מזל", אָדער „מיין מאַנסביל, ניט דאָ געדאַכט". ער האָט געהאַט אויסגעריסענע יאָרן ביי איר. פלעגט ער אַנטלויפן אין בית־מדרש, אָדער ביי דער רביצין אין קיך זיך באַקלאָגן אויף זיין מרשעת, ווי ער האָט גערופן זיין ווייב, און טרינקען טיי. אָפּצונאַרן די צוקער איז שלמה געווען דער גרעס־טער קינסטלער. קיינער האָט ניט געקענט אַזוי באַהאַלטן די צוקער אונטער דער צונג, אַז די טיי זאָל עס ניט צעלאָזן, אַזוי ווי שלמה. און אַז די רביצין האָט אים געפרעגט: „שלמה, עס פעלט דען צוקער? וואָס זשאַלעוועט איר?" האָט ער געענטפערט: „וואָס, איך בין דען אַ נאַשער, אַ לאַסון?"

מען האָט אים אויך גערופן „ויחונך". ער איז געווען א כוהן, און ווען ער האָט געבענטשט די ברכת כוהנים, האָט ער זיך געוואָלט ארויסווייזן, זאָל מען זען אז ער איז אויך אַ מענטש, האָט ער געוואָרט ביז אַלע כוהנים האָבן געענ־דיקט ענטפערן דעם חזנס ברכות, און פלעגט זיך אויסקוויטשן אליין ויחונך, האָט מען פון אים געלאַכט און אים אַ נאָמען געגעבן „ויחונך".

אַ פריינד פון דער רביצין און אַ גאַנצער בעל־הבית ביי אונדז אין קיך איז געווען הוניע די פּאַנפּע. פּאַנפּע האָט מען אים גערופן, ווייל ער האָט גע־האָט אַ צעפּוילטע נאָז. און אַז ער האָט גערעדט, איבערהויפּט ווען ער איז געווען אין כעס, האָט ער געפּאַנפּעט אונטער דער נאָז, און מען האָט ניט פאַר־שטאַנען וואָס ער וויל. אין דער יוגנט איז ער געווען אַ פורמאַן, נאָר אויף דער עלטער האָט ער אָפּגעגעבן דעם געשפּאַן צו די קינדער, און אליין איז ער גע־וואָרן אַ קאָכלעפל אין שטאָט, פלעגט שרייען, קאָכן זיך, זאָגן דעות אין קהלשע זאַכן, כאָטש מען האָט זיך צו אים ניט צוגעהערט; פלעגט שילטן און באַריידן די גראָבע בייכער, די יחסנים, וועלכע האָבן די גאַנצע דעה און רייטן אויף די האָרעפּאַשניקעס, ווי אויף אַ קליאַטשע. פלעגט ער קומען אויף אסיפות און שרייען, אַז ער וועט עס ניט דערלאָזן. מען האָט ניט געוווסט וואָס ער וויל, אָבער ער האָט אָנגעמאַכט אַ טומל.

אַז מען האָט זיך צו אים ניט צוגעהערט, איז ער געקומען אויסגיסן זיין האַרץ פאַר דער רביצין, די רביצין האָלט מיט די פּראָסטע עמך־מענטשן.

די בית־דין־שטוב האָט ער פיינט געהאַט. פאַר אים איז די בית־דין־שטוב געווען די פאַרשטייערין פון די לומדים, יחסנים און דעה־זאָגער, כאָטש ער האָט זייער ליב געהאַט דעם רב. דערוויל פלעגט ער טרינקען טיי אין קיך און האָט אויך געהאָלפן דער רביצין. אַז עס האָט זיך געמאַכט אַ פור האָלץ אויפן מאַרק אין גלייכע געלט, אָדער אַ הינדל, אַ שאָק אייער ביליג, פלעגט ער דאָס ברענגען צו דער רביצין: זאָל די רביצין דאָס האָבן, אַ מכה די רייכע..

איך האָב אויך ליב געהאַט זיך ארומצודרייען אין קיך, רחל די דינסט פלעגט מיר יאָגן, מיך רופן פרעסער, געשמדטער האַלדז, יאָוועלע, יוון, ווייל איך בין געווען אַ פעטינקער, אַ געזונטער, וואָס עס פּאַסט ניט פאַר א רבס אַ יינגל. זי האָט מיך געטריבן אין בית־דין־שטוב, ווו מען לערנט, איך האָב אָבער ליב געהאַט דעם ריח פון קיך, פון פריש־געבאַקענע ברויט, פון געפּרעגלטע שמאַלץ, און ניט דעם ריח פון בית־דין־שטוב, דעם ריח פון אַלטע ספרים און שמעק־טאַבאַק.

מיט רחלען האָב איך געפירט אַ שטענדיקע מלחמה. איך האָב איר אַ מאָל אָפּגעטאָן אַ שפּיצל: אריינגעלייגט אַ טויט פייגעלע ביי איר אין שלאָפבאַנק, און ווען זי האָט זיך געלייגט שלאָפן, איז זי ארויסגעשפּרונגען מיט אַ גוואַלד, זי האָט געמיינט, אַז ס׳איז אַ מויז. די געזונטע מויד האָט געפערלעך מורא געהאַט פאַר מייז. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז איך האָב דאָס איר אָפּגעטאָן און געשווירן, אַז זי וועט מיר דאָס קיין מאָל ניט מוחל זיין, אפילו ניט יום־כיפור. פון דעסטוועגן, אַז איך בין אַ מאָל קראַנק געוואָרן און געלעגן אין היץ, איז זי

ניט אָפּגעטראָטן פון מיין בעט, געוויינט און מיך גערופן חיימקע. איך האָב פון דעם גרויס הנאה געהאַט — דאָס איז געווען מיין נקמה.

ערב־שבת און יום־טוב איז ביי אונדז אין קיך געווען הימל עפן זיך. די מאַמע מיט רחלען האָבן זיך געאיילט, ארויסגעיאָגט די נשמה, כאָטש זיי האָבן שוין אַלץ אָנגעהויבן מיט טעג פריער. אונדז, חברה, האָבן זיי געיאָגט: מיר פּלאָנטערן זיך צווישן די פיס. אָבער פון מיר האָט מען ניט געקענט פּטור ווערן, ביז איך האָב עפּעס ניט געקראָגן, און רחל האָט מיר שטענדיק באַגלייט מיט „געשמדטער האַלדז".

* * *

גלייך נאָך שבועות האָט זיך אָנגעהויבן ביי אונדז דער סעזאָן פון פּרעג־לען איינגעמאַכטס, וואָס מיין מאַמע האָט ער גערופן וואַרעניע. די ערשטע איינ־געמאַכטס האָט זי געפּרעגלט לכבוד פּסח. רחל האָט אויסגערייניקט די קיך, פאַררוקט אַלע חמצדיקע זאַכן און כלים, אריינגעבראַכט פון זאַל די קופּערנע פּסחדיקע מעדניצע און אַנדערע מכשירים. דעם טאָג האָט מען ביי אונדז אין שטוב געהונגערט. די מאַמע, אין אַ ווייסן שירץ מיט אַ ווייסער טיכל אויפן שייטל. רחל, אויך אָנגעטאָן אין ווייסן, כמעט ווי אַ מת, איז געשטאַנען לעבן דער מאַמען ווי אַ שומר, איר צו באַשיצן פון אונדז, קונדסים, מיר זאָלן חס־ושלום עפּעס ניט אָנרירן מיט די חמצדיקע הענט.ביידע זיינען געווען אזוי פאַרטאָן און ערנסט, ווי זיי וואָלטן געטאָן אַ הייליקע ארבעט: אַ קלייניקייט, פּסח!

איך בין געשטאַנען פון דער ווייטן און געקוקט מיט הונגעריקע אויגן. פון חמצדיקע איינגעמאַכטס קען מען אויסלעקן דעם טאָפּ, אָבער פּסחדיקע, מען טאָר אפילו ניט קוקן מיט חמצדיקע אויגן... רחל האָט געקוקט אויף מיר מיט שעל־מישע בליקן, דערלעבט אַ נקמה, ווי זי וואָלט זיך גערייצט: נו, אדרבא, ריר זיך צו, איך וועל דיר אויסברעכן די הענט... און די מאַמע האַלט מיט איר. און מיך האָבן גערייצט די גרויסע רויטע קאַרשן מיט סאָק, וואָס מען האָט געגאָסן אין די סלאָיעס; די רויטע יאַגדעס מיט די ווייגפּערלעך וואָס זיינען געלאָפן און זיך געיאָגט אין די סלאָיעס, ווי שטיפערלעך; די ראָזע טרושקאַווקעס, וואָס האָבן זיך געבעטן אז מ'זאָל זיי פאַרזוכן, און איבערהויפּט — די מאַלינעס, וואָס האָבן געמאַטערט מיין יצר־הרע.

איך האָב זייער ליב געהאַט געפּרעגלטע מאַלינעס, וואָס די מאַמע האָט געזאָגט, אז מען קען זיי דערלאַנגען ביים מלך אויפן טיש. און מיין מאַמעס געפּרעגלטע מאַלינעס האָבן טאַקע געהאַט אַ טעם גן־עדן. צו וואָס האָט מען

באַשאַפן מאַלינעס, אַז מען גיט עס נאָר ווען מען איז קראַנק און מען פילט אפילו ניט זייער טעם.

רחל האָט געטראָגן די סלאָיעס אין זאַל אריין אויף די שפּיץ פינגער, ווי זי וואָלט מורא געהאַט זיי ניט צו צעקוועטשן, ווי אַן אתרוגל. אַוועקגעשטעלט די סלאָיעס, זיי באַדעקט מיט אַ ווייסן ליילעך און געוווּנטשן אַז מ׳זאָל דאָס עסן געזונטערהייט. איך האָב נאָכגעקוקט די סלאָיעס, וואָס זי האָט געטראָגן, מיט יצר־הרע־אויגן און געהיט ווו זי שטעלט זיי אַוועק.

לאַנג האָב איך ניט געקענט פאַרגעסן די סלאָיעס מיט די מאַלינעס. מען וואָלט געדאַרפט זיך אריינגנבענען אין זאַל און עסן וויפל דאָס האַרץ גלוסט. ווער ווייסט דען ווען? ביז פסח איז נאָך ווייט.

פאַר מיר זיינען קיין פאַרשלאָסענע טירן ניט געווען. איך האָב פון דראָט אַזוי קונציק אויסגעדרייט אַ שליסל, וואָס האָט געפּאַסט צו אַלע אוצרות פון מיין מאַמען. האָב איך מיר אויך געמאַכט אַ שליסל צו עפענען דעם זאַל. איך האָב אפילו שטאַרק מורא געהאַט טאַמער כאַפּט מען מיר, אָבער דער יצר־הרע צו די מאַלינעס איז געווען שטאַרקער. און איין שבת, ווען אלע זיינען געווען אין שול, און רחל איז אויך ניט געווען אין הויז, האָב איך מיט מיין דרעטל געעפנט דעם זאַל. מיט אַ לעפל אין האַנט און מיט אַ ציטעריק הערצל האָב איך זיך גענומען צו דעם גרויסן סלאָי מאַלינעס. איך האָב געשטופּט אין מויל איין לעפל נאָכן צווייטן. צוליב פחד האָב איך קיין גרויס הנאה ניט געהאַט, אָבער דעם יצר־הרע צו געפרעגלטע מאַלינעס האָב איך נאָכגעגעבן און באַפרידיקט.

אַ צייט שפּעטער, ווען איך האָב זיך דערמאָנט אָן די מאַלינעס, האָב איך זיך דערשראָקן. וואָס האָב איך געטאָן, איך האָב דאָך גענוצט אַ חמצדיקן לעפל פאַר די פּסחדיקע מאַלינעס, איך וועל דאָך אָנעסן די גאַנצע שטוב מיט חמץ! עס האָט מיך געמאַטערט. איך האָב ניט געקענט שלאָפן קיין נעכט. איך בין ארומגעגאַנגען ווי אַ זינדיקער. וואָס טוט מען? אויסזאָגן דעם אמת האָב איך מורא געהאַט, מוז איך געפינען אַן עצה.

איין טאָג איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק: אַוועקגנבענען דעם סלאָי מאַלי־נעס און פּטור ווערן דערפון.

און, ווידער, אין אַ שבת, האָב איך געעפנט דעם זאַל און אוועקגעגנבעט דעם סלאָי. אָבער וואָס טוט מען מיט דעם? אריינוואַרפן אין טייך האָט מיר דאָס האַרץ ניט דערלאָזן, האָב איך באַשלאָסן: דאָס בעסטע אָרט פאַר דעם איז ביי אונדז אויפן בוידעם — איך האָב דאָרט אַ פאַרבאַרגן ווינקל, ווו איך האַלט מיינע אוצרות. און אַזוי האָב איך געטאָן. עס איז מיר געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן.

איך פלעג אָפט באַזוכן די מאַלינעס, זיך אָנעסן. ביז איין טאָג האָב איך באַמערקט, אז מ׳יז דרייען זיך ארום סלאַי: זיי וועלן אויפעסן מיינע מאַלינעס... פאַר זיי האָב איך געגנבעט מאַלינעס? איך וועל עס בעסער אויפעסן מיט איין מאָל און פטור. איך האָב זיך גלייך גענומען צו דער מלאכה. ס׳איז מיר שוין געגאַנגען צוריק, איך וועל אָבער ניט לאָזן גיין אין ניוועץ געפּרעגלטע מאַ־לינעס! און אזוי האָב איך אויפגעגעסן דעם סלאַי מאַלינעס.

וואָס מיט מיר איז שפּעטער געשען קען מען זיך פאָרשטעלן: אין בויך האָט מיר גענומען דרייען. דער קאָפּ האָט מיר גענומען ווי טאָן. איך האָב זיך קוים דערשלעפּט אין שטוב אריין.

די מאַמע האָט מיך דערזען האָט זי זיך דערשראָקן: דאָס קינד איז פאַר־ביי. מען האָט מיך אוועקגעלייגט אין בעט. איך בין געלעגן אין היץ. מען האָט מיר געגעבן ריצנאייל, וואָס איך האָב שרעקלעך פיינט געהאַט. איך האָב דאָס גענומען ווי אַן אָפּקומעניש פאַר מיינע זינד, פאַר גנבענען די פסחדיקע מאַלינעס. און ווען איך בין, אין אַ פּאָר טעג ארום, בעסער געוואָרן, הער איך ווי די מאַמע זאָגט צו רחלען: „גיב דעם קינד אַ הייסע גלאָז טיי מיט מאַלינעס, וועט ער זיך אויסשוויצן״.

דערהערט מאַלינעס, בין איך אראָפּגעשפּרונגען פון בעט און אָנגעהויבן לויפן. רחל האָט מיר געכאַפּט, צוריק אריינגעלייגט אין בעט. די מאַמע האָט ניט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס חיימקע זאָל ניט וועלן קיין מאַלינעס, ער מוז טאַקע זיין זייער קראַנק. אָט אזוי האָט זיך דער רבש״ע אָפּגערעכנט מיט מיר פאַרן נאָכגעבן דעם יצר־הרע. און ביז היינטיקן טאָג קען איך ניט קוקן אויף געפּרעגלטע מאַלינעס.

מיין מאַמעס מלוכה, די קיך, מיט אירע שמעקעדיקע ריחות, ווו עס איז אַלע מאָל געווען אַ וואַרעם ווינקל און עפּעס אָפּצועסן פאַר אַ הונגעריקן, און אַ גלעזל טיי ווער עס האָט נאָר געוואָלט, ליגט מיר שטאַרק אין זכרון. אונד־זער בית־דין־שטוב האָט געשפּייזט די, וועלכע זיינען געווען הונגעריק נאָך תורה, און די קיך — די מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט א הונגעריקן מאָגן. ווער ווייס וואָס איז וויכטיקער?

אז מיין מאַמע איז אַ מאָל געווען פריי פון דער אַרבעט אין קיך, פלעגט זי זיצן ביים פענצטער און נייען, שטריקן, פאַרצירעווען זאָקן: קיין עין־הרע, אַ גרויסע פאַמיליע, ס׳איז פאַראַן וואָס צו טאָן. דאָס איז געווען פאַר איר אַן אָפּ־רו, זי האָט געהאַט דערפון גרויס הנאה. אז זי איז געווען אין גוטן מוט און קיינער איז ניט געווען אין שטוב, האָט זי ליב געהאַט צו זינגען. זי האָט געהאַט אַ שיין שטימעלע און געזונגען זייער זיס. זי האָט געזונגען לידלעך נאָך פון

מיידלווייז, און אַ פראַגמענט פון איינעם פון די דאָזיקע לידלעך געדענק איך נאָך ביז היינט — ווייל איך האָב דאָס אויך זייער ליב געהאַט.

און דאָס ליד גייט אזוי:

און דאָס ווייס יעדער
פון רב ביז בעדער,
אז שבת איז די כלה;

דער חתן דער שיינער
איז ניט קיינער
נאָר מיר יידעלעך אַלע. — רעפריין.

און דער וואָס וועט לאַכן,
חוזק מאַכן
פון שבת, כלה־חתן,

יענער וועט טאַקע
עסן אַ מכה
פון דעם הייליקן לויתן. — רעפריין.

# אונדזער זאַל

קיין זאַך אין אונדזער שטוב האָט מיר ניט אַזוי אימ־פּאָנירט און געריצט מיין נייגער ווי דער קאַלטער זאַל, שוין דערפאַר אַליין, וואָס ער איז אַ גאַנץ יאָר געווען פאַרשלאָסן — סיי זומער, סיי ווינטער. נאָר ביי אַ באַזונדערער געלעגנהייט, ווען עס איז געקומען עפּעס אַ חשובער גאַסט, ווי אַ רב אַן אורח, וועלכער איז אַלע מאָל איינגעשטאַנען ביי אונדז אין שטוב, אָדער אַ קרוב, פלעגן זיי שלאָפן אין זאַל. דערפאַר אָבער איז דער זאַל גע־וואָרן דער לעבעדיקסטער צימער אין שטוב, ווען עס איז אָנגעקומען דער יום־טוב פּסח.

דער זאַל איז געווען אַ צימער, וואָס האָט אַלע מאָל געשמעקט מיט פּסח: שטענדיק אויפגעראָמט, אויסגעפּוצט, ציכטיק און יום־טובדיק. דאָרט זיינען געשטאַנען די פּסחדיקע כלים און אַלע פּסחדיקע איינגעמאַכטסן, וואָס מען האָט שוין געהאַט אָפּגעפּרעגלט זומער נאָך. אַלע אַנטיקן און אויספּוצעכצן פון אונד־זער שטוב זיינען געווען אין זאַל. די פּליושענע מעבל, וואָס זיינען באַשטאַנען פון אַ זאָפע באַצויגן מיט רויטן פּליוש און מיט ספּרוזשינעס, פיר שטולן, אויך באַדעקט מיטן זעלבן פּליוש, וואָס זייערע פיסלעך האָבן זיך שוין אַ ביסל גע־שאָקלט. אַ שוואַרצער טישל איז געשטאַנען אין מיטן זאַל באַדעקט מיט אַן אויסגענייט טישטעכל, וואָס די מאַמע האָט אויסגענייט נאָך כלהוויז פאַר איר אויסשטייער. זי האָט עס גערופן דער לויפער. דאָס טישטעכל איז געווען אויסגענייט מיט אותיות פון רויטע וואָל־פעדעם אויף יידיש: „ביטע טוט מיר ניט טון באַשמוצן, וועל איך אייך טון טאָן באַפּוצן״.

דאָס טישל איז אויך געווען אויסגעפּוצט מיט אַן אַלבאָם, באַצויגן מיט שוואַרצן סאַמעט און מיט אַ מעשענעם שלאָס. אין דעם אַלבאָם זיינען געווען די פאַמיליע־פאָטאָגראַפּיעס. דעם חשובסטן אָרט האָבן פאַרנומען די פאָטאָגראַ־פיעס פון מיין זיידן מיט דער באָבען פון מיין פאָטערס צד. דער זיידע איז גע־ווען אַ שיינער ייד מיט אַ גרויע לאַנגע באָרד אין אַ זיידענער יאַרמלקע, מיט

אַן ערנסטן לומדישן פּנים. די באָבע — מיט אַ גוטן שמייכלדיקן פּנים, באַ־דעקט מיט אַ שטערן־טיכל כמעט ביז די אויגן, און נאָך זיינען געווען: יידן מיט בערד און פּיאות, אין קאַפּעליושן און אין היטלען, און ווייבער מיט שייטלען און שטערן־טיכלעך. דאָס זיינען געווען די פעטערס און מומעס פוןביידע צדדים. דער מאַמעס אַ קוזין מיט זיין כלה, מיט אַ צעשראָקן פּנים, וואָס האָט אויס־געזען ווי ער וואָלט זיך בעטן: ענדיקט פאָטאָגראַפירן, אָפּגעפּטרט. די כלה אין אַ ברייט קלייד און אַ בלוזע מיט שפּיצן, און אַ הויכן שפּיצענעם קראַגן, וואָס האָט פאַרדעקט איר גאַנצן האַלדז, אויפן קאָפּ אַ ברייטע הוט מיט אַ פעדער. זי האָט געהאַלטן איין האַנט אויפן חתנס אַקסל און אויף די ליפּן האָט זי געהאַט אַ שמייכעלע — איר שמייכעלע האָט געזאָגט: צופרידן מיטן שידוך. מיין מאַמע האָט געזאָגט, אז זי וועט זיין אַן אשת־חיל און וועט טראָגן די הויזן.

צוויי יונגע־לייט, וואָס האָבן געלעבט אין אפריקע, דעם טאַטנס קוזינס. אַלס קליינע קינדער זיינען זיי געבליבן יתומים, האָט זיי מיין זיידע אויפגעהאָדעוועט. דערפאַר האָבן זיי אים געשיקט חיונה אויף דער עלטער, און צוליב דעם האָבן זיי זוכה געווען צו זיין אין אונדזער אלבאָם. איינער, דער עלטערער, איז געווען אַ לאַנגער יונגער־מאַן מיט אַ שטייפן פּאַפּירענעם קראַגן, אַ האַרטע שטרויענע הוט און שוואַרצע וואָנצעלעך, אָנגעטאָן אַן אַלט־מאָדישן גאַרניטער אין שוואַרץ־ווייסע קעסטעלעך. דאָס רעקל איז געווען פונאַנדערגעשפּילעוועט, ער האָט געהאַלטן צוויי פינגער אין ביידע וועסטל־קעשענעס און אַ שווערע זיי־גער־קייט איז געהאַנגען פון איין קעשענע צו דער צווייטער. מען האָט געזאָגט אין דער משפחה אז ער איז אַ מיליאָנער, ער האָט א גרויסן געשעפט אין די דימאַנטן־מינען. דער צווייטער איז געווען עפּעס אַ נעבעכל, מיט אַן אויסגע־צערטן פּנים. ער האָט געאַרבעט פאַרן ברודער דעם גביר, וואָס האָט אים גע־שיקט אַ שיפסקאַרטע. מיין מאַמע האָט געזאָגט, אז מען האָט אים געדאַרפט בעסער שיקן אין אַ ישיבה — אזא בלייכינקער.

אַ גרויסער בילד איז געהאַנגען אויפן וואַנט מיט די בילדער פון די ראַ־שונים און אחרונים: רבנים אין קאַפּעליושן און שטריימלעך, אין טליתים און תפילין, מיטן רמב״ם אין מיטן, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ טערקישער סול־טאַן. און נאָך אַ בילד פון משה מאָנטעפיאָרע אין אַ זיידענער יארמלקע, מיט אַ שטייפן ווייסן קראַגן און אַ ווייסע געשאָרענע באָרד. אויפן בילד אונטן איז געווען אויפגעשריבן „ממשה עד משה לא קם כמשה״.

אין אַ ווינקל, באַדעקט מיט אַ ווייסן ליילעך, זיינען געשטאַנען די פסחדי־קע כלים: טעפּ, שיסלען, מעדניצעס א״א געשיר. אין מיטן האָט אַרויסגע־שטאַרצט אַ שטופּע אין וועלכער מען האָט געשטויסן מצה אויף מצה־מעל און

פאַרפעלעך. באַדעקט מיט אַ ווייסן ליילעך האָט זי אויסגעזען ווי אַ קליינער מתל אין תכריכים, שטייענדיק. אויף מיר פלעגט דאָס אָנוואַרפן אַ פחד. אין אַן אַנדער ווינקל איז געשטאַנען די פסחדיקע איינגעמאַכטס און מעד פון פאַראַיאָרן, ווייל מען זאָגט אז אלטע מעד איז בעסער, שטאַרקער.

אָבער דער גרעסטער אויספוץ אין זאַל איז געווען די גלעזערנע סער־ווענטקע, וואָס איז באַשטאַנען פון גלעזערנע טירן, צוויי אונטן און צוויי אויבן, און אינעווייניק צעטיילט מיט פּאָליצעס, מיט אַ שפּיגל־וואַנט, וואָס שטיקלעך פון איר זיינען שוין געווען אויסגעבראָכן. אויף די פּאָליצעס איז געשטאַנען דער גאַנצער אויספּוץ פון אונדזער שטוב. אין טייל איז געווען אַ פסחדיקער, מיט באַזונדערע טירעלעך, עס זאָל זיך ניט מישן מיט די חמצדיקע זאַכן. דאָרט זיינען געשטאַנען טעלער מיט ראַמען, שיסלען, לעפלען, גאָפּלען, אַ גרויסע גראַפינע פאַר ווייַן צום סדר־טיש מיט אַ קיילעכדיקן בויך און אַ פויגלשן שנויץ.

פון פאָרנט זיינען געווען אויסגעשטעלט די כוסות, ווי סאָלדאַטן אין אַ ריי. יעדער כוס האָט געהערט צו אַ מיטגליד פון דער משפחה. יעדערער נאָך זיין עלטער און שטאַנד אין דער משפחה. דער ערשטער כוס, מיין פאָטערס זילבער־נער בעכער, אַ לאַנגער, מיט אַ דיקער פוס, איז געשטאַנען אוועקגעשטעלט עפּעס ווי אַ פּאַטריאַרך, מיט פיינקייט און חשיבות. אליהו הנביאס כוס — נידעריק, שווער און בייכיק — איז אויך געווען אַ זילבערנער. אונדזער בכורס זילבערנער כוס — אַ לאַנגער און אַ דינער ווי אַ יונגערמאַנטשיק. דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן די גלעזערנע כוסות: קורצע, לאַנגע, קליינע, און וואָס ווייטער אַלץ קלענער, ביז ס׳איז געקומען צו די ווייבערשע כוסות. אויף דער מאַמעס כוס — אַ בלוי־ער, פיינער מיט אַ רויטע בלום — איז געווען אויסגעקריצט „כשר לפסח״. און צו לעצט דריי דינינקע בלויע כוסהלעך מיט האַלב־אָפּגעבראָכענע פיסעלעך, וואָס זיינען געווען אָנגעשפּאַרט איינע אָן די אַנדערע, כדי זיי זאָלן ניט אַנידער־פאַלן, ווי דריי עלנטע שוועסטערלעך וואָס האַלטן זיך ארומגענומען — דאָס זיי־נען געווען די כוסעלעך פון מיינע צוויי שוועסטערלעך און רחלס, אונדזער דינסט. ווי אַן אויספּוץ, וואָס מען האָט ניט גענוצט, זיינען נאָך געשטאַנען אין דער זעלבער ריי זעקס גלעזער, אויף וועלכע ס׳איז געווען אויסגעקריצט „נאַ זדראָוויע״, אויף רוסיש. די פסחדיקע כלים זיינען געווען באַדעקט מיט אַ טיש־טעך, אויסגענייט „כשר לפסח״. דאָס איז געווען די פסחדיקע אָפּטיילונג.

אין חמצדיקן טייל איז געשטאַנען אַ גלעזערנע אתרוג־פּושקע, אַ זילבערנע בשמים־פּושקע, אַ זילבערנע שמעק־טאַבאַק־פּושקע, וואָס מען האָט זי ניט גע־נוצט, אָבער ס׳איז געווען עפּעס אַ ירושה פון אַן עלטער־זיידן אַ צדיק, און הערפאַר האָט מען דאָס געהאַלטן טייער. אַ גלעזערנע וואַזע, און עפּעס אַ טשיי־

ניקל, וואָס מען האָט ניט געוווסט אויף וואָס מען קען דאָס נוצן, און נאָך אזעל־כע זאַכן.

מיין טאַטנס פּאַפּירן האָבן אויך געהאַט אַ באַזונדערן אָרט אין דער סער־ווענטקע: שלישן, צוואות און אַנדערע פּאַפּירן, וואָס מען לייגט אײַן ביים רב. זיינע סמיכות, געשריבענע תורה. אויבן איז געלעגן דער שטאָטישער פּינקס, דער מאַמעס הוט מיט דער פעדער, וואָס זי האָט קיין מאָל ניט אָנגעטאָן, ווייל עס האָט ניט געפּאַסט אין אַ האַלב חסידישער שטאָט זאָל די רביצין טראָגן אַ הוט מיט אַ פעדער, ווי אַ דייטשקע. אָבער איין מאָל אין יאָר האָט די הוט געהאַט איר תיקון: פּורים. בערעלע חסיד פלעגט אָנטאָן די הוט און זיך פאַרשטעלן פאַר וושתין, פלעגט פאַרבויגן די פעדער עס זאָל אויסזען ווי אַ ווײַדל, און שרייען צאן קדשים, און קינדער פלעגן אים נאָכגיין און ענטפערן: מע, מע...

* * *

איז אָבער געקומען אַ טאָג ווען איך האָב אונדזער זאַל, וואָס האָט מיך אַלע מאָל אזוי געריצט מיט די פּסחדיקע ריחות און אויסגעפּוצטע מעבל און מיך דערמאָנט אָן יום־טוב, פיינט געקראָגן. ער האָט מיך אפילו געשראָקן און כ׳האָב פּחד געקראָגן אריינצוגיין אַהין.

מיין קליין שוועסטערל, חנהלע, דאָס מיזינקעלע אין דער משפּחה, איז דעמאָלט געווען צוויי יאָר אַלט. זי איז געווען אַ בלאָנדינקע, אַ ליב קינד, וועלכע איז געווען דאָס שפּילצייג פון אונדזער שטוב. זי פלעגט אַלע מאָל לאַכנדיק ארויפקריכן ביי יעדערן אויפן שויס און עפּעס טאָן, קראַצן דאָס פּנים מיט די פינגערלעך אָדער קושן, און יעדערער וואָלט אוועקגעגעבן זיין לעבן פאַר איר.

די עלטערע קינדער האָבן אָפּגעשפּאָרט זייערע גראָשנס, וואָס זיי פלעגן קריגן, און פלעגן עפּעס ברענגען פאַר חנהלען. ס׳איז געווען גענוג אז די מאַמע, אָדער רחל די דינסט זאָלן זאָגן אז דער מאכל איז פאַר חנהלען, און קיינער פלעגט זיך צו דעם שוין ניט צורירן. אז עס האָט געטראָפן אין שטוב עפּעס אַן אומאָנגענעמע זאַך, איז געווען גענוג אז חנהלע זאָל אריינלויפן מיט איר זיס קולכעלע און אַלע האָבן אָנגעהויבן שמייכלען. זי איז געווען די פרייד פון אונדזער שטוב.

און מיט אַ מאָל איז די פרייד צעשטערט געוואָרן, די פרייד פון חנהלען איז אוועק. זי איז קראַנק געוואָרן אויף לונגען־אָנצינדונג. און אין זאַל, וואָס איז געווען דער איינציקער לידיקער און שטילער צימער, האָט מען אריינגע־בראַכט חנהלעס בעטעלע. מ׳האָט אָפּגערוקט די פּסחדיקע כלים, עס זאָל זיך

ניט מישן, און עס איז געוואָרן אַ קראַנקן־צימער. די מאַמע, רחל די דינסט און מיין שוועסטער, וואָס איז נאָך אליין געווען אַ קינד, זיינען פון חנהלעס בעטעלע ניט אָפּגעטראָטן. טאָג און נאַכט איר אָפּגעהיט, קיינעם זי ניט אָנגעטרויט. אונדז, יינגלעך, האָט מען צו איר ניט צוגעלאָזן. איך בין שטאַרק מקנא געווען מיין שוועסטער וואָס זי האָט געקענט זיין לעבן חנהלען, בעת מיר, יינגלעך, האָבן נאָר געקענט שטיין פון דער ווייטן און קוקן צום בעטעלע, ווען מען האָט געעפנט די טיר.

דער פעלדשער און דער דאָקטאָר זיינען אַלע ווײַלע אריין און ארויס פון זאַל, מען האָט זיך געסודעט, און איך האָב פאַרשטאַנען אז עס איז שלעכט. אין די טעג האָב איך געדאַווענט מיט מער כוונה, געזאָגט תהילים שטילערהייט און אפילו געפאַסט איין טאָג, קיינער זאָל ניט וויסן.

די שטוב איז געווען הפקר. מען האָט ניט געקאָכט, ניט געבאַקן, די קיך איז געווען פאַרנומען מיט דער קראַנקער חנהלען. מענטשן זיינען אריין און ארויס, בעלי־בתים זיינען געקומען זיך נאָכפרעגן וואָס די קראַנקע מאַכט. ווײַ־בער זיינען געקומען מיט עצות און באַבסקע רפואות, אָדער העלפן אין שטוב עפּעס אָפּקאָכן פאַר דער פאַמיליע. נאָר ווען מען איז געלעגן אין זינען עסן. קײַ־נער האָט זיך אויף אונדז ניט אומגעקוקט. מיר, קינדער, וואָס האָבן זיך אַלע מאָל ארומגעריסן, זיינען געוואָרן ווייך איינער צום אַנדערן, רחמנות געהאַט איינער אויפן אַנדערן. אפילו רחל די דינסט, וואָס האָט מיך אַלע מאָל גערופן געשמדטער האַלדז, ווען זי האָט געזען אז איך עס ניט, האָט זי מיר צוגערוקט דאָס עסן און ווייך געזאָגט: חיימקע, פאַרוואָס עסטו ניט. איר ווייכקייט האָט מיך אַזוי שטאַרק גערירט און דערמאָנט אָן דעם צער פון אונדזער שטוב, אז איך בין ארויסגעלאָפן, זיך באַהאַלטן און זיך גוט אויסגעוויינט, אז קיינער זאָל ניט זען. איך האָב קיין מאָל ניט געוויינט, אפילו ווען מען האָט מיר געשלאָגן.

די טיר פון זאַל איז איצט אַלע מאָל געווען פאַרמאַכט. די שטילקייט דאָרט איז געווען פאַר מיר עפּעס ווי דער סוד פון טויט. חנהלע איז שוין ניט געווען אונדזערע, זי האָט געהערט צו אַן אַנדער וועלט. אז מען האָט צופעליק גע־עפנט די טיר פון זאַל האָט מען געזען אויף די טישלעך פלעשלעך מיט אלערליי רפואות. די שטוב איז אָנגעפילט געוואָרן מיט די ריחות פון די רפואות, איבער־הויפּט פון טערפּענטין, וואָס איך האָב נאָך ביז היינטיקן טאָג פיינט, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט אז דאָס איז דער ריח פון מלאך־המוות, וואָס איז געקומען צונעמען חנהלען.

און איין פרייטיק איז חנהלע געשטאָרבן. מיין פאָטער, אַ בלייכער, אַ פּנים פול מיט צער, איז אריין אין זאַל, פאַרדעקט דאָס קערפּערל און גרויסע טרערן

זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן. מיין מוטער האָט שרעקלעך געוויינט. רחל האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. אונדז, יינגלעך, האָט דער פאָטער געזאָגט מיט רחמנות מיר זאָלן ניט אריינגיין אין זאַל, און מיר זאָלן געדענקען חנהלען, ווי זי איז נאָך געזונט געווען. כאָטש מיר האָבן געוויינט, זיך געבעטן מען זאָל אונדז וויזן חנהלען, האָט מיין פאָטער אלעמען געהייסן ארויסגיין. אין זאַל איז דער שמש געקומען זיצן לעבן איר. ס׳איז געווען ערב־שבת, מיין פאָטער איז געגאַנגען אין שול. פרעמדע האָבן עפּעס געקאָכט פאר אונדז. קיינער האָט ניט געגעסן. מיין פאָטער האָט אפילו געוואָלט זאָגן זמירות, עס איז דאָך שבת, אָבער מיר קינדער זיינען געזעסן און געוויינט.

פון דעם טאָג האָב איך פיינט געקראָגן דעם זאַל. מען האָט אים גערייניקט, געוואַשן, עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. פאַר מיר האָט דער זאַל פון דאַן אָן, אנשטאָט מיט די יום־טובדיקע ריחות, געשמעקט מיט די ריחות פון רפואות און טערפּענטין. ער איז מיר געוואָרן מיאוס, ווי ער וואָלט געווען שולדיק אין חנהלעס טויט — דער קבר פון חנהלען. איך האָב פיינט געקראָגן דעם אויסגעפּוצטן זאַל מיט די מעבל, עס האָט מיך דערמאָנט אָן חנהלעס טויט בעטעלע. איך האָב מיך אפילו געשראָקן אריינצוגיין אין זאַל. די באַדעקטע ווייסע שטופּע האָט מיר אויסגעזען ווי די טויטע חנהלע.

# קלמן דער שולרופער און חיהלע קריי

## א.

קלמן דער שולרופער איז געווען ווי דער לעגענדאַרער גולם — א גרויסער שווערער ייד, מיט אַ געדיכט־פאַרפלאָנטערטע באָרד און פּיאות וואָס האָבן פאַרדעקט זיין מגושמדיק פּנים.

סיי זומער, סיי ווינטער איז ער געווען אָנגעטאָן אין אַ וואַטאָוועגע לאַנגע קאַפּאָטע, אַ פעלץ־היטל אויפן קאָפּ און מיט אַ דיקן שאַל פאַרוויקלט דעם האלדז. אויף די פיס א פּאָר שווערע יוכטענע שטיוואַלעס מיט טשוועקעס און פּאָדקעוועס באַשמידט, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען איבער די גאָסן פון שטעטל. ווען ער איז געגאַנגען רופן אין שול, אָדער אין אַן אלול־פאַרטאָג, פלעגט א שרעק אָנפאַלן אויף די יידן, בעת זיינע טריט האָבן אָפּגעהילכט אין די פוסטע גאַסן. איבער־הויפּט סליחות־צייט, ווען פינצטערניש האָט נאָך צוגעדעקט דאָס שטעטל, פלעגט ער זיך ארייַנרייסן מיט זיין מאַנאָטאָן קול, עפּעס ווי אַ שטימע פון אַן אַנדער וועלט וואָלט גערופן: יידן, שטייט אויף צו סליחות!

ער האָט קיין מאָל ניט געלאַכט אָדער געוויינט, אפילו ווען זיין איינציקע טאָכטער איז יונג געשטאָרבן. ער האָט מיט קיינעם ניט גערעדט, און אז ער פלעגט שוין יאָ עפּעס זאָגן, האָט ער עס ארויסגעבורטשעט, און די ווערטער זיינען ארויסגעקומען ווי ניט פון מויל, נאָר פון זיין פאַרפלאָנטערטער באָרד און פאַרלוירן געגאַנגען אין באָרד...

ער האָט געטאָן אַ סך מלאכות פאַר דער קהילה: געווען אונטערשמש פון דער אַלטער שול, דער קברן, אכטונג געגעבן אויפן מענערשן הקדש און פלעגט רופן אין שול אריין. פאַר דעם אַלעם האָט ער געקראָגן קליינע שכירות. אָבער ער האָט נאָך דערצו געהאַט די פּריווילעגיע צו גיין איבער די הייזער ערב שבת, פורים — מתנות לאביונים, חנוכה־געלט, און ערב־יום־כיפור האָט ער געהאַט אַן אייגענע קערה אין שול — אַ שיסל מיט אַ געדרוקטן צעטל: פאַרן אונטער־שמש.

פאַר קליינע קינדער איז ער געווען ווי דער סוד פון נאַכט. אין דער אַלטער

שול, ווו ער איז געשלאָפן, האָט מען דערציילט אין שטעטל, זיינען די מתים אים מצרף צום מנין, ווען זיי קומען דאָרט דאַווענען ביינאַכט, און זיי רופן אים אפילו אויף צו אַן עליה.

קלמן האָט געהערט צו אַן אַנדער וועלט, וואָס איז געווען פול מיט סודות און שרעק. ער האָט פאַר קיינעם און פאַר קיין זאַך ניט מורא געהאַט, פאַרקערט — אַלע האָבן פחד געהאַט פאַר אים. ווען ער איז אַריינגעקומען אין אַ יידישער שטוב, האָט מען וואָס גיכער געוואָלט פון אים פטור ווערן.

נאָר פאַר איין מענטש האָט קלמן יאָ מורא געהאַט, פאַר זיין ווייב.

זיין ווייב, חייהלע קריי, איז געווען פונקט דאָס פאַרקערטע פון אים — לע־בעדיק און רירעוודיק, אַלע מאָל געגאַנגען מיט גיכע טריט און פלעגט פאָכן מיט די הענט, ווי אַ סאָלדאַט ביים מושטירן זיך. אַ מויל האָט זי געהאַט אויף שרויפן, האָט אַלעמען געמוסרט, געשטראָפט און געזידלט. זי איז געווען אין שטעטל די ווייבערשע רביצין, און אַזוי טאַקע האָבן איר די ווייבער גערופן, ווייל זי איז געווען דער אויטאָריטעט אין ווייבערשע ענינים; אויף איר האָט מען זיך געקענט פאַרלאָזן. אין דיני נשים, אין ווייבערשע מינהגים איז זי געווען אַ מומחה, און ווו אַ צרה דאָרט איז זי געווען.

מאַנסבילן האָט זי פיינט געהאַט שינאת מוות. אַז ווייבער וואָלטן איר געפאָלגט, וואָלטן זיי אַלע אַרויסגעיאָגט די מענער שלאָפן אין בית־מדרש, ווי זי טוט. זי איז געווען די פאַרזאָרגערין, די פאָרשטייערין, די באַשיצערין פון די ווייבער אין שטעטל.

חייהלע קריי האָט אויך ווי איר קלמן געהאַט אַ סך מלאכות: די טוקערקע, די הייבאַם ביי קימפעטאָרינס, די שמשטע פון דער ווייבערשער שול, און אַ פירזאָגערין פאַר די ווייבער, וואָס האָבן אליין ניט געקענט דאַווענען; זי איז געווען די בעטערין פאַר קראַנקע; די אויפזעערין אויפן ווייבערשן הקדש, עס זאָלן זיך דאָרט חס־ושלום ניט מישן אָרעמע־לייט מאַנסבילן מיט ווייבער, ווי כשרע זאַכן טאָרן זיך ניט מישן מיט טריפה; זי איז אויך געווען די גבאיטע פון דער ווייבערשער חברה־קדישא.

מאַנסבילן, פלעגט זי זאָגן, זיינען דער קוואַל פון אַלע זינד, ווייל נאָך זיי, די געשמדטע העלדזער, גייט נאָך דער יצר־הרע, פאַר וועמען מען דאַרף זיך היטן. און אַז עמעצער האָט איר געזאָגט, אַז די מאַנסבילן לערנען דאָך תורה, פלעגט זי זיך גלייך אָנכאַפּן:

„נו, און אַז מען האָט זיי געגעבן תורה־לערנען מיט מיצוות, איז וואָס? אַז דער רבונו־של־עולם וואָלט עס געגעבן אונדז, אָרעמע זינדיקע ווייבער, וואָלטן מיר דאָס אָפּגעהיט בעסער פאַר זיי“.

חייהלע איז געווען אַ קליינינקע און מ׳האָט ניט געקענט וויסן צי זי איז פעט צי מאָגער, ווייל תמיד איז זי געווען איינגעפּאַקט אין אזוי פיל קליידער און ארומגעוויקלט מיט אזוי פיל פאַטשיילקעס און פאַטשיילעס, אז זי איז ארויס־געקומען קיילעכדיק.

אויפן קאָפּ, וואָס איז געווען אָפּגעשאָרן, האָט זי געטראָגן אַ שייטל און אַ שטערן־טיכל, אַ פּאָר דינע פאַטשיילקעס און איבער אַלעם אַ גראָבע וואָלענע פאַטשיילע, וואָס האָט פאַרדעקט דעם גאַנצן קאָפּ ביז איבערן שטערן. זי האָט געהאַט אַ דיין פנימל, אַ ברייטן מויל מיט דינע בלויע ליפּעלעך. אַ נאָז האָט זי געהאַט אַ פלאַטשיקן, מיט נאָזלעכער וואָס האָבן זיך געשפּרייט פון איין ווינקל מויל ביזן אַנדערן. אויף דער נאָז איז געוואַקסן אַ בראָדעווקע און ס׳האָט אויס־געקוקט ווי אַ שפּיציק שנאָבעלע ביי אַ פייגל. פון דער בראָדעווקע האָט ארויס־געשפּראָצט אַ לאַנגע ווייסע האָר.

זי האָט געטראָגן אַ פּאָר מאַנסבילשע שטיוועלעך זומער און ווינטער און אַלע ווייבער, יונג און אַלט, האָבן מורא געהאַט פאַר איר. זי האָט זיי געהאַלטן אין איין מוסרן, זיי כסדר געשראָקן מיטן גיהנום, ווי זי וואָלט געהאַט די גאַנצע דעה אויף יענער וועלט.

„היט זיך אָפּ מיט אייערע האָר, ווייבער", פלעגט זי שרייען, „עס זאָל זיך חס־ושלום ניט ארויסזען. פון דעם קומען ארויס אַלע צרות. איר קענט ניט די מאנסבילן, זיי קוקן אויף ווייבער מיט זינדיקע אויגן, איבערהויפּט אויף די האָר. דערוועקט ניט אין זיי קיין זינדיקע מחשבות. דער רבונו־של־עולם איז מיין עדות, אז זיי האָבן נאָך קיין מאָל ניט געזען מיינע אייגענע האָר! מען מוז זיין אָפּגעהיט, ניט אויפרייצן אין זיי דעם יצר־הרע".

זי האָט געהאַט אירע אייגענע תפילות און תחינות, אַ מין שרה־בת־טובים· פאַר קראַנקע, פאַר עקרות, פאַר ווייבער וואָס גייען שווער צו קינד, פאַר אָפּ־שפּרעכן אַן עין־הרע.

„איך האָב מקיים געווען אַלע מיצוות", פלעגט זי זאָגן שטיל ווי אַ סוד, „וואָס עס קומט מיין מאַן על־פּי־דין, און אים דאַן ארויסגעיאָגט, זאָל ער שלאָפן אין שול".

חייהלע קריי האָט מען איר גערופן, ווייל ווען זי האָט געדאַרפט ארויס־ריידן אַ קוף, האָט זי זיך פאַרהיקעט און עס פלעגט ארויסקומען ווי אַ קריי ביי אַ קליין יונג הענדעלע, מיט אַ קוויטשקע.

ימים־נוראים איז זי געווען די הערשערין אין שטעטל, געהאַט די גאַנצע דעה, געמוסרט און געשטראָפט און געשראָקן מיטן שרעקלעכן יום־הדין, טאַקע ווי אין אירע הענט וואָלט געלעגן דער גאַנצער מישפּט פון הימל. אז ס׳איז

געווען אַ חתונה אין שטעטל האָט זי געפירט די כּלה אין מיקווה און איר געלערנט די דינים, איינגערוימט אין אויער פון יונגן מיידל ווי אַ יידישע טאָכטער דאַרף זיך פירן נאָך דער חתונה. ווייבער האָבן איר גערופן — די רביצין, און מאַנסבילן האָבן איר גערופן — די מכשפה.

## ב.

עס האָט געטראָפן אין שטעטל אַן אומגליק, ס'האָט אויסגעבראָכן אַ מגיפה — די כאָלעריע. און עס איז דווקא געשען אין די ימים־נוראים טעג, איז די שרעק אין שטעטל נאָך גרעסער געוואָרן. יידן זיינען ארומגעגאַנגען מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי פאַרמישפּטע, און חייהלע איז ארומגעגאַנגען איבער שטעטלשע געסלעך, ווי די נביאים אַמאָל, און געשטראָפט מיט איר קוויטשיק קול:

„איך האָב אייך געזאָגט אז עס וועט זיך אויסלאָזן ניט גוט, מע זינדיקט, ס'איז די שולד פון די מאַנסבילן און פון די ווייבער וואָס היטן ניט אָפּ די מיצוות".

און ווען עס איז געפאַלן דער ערשטער קרבן, אַ יונגער מאַן, אַ טאַטע פון קינדער, איז דער פּחד אין שטעטל געוואָרן נאָך שטאַרקער. דער שטאָט־דאָקטער און דער בירגערמייסטער האָבן ארויסגעגעבן אַ גזרה, אז מ'זאָל רייניקן די גאַסן, דעם בית־מדרש און די קלויזן, די הייזער און הויפן. דאַן זיינען זיי געקומען צום רב און אים געבעטן אז ער זאָל הייסן אויסקאַלכן די רינשטאָקן. דאָס שטעטל איז שמוציק און ס'איז אַ סכנה אז די עפּידעמיע זאָל זיך פאַרשפּרייטן. מען מוז אויך מאַכן אַ שפּיטאָל, כדי די קראַנקע זאָלן זיך ניט מישן מיט די געזונטע.

דער רב האָט שפּעטער געהאַלטן אַ דרשה און געבעטן מען זאָל פאָלגן דעם דאָקטער, ס'איז פּיקוח נפשות — און שטעטל האָט געפאָלגט.

דער גרעסטער בנין אין שטעטל איז געווען די גרויסע שול מיט דער ווייבערשער שול אין דער הויך, און אפילו אַ ספּעציעלער אָרט פאַר קינדער, באַזונדער. דאָרט האָט מען באַשלאָסן צו מאַכן דעם שפּיטאָל, ווי דער שטאָט־דאָקטער האָט פאַרלאַנגט. און חייהלע קריי איז געוואָרן די גאַנצע אָנפירערקע. מען האָט געראַמט די שול, געוואַשן, ארויסגענומען די בענק מיט די טישן, און בעלי־בתים האָבן מנדב געווען בעטן, טישלעך און בעטגעוואַנט — און די שול איז געוואָרן אַ שפּיטאָל.

ס'איז ניט לייכט געווען אוועקצונעמען די קראַנקע פון די געזונטע, אַ טאַטן צי אַ מאַמען פון קינדער, און קינדער פון עלטערן — ס'איז געווען הימל עפן זיך, ווי מ'וואָלט זיי אוועקגענומען אויף אייביק.

אז דער שפּיטאָל איז שוין געווען איינגעריכט, האָט מען ערשט געדאַרפט האָבן ווער עס זאָל באַדינען די קראַנקע. האָט חייהלע געזאָגט, אז ס׳איז איר מאַנס שול און ס׳איז זיינע און איר מיצווה. און זי ווייס אויך מער פון אנדערע ווי זיך צו באַגיין מיט קראַנקע, זי איז דאָך אַ הייבאַם, וועט זי אַכטונג געבן אויף די ווייבער און די קינדער, און זי וועט אויסלערנען איר קלמנען ווי אַכ־טונג צו געבן אויף די מאַנסבילן. דער דאָקטער האָט מסכים געווען, נאָר מיט איין תנאי, אז חייהלע און קלמן זאָלן אראָפּוואַרפן זייערע אַלטע קליידער: זי — די פּאַטשיילעס, און ער — זיינע שמאַטעס, און זיי זאָלן ביידע אָנטאָן נייע ווייסע קליידער. זי — אַ ווייס טיכל אויפן קאָפּ, און דאָס וואָס איר קאָפּ איז אָפּגעגאָלט איז דווקא אַ גרויסע מעלה. קלמן מוז אָבער אויך אָפּשערן די באָרד און אָפּגאָלן דעם קאָפּ, ווייל קלמנס באָרד קען זיין אַ נעסט פון כאָלעריע, האָט דער אַנטיסעמיט הנאה געהאַט אָפּצולאכן פון אַ יידישע באָרד.

ס׳איז שווער געווען צו פועלן ביי קלמנען אָפּצושערן די באָרד און פּיאות. ס׳האָט זיך אים געדוכט, ווי מען וואָלט אים וועלן אָפּהאַקן אַ טייל פון זיין גוף. אָבער אז חייהלע האָט באַפוילן, האָט ער געפאָלגט:

„באָרד און פּיאות וועלן אָפּוואַקסן, אָבער די מענטשן וואָס וועלן חס־ושלום שטאַרבן וועלן מער ניט אָפּוואַקסן״, האָט חייהלע אים דערקלערט.

און אַן אויסטערלישע זאַך האָט פּאַסירט. קלמן דער שולרופער, דער גולם, אָן דער וואַטאָווער קאַפּאָטע, אָן דעם פעלצענעם היטל, אָן די פּאַרפלאָנטערטע באָרד־און־פּיאות, אין זיין ווייסן כאַלאַט און ווייסער יארמלקע, אין לייכטע לייוונטענע שיך, איז געוואָרן ניט נאָר יינגער, נאָר כמעט אַ יונגער מאַן. ער איז געוואָרן אַן אַנדער מענטש, רירעוודיק, לעבעדיק, מענטשלעך, ווי ער וואָלט געקראָגן אַ נייעם גוף מיט אַ נייער נשמה — אַן אַנדער קלמן. זיין קול האָט זיך אפילו געביטן, זיין פּנים איז געוואָרן צאַרטער, ווייכער, און ער האָט באַ־דינט די קראַנקע מיט רחמנות.

איינגעוויינט צו באַדינען די אָרעמע־לייט אין הקדש, האָט ער געטאָן זיין אַרבעט אין שפּיטאָל געשיקט. קיינער האָט אים ניט דערקענט און ניט גע־גלייבט אז דאָס איז דער זעלבער קלמן דער שולרופער. די קראַנקע האָבן זיך פאַר אים מער ניט געשראָקן, אדרבא, ס׳איז זיי געוואָרן היימלעכער, ווען ער האָט זיי באַדינט און צו זיי געשמייכלט. ער איז איצט געווען אַ מענטש ווי אַלע מענטשן.

חייהלע, אין אַ ווייס כאַלאַטל, מיט אַ ווייס טיכל אויפן קאָפּ, איז אויך גע־וואָרן אַן אַנדערע. איר פּנימל איז געוואָרן נאָך דינער, ווי פון אַ יונג מיידעלע. זי איז געוואָרן אפילו שענער, חנעוודיק, מיט ווייכקייט, מיט גוטסקייט און

האַרציקייט האָט זי באַדינט די קראַנקע. זי האָט מער ניט געמוסרט, פאַרקערט גאָר, זי האָט די קראַנקע געטרייסט, „אַז גאָט וועט העלפן" און זיי גערופן „מיינע קינדערלעך, טעכטערלעך". זי האָט זיי געריייניקט, געקאָכט פאַר זיי, געגעבן די רפואות, ווי אַן אמתע מאַמע.

זי איז איצט געווען אַן אַנדער מין פאַרזאָרגערין — ניט פאַר די נשמות, נאָר פאַר די גופים, ניט פאַר יענער וועלט, נאָר פאַר דער וועלט. זי האָט גע־לערנט קלמנען ווי זיך צו באַגיין מיט די קראַנקע, זי האָט אים אפילו אָנגעהויבן רופן: מיין מאַן, קלמן, אַנשטאָט מיין מאַנסביל, ניט דאָ געדאַכט, דער גע־שמדטער האַלדז.

ס'איז אָנגעקומען יום־כיפּור, וואָס איז אויסגעפאַלן אין אַ שבת. יאַשעק, דער שבת־גוי, איז אַנטלאָפן פון שטעטל פאַר פּחד, און ס'איז ניט געווען ווער עס זאָל טאָן די גוישקע אַרבעט. האָט חייהלע געזאָגט, אַז די עבירה וועט זי נעמען אויף זיך, זי וועט זיין די שבת־גויע. און מיט דער זעלבער אַנטשלאָסנ־קייט און קנאות, ווי זי האָט געטאָן אירע מיצוות פריער, האָט זי מחלל געווען יום־כיפּור: געהייצט, געקאָכט און געטאָן אַלע אַרבעט אין שפּיטאָל.

„אַ מענטשנס לעבן איז טייערער פאַר יום־כיפּור", האָט זי געזאָגט, „ס'איז אויף די עלנטע און קראַנקע אַ רחמנות".

און חייהלע איז ניט אָפּגעטראָטן פון שפּיטאָל טאָג און נאַכט, ניט מיד געוואָרן פון דער שווערער אַרבעט.

און איין טאָג, נאָך די יום־טובים, איז זי אַליין אוועקגעפאַלן, זיך אָנגע־שטעקט מיט דער קראַנקייט. און ווען זי איז שוין געלעגן אויפן טויטנבעט, האָט זי געלאָזט רופן קלמנען און צו אים אַזוי געזאָגט:

„מיין מאַן, זיי מיר מוחל, אפשר האָב איך קעגן דיר געזינדיקט, זיך ניט געפירט ווי אַ יידישע ווייב דאַרף זיך פירן".

„איך בין דיר מוחל, מיין ווייב", האָט קלמן געענטפערט, „און זיי מיר אויך מוחל טאָמער האָב איך קעגן דיר אויך געזינדיקט", און צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָבן זיך ביי קלמנען אין די אויגן צוויי גרויסע טרערן געשטעלט.

און אַז חייהלע איז געשטאָרבן האָט איר שטעטל געמאַכט אַ גרויסע לוויה, ווי פאַר אַ גרויסער צדיקת, און יידן האָבן איר נאָכגעזאָגט: מיר ווייסן ניט וויפל עולם־הבא זי וועט קריגן פאַר אַ סך פון די מיצוות וואָס זי האָט אויף איר לעבן געטאָן, אָבער אַז זי וועט זוכה זיין פאַר אירע עבירות, וואָס זי האָט געטאָן צו־ליב די קראַנקע אין שפּיטאָל, צו גן־עדן — אין דעם זיינען מיר זיכער.

# ר׳ יויזעלע בעל־מופת

דער וויכטיקסטער צענטער אין שטעטל, איז געווען דער גרויסער בית־מדרש. עס זיינען געווען אַ סך בתי־מדרשים, אָבער דער גרויסער בית־מדרש איז געווען דער לומדישער. תמיד פול געווען מיט לער־נער און דאַווגער, פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. דעם בית־מדרש האָט מען אויך גערופן ר׳ יויזעלע בעל־מופתס קלויז.

דער קליינער בנימקעלע, וועלכער איז געווען דער עלטסטער ייד אין שטעטל, אַ גרויסער תלמיד־חכם און דערצו אַ קוואַל פון מעשיות און פּאַסירונגען, האָט דערציילט, אז ער האָט דאָס געהערט פון זיין זיידן, אז מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט איבערן שטעטל געהערשט אַ כראַביע, אַ גרויסער פּריץ. און כאָטש ער איז געווען, ווי דער שטייגער זייערער, אַ גרויסער הולטיי, אַן אויסגעלאַסענער און אַ משוגענער, וואָס פלעגט שמייסן און שלאָגן זיינע פּאַראָבקעס מכות רצח, איז ער אָבער צו די יידן געווען גוט. נאָר אז ער פלעגט זיך אָנשיכורן מיט זיינע פריינד די פּריצים און האָט זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר זיי און זיי משמח זיין, האָט ער געשיקט ברענגען אַ שטעטלשן בעל־הבית, אים געצווונגען ער זאָל זינ־גען מה־יפית, נאָך דעם פלעגט ער לאָזן אים אָפּשמייסן.

האָט ער אָבער אויך געהאַט אַ גוט האַרץ, פלעגט ער דעם יידן נאָך דעם אָנלייגן אַ פור מיט קאַרטאָפל און קאָרן און אים שיקן אהיים.

נו, וואָס זאָל מען טאָן? דערפאַר איז ער דאָך אַ פּריץ, און יידן זיינען אין גלות. דערפאר אָבער, אז עס פלעגט זיך טרעפן אַ שריפה אין שטעטל און יידישע הייזער זיינען אָפּגעברענט געוואָרן, האָט דער פּריץ געשיקט געהילץ צוריק אויפצובויען די הייזער.

ערב פּסח פלעגט ער שיקן פאַר די שטעטלשע אָרעמע־לייט קאַרטאָפל מיט בוריקעס און אנדערע זאַכן. די פּאָדאַטקעס זיינען אויך ניט געווען קיין גרויסע.

האָט זיך יידן געלעבט גוט אונטער אים. דערפאַר פלעגט מען אים מאַכן אַ מי שברך שבת און יום־טוב אין שול, און אז ער איז קראַנק געוואָרן האָבן יידן געזאָגט תהילים פאַר אים.

איז דער פּריץ געשטאָרבן, האָבן יידן אָנגעהויבן קרעכצן אונטערן יאָך פון זיין זון, וועלכער האָט אים געירשנט. דער נייער פּריץ איז געווען נאָך אַ גרע־סערער הולטיי, נאָך מער אויסגעלאַסן, און דערצו אַ גרויסער צורר־היהודים. אַלע טאָג האָט ער ארויסגעגעבן נייע גזרות, נייע פּאַדאַטקעס. ער האָט נאָך מער געשמיסן זיינע יידן, און קיין קאַרטאָפל מיט האָלץ האָט ער די יידן ניט געגעבן. האָבן יידן אים קיין מי שברך ניט געמאַכט און ווען ער איז קראַנק געוואָרן, קיין תהילים ניט געזאָגט.

ויהי היום, אין שטאָט האָט אויסגעבראָכן א שריפה, און צוזאַמען מיט די יידישע הייזער האָט אויך אָפּגעברענט דער גרויסער בית־מדרש. האָט דער פּריץ ארויסגעגעבן אַ באַפעל, אז מען טאָר ניט אויפבויען צוריק דעם בית־מדרש. איז געוואָרן אַ גוואַלד אין שטאָט. סטייטש? דער גרויסער בית־מדרש, ווו יידן זיצן יום־ולילה און לערנען און דאַווענען. אזא פינצטערע גזרה. איז דאָך אָבער לא אלמן ישראל. האָט עס פּאַסירט אין די טעג, ווען אויפן כיסא־הרבנות אין שטאָט איז געזעסן ר׳ יויזעלע דער גרויסער צדיק, וועמען מען האָט גערופן ר׳ יויזעלע דער בעל־מופת. ער האָט געשמט איבער דער גאַנצער וועלט פאַר אַ גאון און אַ צדיק. ער איז געזעסן יום־ולילה אין טלית און תפילין על התורה ועל העבודה, ניט מפסיק געווען אפילו פאַר אַ רגע. אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק איז ער געזעסן אין תענית. ער פלעגט אריינכאַפּן אַ תעניתל אין מיטן וואָך אויך, סתם אזוי, פאַר כיבוש־היצר וועגן, פאַר שבירת הרצון וועגן.

ר׳ יויזעלע האָט געהאַלטן, אז האַלטן מלחמה מיטן יצר־הרע, וואָס איז אויך דער שטן און דער מלאך המוות און אים מנצח זיין, איז די גרעסטע מדרגה, צו וואָס א בשר ודם קען דערגרייכן. און ס׳איז ניטאָ קיין גרעסערע סגולה אים בייצוקומען ווי דורך תעניתים. אוי, האָט דער בעל־דבר פיינט תעניתים. עס שוואַכט אים אָפּ. קעגן תעניתים איז ער קיין גיבור ניט. האָט טאַקע ר׳ יויזעלע מלחמה געהאַלטן מיטן מנוול און געהאַט גרויס שימחה ווען ער האָט אים מנצח געווען. די חכמים זאָגן, הגדול מחברו יצרו גדול הימנו. וואָס גרע־סער דער מענטש איז אַלץ גרעסער איז זיין יצר־הרע. ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל ס׳גייט דעם שטן אין לעבן אריינצוכאַפּן אין זיין נעץ עפּעס א גרויסן צדיק, ווי אַ ר׳ יויזעלען. און וואָס מער צדיק, אַלץ מער שטאַרקט ער זיך אים אריינצו־כאַפּן. ער לויערט נאָך אים ווי אַ לעמפּערט לויערט צו פאַרצוקן אַ לעמעלע.

אפילו די מלאכי השרת אַליין, האָט מען געזאָגט, האָבן אויך גרויס הנאה געהאַט, ווען זיי האָבן געזען ווי דער שוואַכער ר' יויזעלע ראַנגלט זיך מיטן שטן, זייער אייביקער שונא, און קומט אים ביי. ס'פלעגט ווערן ששון ושימחה אויפן הימל. פונקט ווי זיי האָבן זיך געפרייט, ווען דער קליינער דודקע האָט זיך געראַנגלט מיטן כאמולע גלית און האָט אים געשלאָגן.

מען האָט געזאָגט, אז ר' יויזעלע האָט אזוי אויסגעמאַטערט דעם יצר־הרע, אז אויף דער עלטער האָט ער אים שוין אין גאַנצן פאַרלאָזן, אים געלאָזן צורו.

נו, פאַרשטייט איר דאָך שוין, אז ר' יויזעלע איז געווען אַ גאַנצער בעל־הבית אויבן, און האָט געקענט אויספירן וואָס ער האָט געוואָלט.

מיין זיידע האָט געזאָגט, אז ר' יויזעלע האָט געקענט ברענגען די גאולה, נאָר ער האָט ניט געוואָלט דוחק את הקץ זיין. נו, איז אַ וווּנדער?

און אז עס האָט געטראָפן עפּעס א גזרה אויף יידן, אַ מגפה, רחמנא לצלן, אָדער סתם אַ צרה, איז מען גלייך געלאָפן צו ר' יויזעלען, און די גזרה איז גלייך בטל געוואָרן, און די מגפה האָט זיך אָפּגעשטעלט. האָט מען דערפאַר אים גערופן ר' יויזעלע בעל־מופת.

און אז עס איז ארויסגעקומען די גזרה פון פריץ, אז מען זאָל ניט בויען דעם בית־מדרש, האָבן זיך די יידן שטאַרק ניט מצער געווען, זיי האָבן זיך ב"ה אויף וועמען צו פאַרלאָזן. ר' יויזעלע וועט שוין וויזן א מופתל. און אז מען איז געקומען אָנזאָגן ר' יויזעלען וועגן דער גזרה, האָט ער געגעבן אַ שמייכעלע. ער האָט דאָך שוין געוווּסט וועגן דער גזרה, ווי דען, ער האָט ניט געוווּסט? און ער האָט געזאָגט: מען וועט אי"ה בויען. האָבן יידן געהאַט בטחון. וואָס פאַר אַ ווערדע האָט דאָרט עפּעס א פריצלס א גזרה ביי ר' יויזעלען?

מיט אַ מאָל דערהערט מען, אז דעם פריצס קינד, דער בן־יחיד, איז אוועקגעפאַלן שטאַרק קראַנק, און וואָס אַ טאָג ווערט ער אַלץ ערגער. מען האָט געבראַכט דאָקטוירים און זנאַכערס, אָבער קיינער האָט דעם קינד ניט געקענט העלפן. מיט יעדער מינוט איז ער ערגער געוואָרן.ביים פריץ אין שטוב איז געווען חושך.

און ווען די היץ ביים קינד האָט זיך נאָך מער געשטאַרקט און ער איז נאָך שוואַכער געוואָרן, האָט זיך דערמאָנט די אַלטע ניאַניע, וועלכע איז נאָך געווען דעם פריצס ניאַניע, אז מיט יאָרן צוריק, ווען דער פריץ איז נאָך געווען אַ קליין קינד, האָט מיט אים געטראָפן די זעלבע זאַך. ער איז קראַנק געוואָרן און קיינער האָט אים ניט געקענט העלפן. דאַן האָט דער כראַביע, זיין פאָטער, געשיקט צו דעם זשידאָווסקן ראַבין פון שטעטל, וואָס מען זאָגט אויף אים, אז ער איז

אַ הייליקער מאַן, ער זאָל פּאַר זיין קינד בעטן גאָט. און אַזוי איז עס געווען. ר׳ יויזעלע האָט געזאָגט תהילים און דאָס קינד איז געזונט געוואָרן. אפשר וואָלט דער פּריץ דאָס אויך טאָן?

דער פּריץ האָט לכתחילה דערפון ניט געוואָלט הערן. ער זאָל בעטן ביי די זשידעס זיי זאָלן העלפן זיין קינד? אָבער ווען דאָס קינד האָט שוין אָנגעהויבן גוססן, און די דאָקטוירים האָבן גאָר ניט געקענט העלפן, האָט גאָט ווייכער געמאַכט זיין האַרץ, און ער האָט געשיקט אַ שטאַפּעט צו ר׳ יויזעלען.

אַז דער שטאַפּעט איז געקומען צו ר׳ יויזעלען האָט ער אים, ווי געוויינ־לעך, געפונען ביי דער גמרא אָנגעטאָן אין טלית און תפילין, ווי ער זיצט און לערנט.

זאָגט צו אים דער שטאַפּעט אַזוי און אַזוי, דעם פּריצס קינד איז שטאַרק קראַנק, און דער פּריץ האָט באַפוילן אַז דער פּאַן ראַבין זאָל בעטן גאָט פּאַר אים.

גיט ר׳ יויזעלע אַ קוק אויף אים מיט זיינע גרויסע אויגן און זאָגט: „גיי זאָג דעם פּריץ, אַז ער מוז אַליין קומען״.

ר׳ יויזעלע האָט געוואָלט אָנלערנען דעם פּריץ, אַז ער זאָל ניט זיין אַזאַ גרויסער יחסן און שטערן די יידן בויען דעם בית־מדרש.

דער שטאַפּעט האָט זיך דערשראָקן. ער האָט פּחד געהאַט פאַרן פּריץ, אָבער וואָס האָט ער געקענט העלפן, אַז דער ראַבין איז באַשטאַנען אויף דעם.

אַ דערשראָקענער איז ער געקומען צום פּריץ און איבערגעגעבן וואָס דער זשידאָווסקער ראַבין האָט געזאָגט. איז דער פּריץ געוואָרן מלא חמה. ער, דער פּריץ, וועט זיך דערנידעריקן און גיין זיך בעטן ביי אַ זשיד? ער וועט זיי אָנ־לערנען, די זשידעס.

אָבער אַז דאָס קינד איז געוואָרן אַ נוטה למות, איז די מוטער, די פּריצטע, אים געפאַלן צו די פיס און זיך געבעטן רחמים ער זאָל מוחל זיין אויף זיין כבוד און זאָל רחמנות האָבן אויפן קינד און אויף איר. האָבן די טרערן פון דער פּריצטע און דאָס מאַטערניש פון קינד אים ווייך געמאַכט זיין האַרץ און ער האָט נאָכגעגעבן.

געקומען איז ער צו ר׳ יויזעלען אַ צעקאָכטער ווי אַ ווילדע חיה. אָבער ווען ער האָט דערזען ר׳ יויזעלעס רואיקן, הייליקן פּנים און עפּעס ווי אַ ליכט וואָלט אַרויסגעשיינט פון זיינע שוואַרצע אויגן, איז ער געוואָרן ווייך ווי אַ לע־מעלע און האָט מיט הכנעה געזאָגט:

„הייליקער פּאַן ראַבין, האָט רחמנות אויף מיין קינד, בעט גאָט פּאַר אים ער זאָל געזונט ווערן״.

זאָגט צו אים ר׳ יויזעלע: „ווי קען איך בעטן גאָט אז דו האָסט פאַרבאָטן צו בויען זיין הויז פון געבעט?"

זאָגט צו אים דער פריץ: „איך זאָג צו, אז ווי נאָר דאָס קינד וועט געזונט ווערן וועל איך..."

רייסט אים איבער ר׳ יויזעלע: „מען טאָר ניט מאַכן קיין תנאי מיטן רבש״ע".

רופט זיך אָפּ דער פריץ: „איך זאָג צו גלייך צו בויען דעם בית־מדרש".

זאָגט ר׳ יויזעלע: „פאַן באָג פּאָמאָזשע". דאָס הייסט דער רבש״ע וועט העלפן.

דער פריץ איז ארויס פון ר׳ יויזעלעס הויז כמעט אַ בעל־תשובה.

ר׳ יויזעלע, ווי זיין שטייגער, איז געווען, האָט זיך גלייך געזעצט אין תענית, האָט צוזאַמענגערופן די יידן פון שטעטל און מען האָט געזאָגט תהילים.

פאַרשטייט איר דאָך שוין, אז דער פריץ איז געקומען אהיים האָט ער גע־פונען, אז דאָרט איז געווען ששון ושימחה. מען האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה אז די היץ פון קינד איז אוועק, ווי מען וואָלט דאָס צוגענומען מיטן האַנט. דאָס קינד איז כמעט ווי אין גאַנצן געזונט געוואָרן — אַ נס.

האָט דער פריץ דאָך שוין געזען מיט וועמען ער האָט צו טאָן, האָט ער גלייך ארויסגעגעבן אַ באַפעל מען זאָל שיקן קלעצער צו בויען דעם בית־מדרש.

מען האָט אָנגעהויבן פירן קלעצער, עין לא ראתה, ווי די צעדערן פון באַרג לבנון. מען קען נאָך איצט זען די קלעצער, כאָטש זיי זיינען שוין אַלט אזוי פיל יאָרן.

דער פריץ האָט אויך געשיקט פויערים צו העלפן לייגן די קלעצער. ווו האָבן יידן כוח אויפצוהייבן אַזעלכע קלעצער? און דעמבענע ברעטער האָט ער געשיקט צו מאַכן די טישן און די שטענדערס און בענק.

דערפאַר רופט מען דעם בית־מדרש „ר׳ יויזעלע בעל־מופתס קלויז".

דאָס איז געווען דער לעצטער מופת וואָס ר׳ יויזעלע האָט באַוויזן. מען זאָגט, אז נאָך דעם מופת האָט ר׳ יויזעלע געבעטן דעם אונטערשמש, ער זאָל אים געבן מלקות. אזוי האָט ער זיך נוהג געווען, אז ער פלעגט באווייזן עפּעס אַ מופת.

איר קענט ביט, האָט ער געזאָגט, דעם מנוול דעם שטן מיט זיינע שטוטשקע־לעך און שמד־שטיקלעך. ער פאַרשטעלט זיך אַמאָל פאַר אַ צדיקל, שאַרט אייך צו אַ מיצווהלע אָדער אַ מופתל, און איר האָט הנאה דערפון און אַ ביסעלע

גאווה, און אזוי כאַפּט ער איך אריין אין זיין נעץ. איז בעסער אָפּצוקומען מיט אַ ביסל יסורים.

און אז דער אונטערשמש האָט צוליב דרך־ארץ און רחמנות אויף דעם אויסגעדאַרטן גופעלע פון ר׳ יויזעלען, געגעבן קליינע שמיצעלעך, פלעגט ר׳ יויזעלע זיך בעטן ביי אים:

נאַרעלע, שמייס שטאַרקער, זאָל אים ווײ טאָן, דעם בעל־דבר. אוי, האָט ער פיינט יסורים, פלעגט ר׳ יויזעלע הנאה האָבן וואָס מען טוט אָן יסורים זיין שונא, דעם שטן.

און דער קליינער ר׳ בנימקעלע האָט צוגעשמייכלט מיט גרויס הנאה וואָס ר׳ יויזעלע האָט זיך אָפּגערעכנט מיטן מנוול.

# דער גרויסער בית־מדרש און די בית־מדרש יידן

דער בית־מדרש איז געווען אַ פּירקאַנטיקער בנין, געבויט פון לאַנגע און שווערע דעמבענע קלעצער, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ טורעם אין מיטן שולהויף. אויפן פינצטערן וואַנט פון פּאָליש איז געווען אויסגעדרוקט מיט גרויסע מצבה־אותיות: „משנכנס אדר מרבין בשמחה" און „אסור להשתין בקיר".

פון צוויי זייטן זיינען געווען טירן וואָס האָבן אריינגעפירט צום פּאָליש. — אַ פינצטערער לאַנגער צימער, אָן פענצטער. דאָרט האָבן יידן, וועלכע האָבן זיך געאיילט און געדאַרפט זאָגן קדיש, געמאַכט אַ הויכע קדושה. שבת איז מען דאָרט ארויס פון בית־מדרש כאַפּן אַ שמועס, פאַרויכערן יום־טוב אַ פּאַפּיראָסל.

יום־כיפור זיינען דאָרט ארויס האַלב־געחלשטע יידן כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט.

שבת, ביים דאַוונען, זיינען קצבישע און שמייסער־יונגען, וועלכע האָבן געדאַוונט מיטן ערשטן מנין אין אנדערע בתי־מדרשים און האָבן שוין אויפגעגעסן אַ האַלבן טשאָלנט, געשטאַנען און געקייט פּיסטאַשקעס און זיך געוויצלט. ווי מבינים האָבן זיי באַהאַנדלט אַלע טיילן פון די יונגע ווייבלעך, וועלכע זיינען פאַרבייגעגאַנגען, צו דער ווייבערשער שול, און פלעגן אָפּלאַכן פון די די בעל־הבתישע בחורים, די כניאָקעס. אין אַ ווינקל איז געלעגן, ווי אַ פּעקל שמאַטעס, דער שטאָטישער משוגענער. אָרעמע־לייט האָבן דאָרט געוואַרט אויף בעלי־בתים וואָס זאָלן זיי נעמען צום עסן.

אויבן איז געווען די ווייבערשע שול.

צוויי טירן האָבן אריינגעפירט פון פּאָליש צום בית־מדרש. דריי ווענט האָבן געהאַט פענצטער, אָבער דער אַרכיטעקט האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אז קיין צו פיל ליכט און זון זאָל ניט אריינקומען, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ מקום קדוש.

אַ קופּערנער האַנטפּאַס איז געהאַנגען ביים אריינגאַנג, צו וואַשן די הענט.

פון איין ברעג צום צווייטן, אין דער ברייט, זיינען געשטאַנען צוויי ליימע־נע אויוונס. פּאָליצעס ספרים זיינען געשטאַנען ארום די ווענט, מיט לעדערנע און לייוונטענע רוקנס, אַ ביסל צעריסן פון אַלטקייט. די געלע בלעטער זיינען געווען פול מיט פלעקן פון חלבנע ליכט. זייער אָפט האָט מען געפונען ווייסע און שוואַרצע האָר, איבערבלייבענישן פון פאַרגאַנגענע דורות, וועלכע האָבן אין די ספרים געלערנט.

לאַנגע און מאַסיוו־שווערע טישן און שטענדערס פון דעמבענע ברעטער געמאַכט, זיינען געשטאַנען ארום די ווענט, טאַטעס און זיידעס האָבן איבער זיי פאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פון זייער לעבן אין לערנען און דאַוונען.

טישן, איינגעזאַפּטע מיט טרערן, וואָס דורות יידן האָבן אויף זיי פאַרגאָסן אין תפילות, דורות וואָס האָבן מיט הייליקער התלהבות טאָג און נאַכט געזעסן און געלערנט און זיך ממית געווען פאַר דער תורה. אויסגעברענטע פלעקן פון חלב־ליכט, וואָס זיי האָבן געניצט ביינאַכט, זאָגן עדות אויף דעם. ביי די טישן האָבן זיי אויסגעדריקט זייער צער און בענקשאַפט. דאָרט האָבן זיי מיט לייכטע הערצער און ליכטיקע פּנימער, פאַרבראַכט זייערע שבתים און יום־טובים. דאָ זיינען זיי געשטאַנען ביי זייערע טאַטעס פאָלעס אונטער די טליתים, און איינגעזאַפּט די קרעכצן און ניגונים פון זייערע תפילות. דאָ זיינען זיי גע־וואָרן בר־מיצווה און חתונה געהאַט. די שטעט ביי די טישן, וואָס זיי האָבן געירשנט פון זייערע טאַטעס, זיינען געווען אַ טייל פון זייער לעבן. דאָ האָבן זיי פאַרבראַכט זייער יוגנט און אַלט געוואָרן. היינט זיינען זיי שוין טאַטעס און זיידעס און ציען די שנור פון די פאַרגאַנגענע דורות.

אויפן סופיט זיינען געהאַנגען הענגלייכטער און לאָמפּן גרויסע, וואָס מען האָט אָנגעצונדן שבת און יום־טוב, און אויך קליינע — פאַר אינדערוואָכן. דער סופיט איז געווען באַפּוצט מיט אלערליי געזימסן, מאָלערייען און אויסקריצונ־גען, אין מיטן איז געווען אַ צירקל צעטיילט אויף צוועלף טיילן, מיט די נעמען פון די צוועלף שבטים. אין איינעם איז געווען אויסגעמאָלט א לייב, מיט אַ שמייכלדיקן פּנים, אַ פּאָר גוטע לאַכנדיקע אויגן, און א סריס־בערדל אויף דער גאָמבע. טו אים אָן אַ קאַפּעליושל און ער וואָלט אויסגעזען ווי עפּעס א מגידל. אין אַן אַנדער טייל איז געווען אויסגעמאָלט אַ הירשל מיט לאַנגע פיסלעך, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גאַנדז. אויך איז געווען אויסגעמאָלט א שפּי־פון, א פיפערנאַטער, ספק פיש, ספק שלאַנג. און נאָך אזעלכע חיות און בהמות און פיש, וואָס איך געדענק שוין מער ניט ווי זיי האָבן אויסגעזען.

אין מיטן, ווי אין יעדן בית־מדרש, איז געשטאַנען א גרויסע בימה. ביי דער מיזרח־וואַנט אַן ארון־קודש, פאַרהאַנגען מיט גאָלד־און זילבער־פעדעם־

אויסגעניייטע פּרוכתן. אָט דאָס איז געווען אונדזער בית־מדרש, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א גרויסן טייל פון דעם לעבן פון אונדזער שטעטל פאַר אַ סך דורות.

## ר׳ זלמן שרהס

ס׳איז פאַרטאָג. אַלץ אין שטעטל איז טיף אין שלאָף. די הייזלעך און געסלעך, וואָס בייטאָג זיינען זיי אייגנס און נאָענט, ווערן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט פרעמד און סודותדיק, ווי פון אַן אַנדער וועלט.

די שטילקייט ווערט פּלוצלינג צעשטערט דורך די שווערע, גיכע טריט פון ר׳ זלמן שרהס, וואָס קלינגען אָפּ אויף דעם שטיינערנעם ברוק און וועקן די נאַכט און דאָס שטעטל.

מען רופט אים ר׳ זלמן שרהס, אויף זיין ווייבס נאָמען, ווייל זי איז די פאַרדינערקע.

ער איז א הויכער דאַרער ייד מיט שיטערע באָרד־און־פּיאות, איינגעוויקלט אין אַ דינע קאַפּאָטע מיט אַ שווערן טלית־זאַק אונטערן אָרעם. זיין פּנים איז ערנסט און אנטשלאָסן. ער ווייס וואָס זיין חוב איז אויף דער וועלט — דינען דעם רבש״ע. דאָס איילט ער זיך צום בית־מדרש, ער וויל ניט פאַרשפּעטיקן, פאַר די לעצטע פערציק יאָר דאַוונט ער מיטן נץ החמה.

ער קומט אריין אין בית־מדרש. ער איז דער ערשטער. גיט אַ קרעכץ פון הנאה, ווען ער דערשפירט די וואַרעמקייט נאָך דער דרויסנדיקער קעלט פון פרימאָרגן. אין בית־מדרש איז פינצטערלעך, לייד׳יק פון מענטשן, נאָר איין לאָמפּ ברענט נאָך, טונקל, פון נעכטן.

ביים ארון־קודש, נעבן דער מיזרח־וואַנט, ברענען נאָך די רעשטלעך פון די יאָרצייטליכט און זייערע פלעמלעך שפּילן זיך און וואַרפן שאָטנס ארום. די אזוי גוט־באַקאַנטע ערטער אין בית־מדרש זיינען אויך אין דער טונקלקייט פרעמד און מיסטיש.

ר׳ זלמן גייט צו צו זיין „שטאָט״, לייגט אוועק זיין שווערן טלית־זאַק אויפן טיש. דאָס איז די „שטאָט״ אויף וועלכער ס׳האָבן געדאַוונט און געלערנט זיין טאַטע און זיידע און וואָס ער האָט פון זיי געירשנט. ער אליין דאַוונט שוין דאָ אויך זיין גאַנצן לעבן.

ער לויפט ארויס זיך מכין זיין צו דער אַרבעט — צום דאַוונען. ער קומט צוריק אריין, וואַשט די הענט ביים האַנטפאַס, וואָס הענגט ביי דער טיר, וויל זיך אָפּווישן מיטן האַנטעך, האָט חרטה, זעענדיק ווי שוואַרץ דער האַנטעך איז,

און ווישט זיך אָפּ מיט דער פּאָלע פון זיין קאַפּאָטע. גייט צוריק צו זיין „שטאַט", נעמט זיך אויספּאַקן די מכשירים צום דאַווענען, ווי אַ בעל־מלאכה לייגט אויס זיינע געצייג.

און וואָס איז דאָרט ניט געווען אין זיין טלית־זאַק? צוויי טליתים — אַ וואָ־כעדיקער און אַ שבתדיקער. דעם שבתדיקן, מיט אַ זילבערנער עטרה, וואָס ער האָט געקראָגן צו דער חתונה. אַ פּאָר גרויסע תפילין, אַ גמרא ברכות, וואָס ער לערנט זיין גאַנץ לעבן. ער וויל לערנען אין זיין אייגענער גמרא, עס לערנט זיך בעסער, איינגעווייקט, באַקאַנטע בלעטער. אַ משניות און אַ עין־יעקב, אין לעדער געבונדן. אַן אלטער דיקער מנורת המאור־סידור, אַ ירושה פון זיינע עלטערן, וואָס ער האַלט אים זייער טייער. דאָרט זיינען דאָ תפילות פאר וואָס נאָר איר ווילט. ער איילט זיך אָנצוטאָן דעם טלית, דער נץ החמה קומט אָן. ער הייבט אָן צו דאַווענען פון פּאַרנט, מיט כוונה, אָבער דער שטן מישט זיך אריין לעצטנס, שטערט אים אין דאַוונען און לערנען. זיין ווייב שרה קומט אים אריין אין דער מחשבה און זיין פנים ווערט פול מיט צער.

ס'איז אלע מאָל, זייט זייער חתונה, געווען א שטילע פאַרשטענדעניש צווישן זיי — ער אין בית־מדרש, זי — אין קרעמל. ער ארבעט פאר איר, פאַר עולם הבא, און זי — פאר עולם הזה. אָבער לעצטנס איז זי ניט די זעלבע, זי האָט טענות. אַ מאַן דאַרף מפרנס זיין אַ ווייב, האָט זי אפילו אַ מאָל געזאָגט. נו, איז ער איר מוחל. אויף דער עלטער, און זי ארבעט שווער א גאַנצן טאָג אין קרעמל און אין שטוב, און איבערהויפּט נאָך דעם אומגליק וואָס האָט זיי גע־טראָפן: זייער בן־יחיד שמואלקעלע איז אנטלאָפן פון דעם היים אין דער גרויסער שטאָט שטודירן, אַראָפּ פון גלייכן וועג.

ער הערט איר קרעכצן, ביינאַכט, פון שלאָף. זייער שמואלקעלע — גע־ווען א טייער יינגעלע, געהאַט אַן אָפענעם קעפּל, האָט ער געהאָפט אז ער וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער תלמיד־חכם. און מיט אַ מאָל אזא אומגליק! ער וויל פון אים ניט וויסן. פאַר אים איז ער געשטאָרבן. ער איז שוין אפילו, שרה זאָל ניט וויסן דערפון, איר ניט מצער צו זיין, געזעסן שבעה נאָך אים. זי איז דאָך אַ אשה, נשים דעתן קלות און זי איז דאָך אַ מאַמע. זי איז פאַרביטערט, זי קריגט אפילו פון אים אַ בריוול אַ מאָל, ער האָט איר איין מאָל געשיקט געלט אויך. און ווען זלמן האָט זיך דערפון דערוווסט, האָט ער איר געזאָגט אז ער וועט אוועק פון שטוב, האָט זיך שרה דערשראָקן און אוועקגעגעבן דאָס געלט פאַר צדקה.

ער דערמאָנט זיך ווי שמואלקעלע פלעגט שטיין ביי אים אונטערן טלית, ווען ער איז געווען אַ קינד, און געדאַוונט ווי אַ פרומער ייד, און ער האָט גע־

האָט גרויס נחת פון אים. און מיט אַ מאָל אַזאַ אומגליק. און ווער איז שולדיק אין דעם? דער יידישער לערער פון דער שול, ימ״ש, ער האָט אים איינגערעדט, געגעבן אים אַפּיקורסישע ביכלעך צו לייענען. און איין טאָג האָט ער איבערגעלאָזן אַ צעטעלע, אַז ס׳איז אים ענג אין שטעטל און ער פאָרט אוועק שטודירן אין דער גרויסער שטאָט. און איצט איז ער און שרה עלנט ווי די שטיינער. איבערהויפּט שרה. ער געפינט נאָך אַ טרייסט אין לערנען און דאַוונען, אָבער אויף איר איז אַ גרויסער רחמנות. זי איז ניט די זעלבע ווי אַ מאָל. ער האָט איר צוגעזאָגט אַ שותפות אין זיין לערנען, עס קומט איר על־פּי־דין, ווי יששכר און זבולון. אָבער עס העלפט ניט. זי איז זייער פאַרטרויערט און ער האָט גרויס צער דערפון, עס שטערט אים אין לערנען און דאַוונען.

ווי ער וואָלט זיך וועלן פאַרגעסן אָן דעם, שטאַרקט ער זיך, לייגט די תפילין און הייבט אָן דאַוונען מיט כוונה און מיט נאָך מער התלהבות. ער האָט זיך דאָך ניט אויף וועמען צו פאַרלאָזן. געהאָדעוועט אַ קדיש לאחר מאה ועשרים שנה פאַר אים און פאַר שרהן. ס׳איז געווען זייער נחת. איז געקומען אַ בייזער ווינט און אים אוועקגעריסן פון זיי.

קיינער שטערט אים ניט, ער אליין איז אין בית־מדרש, ער האָט זיין סדר — אַ סדר פון אַלע יאָרן — נאָכן דאַוונען אַ בלאַט גמרא, א פּרק משניות און אַ שטיקל עין יעקב — דאָס איז נאָך פאַר פרישטיק, וואָס שרה גרייט פאַר אים אָן. ער איילט זיך אויך מיטן אָפּעסן. ער עסט נאָר כדי ער זאָל האָבן כוח צו דינען דעם רבש״ע.

גלייך נאָך פרישטיק גייט ער צוריק אין בית־מדרש פאַר אַ גאַנצן טאָג: מען דאַרף אריינכאַפּן, ער איז שוין אויף דער עלטער.

## דער מתמיד און זיין מאַמע ביילע

עס לויפט אריין אין בית־מדרש אַ הויכער, יונגער בחור מיט אַ בלייך געזיכט וואָס איז באַצירט מיט אַ פּאָר לאַנגע פּיאות, און עטלעכע שיטערע האָר, וואָס האָבן ערשט אָנגעהויבן שפּראָצן אויף זיינע איינגעשרומפּענע באַקן. אַ פּאָר שוואַרצע גרויסע אויגן, וואָס ער האַלט זיי אראָפּגעלאָזן צו דער ערד, מיט א תפילין־זעקל אין האַנט. ער קוקט זיך ארום, זעט קיינעם ניט, אויסער ר׳ זלמן שרהס. און ווי ער וואָלט מורא געהאַט מ׳זאָל אים ניט פאַרהאַלטן, אים ניט שטערן אין זיין ארבעט, לויפט ער גלייך צו צו זיין אָרט, ווו ער לערנט שוין זייט זיין פריסטער יוגנט, פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

די גמרא ליגט נאָך אויף זיין שטענדער פון נעכטן, ער זאָל ניט דאַרפן מבטל זיין קיין צייט צו זוכן איז די גמרא פאַרבייגט אויפן אָרט, ווו ער האָט נעכטן געענדיקט. ער דאַוונט אָפּ אויף גיך און נעמט זיך גלייך שאָקלען ביי דער גמרא. עס גייט אים ניט אָן וואָס עס טוט זיך ארום אים אין בית־מדרש, מען בעט אים ניט אפילו צו זיין אַ צענטער צו אַ מנין, כדי אים ניט צו שטערן אין זיין לערנען. ער הערט זיך ניט צו ווען עס קומט אין בית־מדרש אַ גאַסט, אַ חזן אָדער אַ מגיד. נעמט ניט קיין אָנטייל ווען יונגעלייט־לערנער האָבן אַ וויכוח אין לער־נען. ער שטייט צוגעקאָוועט צו זיין שטענדער, לערנט שטיל, אָן אַ ניגון, שעפּטשעט מיט די ליפּן, ווי דאָס לערנען וואָלט געווען אַ תפילה.

אין שטעטל רופט מען אים ביילע די אלמנהס זון, אָדער דער מתמיד. זיין מאַמע רופט אים „מיין אלטערקע״, „מיין בן־יחידל״, „מיין נחת״. זי האָט אים צוגעגעבן אַ נאָמען אַלטערקע, ווען ער איז, ניט היינט געדאַכט, קראַנק געווען אויף טיפוס, און עס האָט מיט אים געהאַלטן שלעכט.

ביילע לעבט ניט פאַר זיך, נאָר פאַר אים, פאַר איר קינד, ווי זי זאָגט. ער איז איר געבליבן איינער פון פיר קינדער, אים צו לענגערע יאָר, וועלכע זיינען געשטאָרבן יונג. איר מאַן איז אויך אַוועק פון דער וועלט יונג. זי האָט געאַר־בעט שווער און ביטער אויפצוהאָדעווען די יתומים און היינט ארבעט זי פאַר אים, פאַר איר אלטערקען, עס זאָל אים קיין זאַך ניט פעלן, ער זאָל קענען זיצן און לערנען.

זי האַנדלט מיט עופות און בעל־הביתטעס האָבן אויף איר רחמנות און גיבן איר צו לייזן, ס׳איז אַ מיצווה.

אַלטער גייט ניט אהיים עסן, ער זאָל ניט דאַרפן מבטל זיין פון לערנען. טראָגט אים ביילע טעפּעלעך דריי מאָל אַ טאָג. און ווען זי טראָגט אים די טע־פּעלעך ווייסט זי, אז די וויבער פון אָרעמען שטאַנד, וועמענס קינדער זיינען בעל־מלאכות, קוקן איר נאָך און זיינען איר מקנא, ניט חו״ש אז זיי פאַרגינען איר ניט, אדרבא, זיי ווינטשן איר, אז זי זאָל האָבן אַ סך נחת פון אים, זי איז דאָך אַן עלנטע וויסטע אלמנה, און ער איז איר איינציקער פאַרמעגנס; אָבער וואָס וואָלטן זיי ניט אוועקגעגעבן, אלץ אויף דער וועלט, צו האָבן אזא אוצר, אַ קינד וועלכער זאָל זיצן און לערנען. וואָס דאַרף דען אַ יידישע מאַמע האָבן מער אויף דער וועלט? אז דער רבש״ע העלפט איר מיט אַזאַ קדיש, זיך אָנגרייטן אזא פאַרמעגן פאַר יענער וועלט!

זי קומט אריין אין בית־מדרש, שטעלט אַוועק דאָס טעפּעלע נעבן אים און זאָגט שטילערהייט:

„עס, מיין קינד, און זאָל דיר זיין צו געזונט״. אליין גייט זי ארויף אין דער ווייבערשער שול און קוקט ווי ער עסט, און האָט מער הנאה ווי ער. און ווען ער ענדיקט עסן, ביים צונעמען די כלים, און ער זאָגט „אַ דאַנק, מאַמע!״ פילט זי אז די גאַנצע וועלט איז אירע. זי גייט צוריק ארויף אין דער ווייבערשער שול קוקן ווי ער לערנט, קלייבן אַ ביסל נחת, כאָטש זי איז זייער פארנומען.

שבת און יום־טוב איז זי די גליקלעכסטע אויף דער וועלט. ווען ער מאַכט פאַר איר קידוש, זיצט מיט איר ביים טיש, בענטשט מיט איר, און פרעגט זיך נאָך אפילו וואָס זי מאַכט. אַ גאַנצע וואָך איז ער דאָך אזוי ווייט, ווי אַ פרעמ־דער, פאַרטאָן אין זיין לערנען.

זי דערמאָנט זיך ווען ער איז, ניט היינט געדאַכט, קראַנק געווען אויף טיפוס, האָט זי קיינעם ניט צוגעלאָזן צו אים, אויסער דעם פעלדשער פאַר־שרייבן רפואות. אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט איז זי געלעגן ביי זיין בעט, געגעבן אים די רפואות, צוגעלייגט אים דעם פענכער מיט אייז, אָפּגעווישט אים דעם שווייס פון שטערן, געקאָכט פאַר אים יאַיכעלעך, געריייניקט און גע־טראָגן פון אים. זי האָט זיך אפילו דערלויבט איין מאָל, ווען ער איז געלעגן אין היץ און ער האָט ניט געפילט, צוצולייגן אירע טרוקענע ליפּן צו זיין נאַסן שטערן — ער איז דאָך איר קינד, זי מעג. ער האָט אפילו איין מאָל פון היץ אויסגעשריען „מאַמע, העלף מיר״. ער איז געווען אין יענע טעג אזוי נאָענט צו איר, איר בלוט און פלייש, איר קינד, ער בעט איר הילף. זי האָט אפילו איין מאָל געזינדיקט מיט דער מחשבה, און זי האָט אַ סך צער דערפון, זי האָט געוואָלט עס זאָל זיך נאָך אזוי ציען...

ווען ער איז געזונט איז ער אָבער אזוי ווייט פון איר, אזוי פרעמד, עפּעס ווי אין אַן אַנדער וועלט. און ער איז דאָך אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט אויף דער וועלט.

נאָר וואָס איז די פעולה? און אזוי גיך ווי ער איז בעסער געוואָרן, איז ער גלייך אַוועק צוריק אין בית־מדרש, צו זיין גמרא. זי האָט זיך ביי אים גע־בעטן: „אַלטערקע, מיין קינד, בלייב נאָך אַ ביסל אין שטוב, רו זיך אויס פון דער קראַנקייט״, און ער זאָגט: „מאַמע, איך האָב ניט קיין צייט״, און ער איז ווייטער אַוועק לערנען, און פאַר זיך...

## דער ערשטער מנין

מיטן אָנקום פון פרימאָרגן הייבט זיך אָן אָנצופילן דער בית־מדרש מיט אַלערליי דאַווענער, בעל־מלאכות, קרעמער, וועלכע געהערן ניט צו דעם לומ־

דישן בית־מדרש, אָבער זיי ווינען נאָענט, קומען זיי דאַוונען בציבור, מיטן ערשטן מנין. ברענגען אריין אַ ביסל פרישקייט פון דעם דרויסן אין דער פאַר־שטיקטער לופט פון בית־מדרש.

ברייט־ביינערדיקע געזונטע האַרעפּאַשניקעס, מיט צעוואַקסענע בערד און פּיאות, טוען אָן די צעקנייטשטע שווערע טליתים און הייבן אָן דאַוונען פון פאַרנט. פאַרקאַשערן אַ שוואַרצן ברודיקן ארבל פון העמד און עס באַווייזט זיך אַ געזונטע האַריקע האַנט פאַרן של יד. זיי שעפּטשן אָפּ די ברכות געאיילט, קייען די ווערטער אָן כוונה, איינגעוווינטע ווערטער נאָך פון דער יוגנט, דעם גאַנצן לעבן באַקאַנטע תפילות און ברכות. ס׳איז ניט ווי תהילים זאָגן, ווו מען גיסט אויס דאָס האַרץ מיט כוונה. מען דאַרף אָפּדאַוונען, אַניט קען מען ניט גיין עסן און צו דער אַרבעט. איילט מען זיך.

קרעמערלעך דעקן אָפּ דינע אויסגעדאַרטע בלייכע הענט פאַרן של יד, מיט פאַרזאָרגטע פּנימער כאַפּט מען אריין אַ שמועס, ווען מען מעג נאָך אויסריידן, וועגן נייעס, שלעכטע געשעפטן. דער עמוד צום ערשטן מנין איז הפקר, „כל דיכפין", און בעלנים פאַרן עמוד זיינען דאָ אַ סך, אַ יאָרצייט, אָדער סתם יידן וואָס האָבן ליב דעם עמוד. מ׳גיט אַ קלאַפּ און מ׳שרייט אויס „מזמור שיר חנוכת". און איידער מען שפּייט אויס צו עלינו, וואַרט שוין אַן אַנדער בעל־תפילה. אַ מיירע אַרויף, אַ מיירע אַראָפּ.

משה דער בלעכער האָט שוין אַ חזקה צו דאַוונען ביים עמוד אין דער וואָכן, צום ערשטן מנין. שטייט ער שוין און וואַרט. אַ פּירקאַנטיקער ברייטער ייד מיט אַ מגושמדיקן פּנים, וואָס איז באַוואַקסן מיט באָרד און פּיאות ביז די אויגן.

ער האָט צוויי גלוסטונגען פאַר וועלכע ער וואָלט אוועקגעגעבן זיין לעבן. איינע איז איינגעקאָכטע מערעלעך מיט קאַרטאָפל, פאַרווייסט מיט מילך, און אַ ציבעלע־קוכן. און די צווייטע איז דאַוונען פאַרן עמוד. איז ער אָבער גע־ווען אין דער יוגנט אַ גרויסער קבצן, מיט אַ שטוב הונגעריקע קינדער. האָט ער נעבעך געמוזט עסן אויף פרישטיק שוואַרצע ברויט מיט קרופּניק, און זיינע חזנות האָט ער געמוזט אויסגיסן ביים וואַרשטאַט. ווער וועט אים צולאָזן צום עמוד?

זיינען זיינע קינדער אוועק אין אמעריקע און שיקן אים, ווי מען זאָגט, אַ מטמון מיט געלט. האָט ער זיך אויפגענייט אַ בכבודיקע שוואַרצע קאַפּאָטע מיט אַ נייע היטל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ בעל־הבית. מאַכט אים שוין באַשע פאַר פרישטיק איינגעקאָכטע מערעלעך מיט קאַרטאָפל, פאַרווייסט מיט מילך און אַ ציבעלע־קוכן, און מען לאָזט אים שוין צו צום עמוד, דעם נייעם גביר.

ווי נאָר עס ווערט ליידיק דער עמוד, גיט ער אַ קלאַפּ מיט זיין שווערע לאַפּע אויפן סידור און צעזינגט זיך מזמור שיר.

שטייט משה ביים עמוד ווי אַן אמתער חזן. מיט ביידע גראָבע הענט האַלט ער דעם עמוד, גוידערט זיך אָן, און מיט זיין גראָבע שטימע צעציקלט ער זיך, קרעכצט און שרייט, לייגט אריין אין דער תפילה אַלע זיינע געפילן און בענק־שאַפטן וואָס ער האָט געהאַט פאַרן עמוד זיין גאַנץ לעבן. עס העלפט ניט וואָס די מתפללים איילן זיך, שרייען: אַ נו! משה איז אין אַן אַנדער וועלט, אַ וועלט וואָס ער האָט וועגן דעם געחלומט זיין גאַנץ לעבן — דער עמוד. און זיין חלום איז מקוים געוואָרן.

נאָכן דאַוונען גייט משה נאָכגעבן די צווייטע הנאה: עסן די איינגעקאָכטע מערעלעך מיט קאַרטאָפל, מיט אַ ציבעלע־קוכן, וואָס באַשע האָט פאַר אים אָנ־געגרייט.

משה איילט זיך ניט. ער עסט מיט כוונה. אלע רמ״ח אברים און שס״ה גידים אַרבעטן.

עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו זען ווי משהס גוף האָט געאַרבעט אויף צו דערהאַלטן זיין אָרעמע נשמה מיט מערעלעך און קאַרטאָפל, איינגעקאָכט מיט מילך, און אַ ציבעלע־קוכן.

## דער צווייטער מנין

דער בית־מדרש ווערט פול מיט יידן וואָס קומען צום צווייטן מנין, דעם רבס מנין. בעלי־בתים, לומדישע יידן, יונגע־לייט, וועלכע זיצן אויף קעסט, יידן וועלכע ווילן אריינכאַפּן פאַרן דאַוונען אַ בלעטל גמרא, אַ פּרק משניות, אָדער סתם יידן, וואָס ווילן כאַפּן אַ שמועס, הערן נייס, קומען אַ ביסל פריער. מען האָט זיך ניט וואָס צו איילן, מען וועט ניט פאַרזאַמען די געשעפטן.

ס׳איז דאָ וואָכעדיקע טעג, ווען אין בית־מדרש איז יום־טובדיק, אז עס מאַכט זיך אַ ברית אָדער א חתונה. די משפחות פון טאַטע־מאַמעס פּילן אָן דעם בית־מדרש, אויסגעפּוצט אין די שבתדיקע קליידער, און אויב ס׳איז אַ מאָנטיק אָדער אַ דאָנערשטיק קומען אויך פרעמדע. מען קען פאַרשפּאָרן אַ לאַנג והוא רחום און ס׳זיינען דאָ אַ סך בעלנים אויף אזא מציאהלע.

אָט זיינען דאָ די שטענדיקע צוויי פּאָליטיקער, ווי מען רופט זיי אין שטעטל, וועלכע קומען אַ ביסל פריער צום דאַוונען, זיך דורכקריגן וועגן פּאָליטיק. דאָס איז זלמן יאַפּאָנטשיק און שלמה דער לאַנגער. זיי זיינען קיין מאָל ניט מסכים

איינער מיט דעם אַנדערן. האָבן זיך ליב צו שפּאָרן, מען אַמפּערט זיך, מען זידלט זיך און מען רופט זיך נעמען, אָבער מען בלייבט פריינד, מען זאָל קענען מאָרגן זיך ווידער דורכקריגן וועגן פּאָליטיק.

זלמנען רופט מען יאַפּאַנטשיק, ווייל ווען ס'איז געווען די מלחמה צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן, איז זלמן געווען בלב ונפש פאַר יאַפּאַן. און אז יאַפּאַן האָט געוווּנען די מלחמה, איז ער געוואָרן ביי זיך אַ גרויסער פּאָליטיקער און איז מבטל שלמהן ווי עפּעס אַ יינגעלע, וועלכער ווייס ניט וואָס ער רעדט, ווייל ער האָט געהאַלטן פאַר רוסלאַנד. פון דעם זעט מען דאָך אז שלמה איז אַן עם־הארץ אין פּאָליטיק.

שלמה האָט געהאַלטן פאַר רוסלאַנד ניט דערפאַר וואָס ער איז געווען אזא גרויסער פּאַטריאָט פון רוסלאַנד. אדרבא, ער האָט פיינט געהאַט פּאָניען ווי דעם טויט, נאָר ווייל ער האָט זיך ליב צו שפּאָרן. זאָגסטו טאָג, זאָגט ער נאַכט, האַלט זלמן פאַר יאַפּאַן, דאַרף ער האַלטן פאַר רוסלאַנד.

שלמה דער לאַנגער רופט מען אים ניט דערפאַר וואָס ער איז אַ לאַנגער, פאַרקערט, ער איז אַ קליין דאַר יידעלע, מיט אַ שיטער בערדל, וואָס טאַנצט אונטער ארויף און אַראָפּ ווען ער רעדט, ווי דאָס בערדל וואָלט אַלע מאָל מסכים זיין מיט אים , נאָר מען רופט אים דער לאַנגער צוליב אַ מעשה.

ער האָט געוווינט אין שכנות מיט זיין ווייב שיינעלע, ווען זיי זיינען געווען קינדער. און אז שיינעלעס פאָטער, דער שוחט, איז ניפטר געוואָרן, איז שיינע־לע געשטאַנען ביי דער לוויה מיט אירע צוויי גרויסע שוואַרצע אויגן אין איר בלייך פּנימל פול מיט צער און האָט געשוויגן. האָט ער אויף איר גרויס רחמנות געהאַט און האָט זיך געגעבן א נדר, אז ווען זיי וועלן גרויס ווערן, וועט ער מיט איר חתונה האָבן. טאַטע־מאַמע האָבן געשטערט דעם שידוך, אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן. ער האָט מיט איר חתונה געהאַט.

און איצט איז שוין באַלד צען יאָר נאָך דער חתונה און ס'איז ניטאָ קיין קינדער. מאַטערן אים טאַטע־מאַמע, ס'איז על־פּי־דין, ער מוז איר גטן. גייען אים אויס די כוחות פאַר רחמנות אויף איר. זי האָט נאָך געהאַט די זעלבע גרוי־סע שוואַרצע אויגן מיטן בלייכן פּנימל, און זי שווייגט מיט צער.

מיט אַ מאָל קומט זי מיט אַ וויינענדיק פּנים און זאָגט צו אים:

„שלמה, איך האָב פאַר דיר אַ גוטע בשורה, איך בין טראָגעדיק״.

דאָס דערהערט, איז ער ווי זיין שטייגער איז געווען, געוואָרן צעקאָכט און שרייט אויס: „שיינעלע, הייב זיך ניט אויף, גיי ניט, זיץ אויף אַן אָרט, איך וועל דיר אַלץ דערלאַנגען״.

זיצט שיינעלע און זאָגט: „שלמה דערלאַנג מיט דאָס, דערלאַנג מיר יענץ״.

האָט זיך שטעטל דעוווסט דערפון און האָט אים אַ נאָמען געגעבן „שלמה דער לאַנגער״.

דער צווייטער מנין כאַפּט ניט, מען האָט צייט. אָפּגעדאַוונט, לייגט מען צוזאַמען טלית און תפילין בנעימות, מען שמועסט זיך דורך. אנדערע האָבן זייער סדר, עפּעס לערנען פאַר פרישטיק. יונגע־לייט לערנער שמועסן זיך דורך מיטן רב וועגן אַן ענין, וואָס איז זיי שווער.

דערווייל הייבן אָן אָנצוקומען די שטענדיקע לערנער. דער בית־מדרש ווערט פול. יונגע בר־מיצווה בחורים, וואָס לערנען שוין פאַר זיך און בחורן זיך שוין, פאַרנעמען די טישן, שאָקלען זיך מיט התלהבות איבער די גמרות, ווי יונגע ביימעלעך אין ווינט און די פּיאות שאָקלען זיך מיט זיי אין האַרמאָניע. זיי לערנען מיט אַ ניגון, מיט כוונה „שור שנגח״ אָדער „כל כנוי נדרים״. זיי לערנען פאַר אַ תכלית, צוקונפטיקע רבנים אָדער שיינע יידן, לומדים וועט פון זיי אַרויסוואַקסן. מען וועט באַלד פאָרן אין די גרויסע ישיבות אין דער וועלט — אַ נחת פאַר טאַטע־מאַמע און פאַר לייטן.

## דער חריף

עס לאָזט זיך אריין אין בית־מדרש מיט גיכע טריט און מיט אַ שמייכל ר׳ חיים־בערס אײדעם. ר׳ חיים־בער איז דער שענסטער ייד אין שטעטל. אַ גרויסער למדן, אַ מיוחס, שטאַמט פון רבנים, גבירים — תורה וגדולה במקום אחד. אַ ציכטיקער, אַלע מאָל שיין אָנגעטאָן, מיט אַ פיינע אָסאָבע, און דערצו אַ ייד אַ נגיד. אַ מאָל איז ער געווען גאָר אַ גרויסער גביר, נאָר לעצטנס מורמלט מען, אז ס׳איז ניט אזוי, אָבער ער פירט נאָך אַ שטאָט ווי אַמאָל. גיט צדקה מיט אַ ברייטער האַנט, מען זאָל ניט וויסן. אלע מאָל דער ערשטער אין שטעטל. רופט מען אים אפילו אונטער די אויגן אויך מיט אַ ר׳, ר׳ חיים־בער.

און אז עס איז געקומען חתונה צו מאַכן זיין בת־יחידקעלע לאהלע, אַ שוואַרץ־חנעוודיקע מיידל, אין טאַטן געראָטן, און אַ געבילדעטע, זיינען אלע בחורים אין שטעטל געווען פאַרליבט אין איר. זי האָט געקענט טאָן די בעסטע שידוכים, האָט אָבער ר׳ חיים־בער דווקא געוואָלט אַ למדן פאַר זיין בת־יחידה. זי האָט אפילו לכתחילה ניט געוואָלט הערן דערפון, ניט געוואָלט קיין ישיבה־בחור. זי האָט געוואָלט אַ געבילדעטן, אָדער אַ סוחר. אָבער ר׳ חיים־בער האָט געזאָגט, אז אַ לומדישער קאָפּ קען זיין אַ סוחר אויך, אָבער א סוחר קען זיין אַ גראָבער יונג, און עס פּאַסט ניט פאַר זיין ייחוס אַן איידעם אַ גראָבער יונג.

איז ער אוועקגעפאָרן קיין וואָלאָזשינער ישיבה, וווּ ער האָט אַליין געלערנט אין דער יוגנט, און אויסגעקליבן אַ בחור אַ צאַצקע. אַ שאַרפער קאָפּ, אַ חריף און דערצו אַ הויכער שיינער יונגער בחור מיט אַ טונקעלן פּנים און שוואַרצע ברענענדיקע אויגן. אַ לעבעדיקער, אַ פריילעכער און אַ זינגער מיט אַ זיסע שטימע, עפּעס ניט ווי קיין ישיבה־בחור. האָט ער לאַהלען ווי פאַרכישופט.

און אַז דער וואָלאָזשינער ישיבה־בחור האָט דערזען די חנעוודיקע לאַהלען, האָט ער שוין ניט געפרעגט וועגן נדן, קעסט. מען האָט זיך פאַרקאַכט איינער אין אַנדערן און ס׳איז געוואָרן מיט מזל אַ שידוך.

און איצט זיצט ער ביי חיים־בערן אויף קעסט און לערנט אין גרויסן בית־מדרש ביי דער מיזרח־וואַנט.

ס׳איז אַ מחיה צו הערן ווי ער לערנט, זאָגן יידן, מיט אַזאַ זיסן קול. יידן גייען צו נאָענט צו זיין אָרט, כדי זיך צוצוהערן ווי ער לערנט. האָט אים שטעטל ליב און האָט אים אַ נאָמען געגעבן „דער חריף", צוליב זיין שאַרפן קאָפּ, וואָס עס רוט קיין מאָל ניט.

אַז עס מאַטערט אים עפּעס אַ שווערער ענין, אַ קשיא, הייבט ער אָן אַרומשפּרייזן איבערן בית־מדרש, בייסט די נעגל, דרייט די טשופּרינע מיט די פינגער, ער מוז געפינען אַ תירוץ.

און מיט אַ מאָל באַווייזט זיך אויף זיין פּנים אַ צופרידענער שמייכל, ער האָט געפונען, ס׳איז אַ גרויסער אויפטו.

עס ליגט אים די חריפות אויף זיין פּנים און אין זיין אומרו — אַזוי זאָגט שטעטל.

אַ גרויסע פריינדשאַפט האָט זיך פאַרבונדן צווישן חריף און דעם רבס יינגל, ווע‌מען מען האָט גערופן דעם רבס מזיק. ער האָט טאַקע אַ גוט קעפּל, אָבער אַ ווילדער מזיק. וואַרפט אָן אַ שרעק אויף די עלטערע יידן וועלכע זיצן אין בית־מדרש, מאַכט אַ טומל ווען ער לויפט אַריין אין בית־מדרש, און שלאָגט זיי אַרויס פון ענין, וואָס איז אַזוי אויך געגנוג שווער אויף די עלטערע יאָרן, האָט קיין דרך־ארץ ניט פאַר קיינעם. אָבער פאַרן חריף האָט ער אַ סך דרך־ארץ, האָט אים ממש ליב, קוקט אים אין די אויגן.

דער חריף האָט דעם רבס מזיק אויך זייער ליב, זאָגט אים איבער זיינע חידושים, זיי זינגען צוזאַמען די קאָמפּאָזיציעס וואָס דער חריף מאַכט אַליין. און דעם רבס מזיק האָט אַ גוט שטימעלע. אַז דער חריף וויל אַרויסווייזן זיין ליבשאַפט צום רבס מזיק, רייסט ער אים פאַרן אויער.

מען זאָגט, אַז לאַהלע, זיין ווייב, וויל ער זאָל ווערן אַ דאָקטאָר, שטודירן און אַז שטילערהייט לערנט ער שוין רוסיש. נו, וואָס פאַר אַ ווערדע האָט עס

ביים וואָלאָזשינער ישיבה־בחור, וואָס דער ראש־הישיבה האָט אויף אים גע־שריבן אז ער רייסט בערג און צעמאָלט זיי, און מיט אַ מאַך מיטן האַנט פאַר־ענטפערט ער אַ שווערן רמב״ם, אויסצולערנען אַ פּאָר ביכלעך?

אָבער דערווייל זיצט ער אין גרויסן בית־מדרש, רייסט בערג, געפינט שאַרפע חלוקים אין שווערע ענינים און פאַרענטפערט שווערע קשיות.

## דער בקי

דעם דיינס איידעם זיצט שוין צען יאָר און וואַרט. דער דיין האָט אים גע־געבן אַ יונגע שיינע, אָבער אַ קראַנקע טאָכטער פאַר אַ ווייב און קעסט. די קעסט איז באַשטאַנען — פון וואָס מיר וועלן עסן, וועסטו עסן. און קהל האָט צוגעזאָגט, אז לאחר מאה ועשרים שנה וועט ער ירשנען דעם דיינס שטעלע. און כאָטש דער דיין איז אַ זקן מופלג און אַ גרויסער חלוש, איז ער אָבער נאָך ניט קיין מאה ועשרים שנה. קען דאָך דער איידעם קיין טענות ניט האָבן, וויצ־לען זיך די שטעטלשע לצנים. זיצט ער דערווייל מיט ווייב און קינדער אויף קעסט, און הונגערט צוזאַמען מיטן דיין.

ער האָט זיין אָרט ביי דער מיזרח־וואַנט, לערנט און וואַרט. און אז מען פרעגט אים פאַר וואָס ער זוכט ניט קיין אַנדער שטעלע, ענטפערט ער מיט אַ שמייכל, ווי יענער קנעכט: איך האָב ליב דאָס שטעטל, די יידן מיטן בית־מדרש.

דעם דיינס איידעם האָט ניט קיין שאַרפן קאָפּ, ער איז ניט קיין חריף, וואָס בליצט מיט שאַרפקייט, אָבער דערפאַר איז ער אַ גרויסער בקי, אַ צנא דמלי ספרי און האָט אַ שטאַרקן זכרון. ער האָט שוין אויסגעלערנט ש״ס עטלעכע מאָל און קען עס כמעט אויסווייניק. דערלאַנגט מען אים א פרעג, ענטפערט ער גלייך, ניט קלערנדיק, ווו מען קען עס געפינען, די גמרא, דעם דף. און דערפאַר רופט אים שטעטל דער בקי און מען האָט גרויס דרך־ארץ פאַר אים. אָבער קיין שטיקל ברויט קען ער דערפון ניט האָבן.

מען האָט שוין עטלעכע מאָל דעם דיין געגעבן אַ הוספה צו זיינע שכירות, אָבער גיי און פיל אַן אַ לעכערדיקן זאַק, אַז יעדעס יאָר קומט צו נאָך אַן עסער.

דעם דיינס איידעם איז אַ מיטל וווקסיקער ייד. אויף זיין אויסגעצערטן פּנים מיט די פיינע רונדע לאַנגע באָרד ליגט אויסגעגאָסן אַן איידלקייט און גוטסקייט. אַלע מאָל רואיק און געלאַסן, האָט ניט קיין טענות. די באָרד אַלע מאָל צוגעקאַמט. די אַלטע צעקנייטשטע קאַפּאָטע איז אַלע מאָל ריין, ציכטיק און אויסגעפּוצט. שטענדיק מיט אַ בנעימותדיקן שמייכל, ווי אַן אמתער תלמיד־חכם.

דער רב, וואָס האָלט שטאַרק פון אים, איז אים מקרב ווי אַ פריינד, שיקט אים צו זייער אָפט אַ שאלה, און דווקא אין בית־מדרש, מען זאָל זען, אַז מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן ווי אַ מורה הוראה ביי יידן. נוצט אים אויך ווי אַ בורר אין אַ דין־תורה, פאַר וואָס ער קריגט באַצאָלט. און ווי דער רב זאָגט, ער דאַרף דאָס נעבעך האָבן.

בעלי־בתים חכמים פרעגן פאַר וואָס דאַרף דער אַלטער דיין זיין דער דיין? און דער איידעם זאָל עסן קעסט ביי אים? זאָל דער איידעם ווערן דער דיין און דער שווער זאָל עסן קעסט ביים איידעם. וויל דער אַלטער דיין ניט. ער וויל לעבן פון זיין אייגענער יגיעת כפים. און דער איידעם וויל ניט מצער זיין דעם שווער און אים מסיג גבול זיין. זיצט ער און לערנט אין גרויסן בית־מדרש און וואַרט, און האָט הנאה פון לערנען.

## דעם אויפגעקומענעם גבירס איידעם

משה דער האָלץ־הענדלער איז אַלע יאָרן געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. ער האָט געהאַנדלט אויפן מאַרק, געקויפט אַ פורל האָלץ, אַ ביסל פלאַקס און אַ שעפּסל, זיך געמאַטערט. דערצו איז ער געווען אַ גרויסער עם־הארץ, קוים געקענט דאַווענען. האָט אים גאָט געהאָלפן, ער האָט געטאָן עפּעס אַ שליחות פאַרן פריץ און האָט נושא חן געווען ביי אים, האָט ער אים פאַרקויפט וואַלד בחצי־חינם. איז ער געוואָרן אַן עושר. היינט איז ער אַ האָלץ־הענדלער.

איז ער אָבער ניט געווען צופרידן מיט עשירות אליין און האָט אויך גע־וואָלט ווערן אַ שיינער בעל־הבית. האָט ער זיך איינגעקויפט ביי אַ געפאַלענעם בעל־הבית צוויי שטעט אין מיזרח־וואַנט, און דווקא אין גרויסן בית־מדרש. האָט גענומען אַ רבין ער זאָל לערנען מיט אים אַ שטיקל עין־יעקב און איז געוואָרן אַ מיזרח־וואַנט־ייד.

אָבער דאָס איז אויך ניט געווען גענוג, ער האָט זיך געוואָלט איינקויפן אין ייחוס, האָט ער ארונטערגעבראַכט אַ בחור פון אַ ליטווישער ישיבה, עפּעס אַ ליטוויש־שטעטלשן רבס אַ זון, אַ חתן פאַר זיין טאָכטער באַשע, וועמען מען האָט גערופן אין שטעטל „די געלע סטופע", ווייל זי איז אַ געלע, אַ נידעריקע און אַ גראָבע ווי אַ סטופע.

מען האָט געזאָגט, אַז משה האָט דעם חתן מיט זיין טאַטן דעם רב אָפּ־געגילט.

דער אײדעם איז געװען פּונקט װי באַשע, אַ נידעריקער יונגער־מאַן, מיט געלע שיטערע הערעלעך און אַ פעט אױסגעקראָכענעם קערקעלע װי בײ אַ פעטע גאַנדז, װאָס די פעדערן זײנען איר אױסגעקראָכן פון פעטקײט, מיט א בײכעלע און רױטע בעקעלעך. שטענדיק אױסגעפּוצט מיט אַ שװאַרצן שטאָנ־רעקל, אַ רבנישע הוט און אַ פּאָר גאָלדענע פּענסנע מיט דיקע גלעזער, פאַר קורצזיכטיקײט.

אַ גאָלדן קײטעלע איז אַרונטערגעהאָנגען פון די פּענסנע, אָנגעבונדן אָן אַ לעכל פון אַ קנעפּל אין שטאָנראָק. אַלע מאָל מיט אַ זיכערן צופרידענעם שמײכעלע אױפן פּנים, גערעדט געלאַסן, בנעימותדיק, װי ער װאָלט האָבן דרך־ארץ פאַר זיך אַלײן, פאַרן צוקונפטיקן רב — מען דאַרף פירן שטאַט.

דער שװער, משה, האָט דװקא געװאָלט ער זאָל זײן א רב, ניט פאַר חיונה װעגן, ער קען באַשטײן, נאָר פאַר ייחוס װעגן, ער זאָל קענען זאָגן: מײן אײ־דעם דער רב, פּונקט װי ער זאָגט הײנט: מײן מחותן דער רב. און זײן װײב זאָגט: מײן מחותנתטע, די רביצין.

דער אײדעם האָט גערעדט װי די ליטװישע יידן רײדן, אַנשטאָט אַ שין, אַ סין: גוט סאַבעס סװער, מײן װײב באַסע, זאָל געזונט זײן.

שטעטל האָט ניט געהאַלטן פון זײנע לומדות. אָבער פאַרן אױפגעקומע־נעם גביר איז געװען געגנוג. װען מען פרעגט אים עפּעס אין לערנען, ענטפערט ער אַלע מאָל: „ס׳איז דאָך אַ בפּײרעסע (בפּרושע) גמרא״.

קומט ער אַרײן אין בית־מדרש מיטן שמײכעלע, דאָס בײכעלע אױסגע־שטעלט, גײט גלײך צו צו זײן שטאָט אין מיזרח־װאַנט, נעמט אַרונטער די רבנישע הוט, טוט אָן אַ זײדענע יאַרמלקע און נעמט זיך צום חשן משפּט, אַ סימן אַז ער גרײט זיך צו רבנות.

שבת פאַרנאַכט גײט אַלע מאָל משה פאַר אַ שפּאַציר איבערן שטעטל מיט זײן אײדעם, װײזן זײן ייחוס און זאָל שטעטל צעפּוקעט װערן. באַשע מיט דער מאַמען גײען נאָך פון הינטן. עס פּאַסט ניט פאַרן צוקונפטיקן רב צו גײן מיט זײן װײב שפּאַצירן בפרהסיא.

באַשע רעדט שױן אױך מיטן סין, ס׳איז אײדעלער.

ר׳ חײם־בער דער מיוחס קוקט נאָך אַלץ מיט ביטול אױפן אױפגעקומע־נעם גביר און רופט אים דער מגושם, דער גראָבער יונג מיטן פענכער גאָלד. און משה רופט אים „דער אײדעלער בױך מיט דער זײדענער טאָרבע״, װײל ער איז געװאָרן אַ יורד.

ר׳ חײם־בערס אײדעם דער חריף קוקט אױך מיט ביטול אױף משהס אײ־דעם מיט זײן בפּײרעסע גמרא. אַז ער װיל אים אונטערשטעלן אַ מאָל אַ פּיסל,

שיקט ער צו זיין נושא כלים, דעם רבס מזיק, ער זאָל פרעגן עפּעס, ענטפערט יענער ווי געוויינלעך: ס'איז דאָך אַ בפּיירעסע גמרא, קומט צו דער חריף און זאָגט: אדרבא נתי ספר ונחזא, לאָמיר זיך איינקוקן. גיט דעם רבס מזיק אַ שפּרונג און ברענגט די גמרא. זאָגט דער חריף אז ער לערנט פאַלש דעם פשט, מען דאַרף לערנען אַנדערש, ווערט ער צעטומלט. און אז ער ווערט צעטומלט, הייבט אים אָן שוויצן דאָס פליישיקע נעזל, און ער האָט אַ טבע, אז ווען ער ווערט צעטומלט נעמט ער אַרונטער די פּענסנע און הייבט אָן ווישן די גלעזלעך, אַנטפּלעקן זיך אַ פּאָר קליינינקע וואַסערדיקע אייגעלעך, וואָס לויפן גיך, גיך פון איין גלעזל צו דעם צווייטן, און זיין פּנים פאַרלירט דאָס שמייכעלע מיט די חשיבות — וואָס אַ קשיא קען מאַכן!

דעם רבס מזיק האָט שטאַרק הנאה דערפון, ווייל ער האָט פיינט דעם שטאַטקאָוונעם, אויסגעפּוצטן יונגנמאַן מיט די רויטע בעקעלעך און דעם צופרידענעם שמייכעלע מיט די בפּיירעסע גמרא...

## ווייבער רייסן איין דעם ארון־קודש

עס פּראַלט זיך אויף די טיר פון בית־מדרש און עס לאָזן זיך אריין אַ כאַפּטע ווייבער, פאַרדעקט מיט פאַטשיילעס איבער די קעפּ, ווי כוהנים ביים דוכנען. חייהלע קריי, מיט באַשטיוולטע פיס, וועמענס טריט הילכן אָפּ אין בית־מדרש, גייט פאָרויס ווי אַ קאָמאַנדיר און פירט ביי דער האַנט אַ יונג ווייבעלע. נאָך איר גייען נאָך מאַמעס, שוויגערס און סתם ווייבער. זיי לאָזן זיך גלייך מיט אַ געוויין צום ארון־קודש. אַ קינד איז נעבעך אוועקגעפאַלן קראַנק ביי דעם יונגן ווייבעלע. מען האָט שוין אַלץ געטאָן: אַ מנין יידן האָבן געזאָגט תהילים, געמאָסטן הייליקע קברים פון די צדיקים און געגעבן די מאָס ליכט פאַרן בית־מדרש, און עס האָט ניט געהאָלפן. גאָט האָט פאַרמאַכט די טויערן פאַר די תפילות. האָבן נשים צדקניות מיט חייהלע קריי בראש איבערגענומען. חייהלע האַלט ניט שטאַרק פון די מאַנסבילשע תפילות. זי האָט אַ שטאַרקערן מיטל: עפענען דעם ארון־קודש.

חייהלע האָט אירע אייגענע תחינות און תפילות: רבש״ע, שרייט זי, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט, ווי האָסטו אַ האַרץ אָפּצורייסן דעם יונגן צווייגעלע פון דעם יונגן ביימעלע, קוק אַראָפּ פון אויבן און זע דער מאַמעס צער.

און די ווייבער אין אַ כאָר צעגייען זיך אין א געוויין.

און חייהלע ליאַרעמט ווידער: רבש״ע, מיר וועלן דאָס ניט דערלאָזן,

ס׳איז ניט קיין הפקר־װעלט, מיר װעלן די הייליקע מתים ניט לאָזן רוען, און נאָך אַזעלכע שטראָסונקעס און תפילות.

דערװייל װערט שטיל אין בית־מדרש — זיי שטערן יידן אין לערנען — ביז חייהלע האָט זיך אויסגעטענהט מיטן רבש״ע.

## אין בית־מדרש בייטאָג

ס׳איז אין מיטן טאָג, יידן האָבן אָפּגעטאָן זייערע געשעפטן, די פּויערים, װעלכע זיינען געקומען זיך איינקויפן, האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. מען האָט צייט, לאָזט מען איבער די װייבער אין די קראָמען און מען כאַפּט זיך אריין אין בית־מדרש עפּעס לערנען. דער בית־מדרש פילט זיך אָן.

דער רב איז זיך נוהג צו זאָגן עפּעס אין הלכה פאַר די יונגע בחורים, װאָס לערנען פאַר זיך אַ פּאָר מאָל אַ װאָך. ס׳איז ניט קיין ישיבה. מען גרייט זיך צו פאָרן אין די גרויסע ישיבות פון ליטע און פּוילן.

בחורים פרעגן קשיות, מען שפּאַרט זיך אפילו מיטן רב. ס׳איז ניט חו״ש קיין פּחיתת הכבוד פאַרן רב, אדרבא, דער רב האָט הנאה דערפון, שמייכלט צו די צאָן־קדשים, די צוקונפטיקע רבנים, לומדים. בעלי־בתים לייגן צו אַן אויער, מישן זיך ניט, ס׳איז ניט פאַר זיי.

עס קומט צו דער חריף, װעלכער לעכצט זיך דורכצושמועסן אין לערנען, בענקט נאָך אַ װיכוח, דערמאָנען זיך אָן װאָלאָזשין, װאַרפט אריין אַ קשיא, דער רב ענטפערט דעם חריף, װעלכער איז געװיינלעך ניט מסכים, מען דאַרף זיך שפּאַרן אָנצוהאַלטן דעם װיכוח. דער װיכוח גייט ארויס פון דער מדרגה פון די יונגע בחורים, עס נעמט אָן אַן אַנדער הייך, אַ מלחמה פון גיבורים. די בחורים הערן זיך צו, זיינען מקנא, זיי װאָלטן אויך װעלן דערגרייכן צו אַזאַ מדרגה פון לערנען, װילן עפּעס נאַשן.

ביי דעם שטענדיק געלאַסענעם רב דערװעקט זיך דער אַמאָליקער װאָ־לאָזשינער ישיבה־בחור. פירט זיך שוין דער װיכוח מיטן ברען פון דער ישיבה. װאָלאָזשין װערט איבערגעפלאַנצט אויף דער ערד פון שטעטלשן בית־מדרש.

דעם דיינס איידעם קומט שוין אויך צו, װי געװיינלעך, מיטן שמייכעלע. מען שפּאַרט זיך, מען װאַרפט ראיות פון גמרות, ראשונים, אחרונים. דער רמב״ם שפּילט גאָר אַ גרויסע ראָל אין דעם װיכוח, עס האַנדלט זיך װעגן ענינים װאָס שטייען אין דער הויך פון דער װעלט, ברומו של עולם.

עס קומט אויך צו דעם אויפגעקומענעם גבירס איידעם, װאָס עס פּאַסט אים ניט צו שטיין פון דער װייטן, עפּעס װי אַ פּשוטער בעל־הבית. ער איז דאָך

אויך אַ ישיבה־בחור, אַ צוקונפטיקער רב. וואַרפט אריין, ווי זיין שטייגער איז, אַ בפירעסע גמרא. דער חריף, וואָס האַלט ניט פון אים, גיט אַ מאַך מיט דער האַנט מיט ביטול, ס׳איז ניט צום ענין, ווי צו זאָגן: וואָס מישסטו זיך אריין, גיי צום חשן משפט.

דער רב, וואָס וויל אים ניט מבייש זיין, זאָגט: מען קען עס זאָגן, כאָטש עס האָט באמת ניט צו טאָן מיטן ענין.

דעם רבס מזיק, וועלכער שטייט דערביי, און איז אַלע מאָל דאָ ווו עס איז לעבעדיק, איז גרייט צו געבן אַ שפרונג און ברענגען אַ גמרא אָדער אַן אַנדער ספר, טאָמער דאַרף מען, וואָלט ער אוועקגעגעבן אַ העלפט פון זיין חלק עולם־הבא, מען זאָל אים לאָזן געבן דעם אויפגעקומענעם גבירס איידעם אַ שנעל אין זיין פאַרשוויצטן פליישיקן נעזל, מיט זיין בפירעסע גמרא.

בעלי־בתים לערנער, וועלכע האָבן אָבער ניט דערגרייכט צו דער גרויס־קייט פון וויכוח, שטייען דערביי און האָבן הנאה צו הערן ווי גרויסע תלמידי־חכמים שטייסן זיך אין הלכה.

ס׳רוב ענדיקט זיך דער וויכוח, ווען דער שמש דערמאָנט דעם רב, אַז ס׳איז שוין לאַנג צייט צו דאַוונען מנחה, נאָר ער האָט ניט געוואָלט שטערן אין לערנען.

מען צעשיידט זיך מיט אַ שמייכל, מען האָט זיך ליב און מען גיט צו, אַז מען וועט נאָך ריידן וועגן דעם ענין.

## בין מינחה למעריב

בין מינחה למעריב ווערט דער בית־מדרש פול און ליכטיק. דער שמש צינדט אָן די לאָמפּן, אַלע טישן זיינען באַזעצט. יידן מיט פאַרקנייטשטע שטערנס זיצן ביי די גמרות פאַרזאָרגט, ווען זיי האָבן עפּעס אַ שווערן ענין, און די פּנימער ווערן ליכטיק ווען מען איז דורכגעגאַנגען דעם שווערן ענין בשלום. זיי האָבן גרויס הנאה דערפון, ניט נאָר אַ גייסטיקע, נאָר אויך אַ פיזישע, ווי זיי וואָלטן געכאַפּט עפּעס אַ פאַרדינסטל. זיי זוכן שווערע סוגיות, כדי זיך צו מאַטערן זיי צו פאַרענטפערן, אויסגלייכן, זיך ארייַנדרינגען אין דער טיפעניש פון דעם ים התלמוד. אנדערע זיינען צופרידן צו שווימען פון אויבן, באַגנוגע־נען זיך מיט אַ פשוטן בלאַט גמרא און פאַרלאָזן זיך אויף אליהו הנביא, ווען ער וועט קומען אי״ה, וועט ער אויסגלייכן די סתירות.

פּראָסטע יידן בעל־מלאכות כאַפּן אריין אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים פאַר מעריב. און כאָטש זיי פאַרשטייען ניט דעם פּירוש המלות, האָבן זיי הנאה פון

יעדער וואָרט און שלינגען די ווערטער ווי ס׳וואָלט געווען עפּעס אַ גוטער מאכל. יעדער וואָרט איז אזוי נאָענט, זיי קענען עס אויסוויינ׳ק, געזאָגט דעם גאַנצן לעבן. יעדער וואָרט איז זיי איינגעבאַקן אין האַרצן, ווי זייערע אַן אייגענע תפילה וואָס וואָלט געהערט נאָר צו זיי אליין. עס איז זייער שפּראַך מיט וואָס זיי ריידן זיך דורך מיטן רבש״ע אין זייערע ליידן און פריידן. און דער רבש״ע פאַרשטייט זיי.

עס שטייען אויך יידן און לייגן צו אַן אויער זיך צוצוהערן ווי אַנדערע יידן לערנען. זיי קענען אליין ניט לערנען, האָבן אָבער אַ בענקשאַפט צו תורה, צו נאַשן עפּעס פון דעם סוד פון דער גמרא. הערן זיי זיך צו און פילן ווי זיי וואָלטן געווען שותפים צום לערנען. זאַפּן איין אין זיך דעם ניגון און דעם ריח פון דער תורה און וואַרעמען זיך אין דעם ליכט פון לערנען, און ס׳איז אזוי לייכט אויפן האַרצן. נאָך אַ שווערן טאָג פון ארבעט און דאגות איז דען דאָ אַ גרעסע־רער פאַרגעניגן ווי צו לערנען תורה, אָדער אפילו זיך צוצוהערן צו דעם קלאַנג פון די ווערטער פון דער תורה?

אוי, ווי זיס עס איז צו זיין אַ ייד! קען דען אַן אַנדער אומה ולשון פילן דעם טעם?

## ר׳ בנימקעלע

ביים טיש, וואָס שטייט אין בית־מדרש לעבן אויוון, זיצט אַ גאַנצן טאָג דער קליינער ר׳ בנימקעלע. ער האָט אַ חזקה אויף דעם אָרט שוין פון לאַנגע יאָרן. דאָס קליין דאַר יידעלע מיט די לעבעדיקע און קלוגע אויגן איז דער עלטסטער ייד אין שטעטל. ער איז אַ גרויסער תלמיד־חכם און האָט אַ מויל זיס ווי צוקער. דערציילט ער אַ מעשהלע אָדער פאַרטייטשט אַ פּרשה חומש, איז עס אַ מחיה צו הערן. ער איז שוין אַ זקן מופלג, קיינער ווייס ניט אַקוראַט ווי אַלט ער איז. ער אליין ווייס אויך ניט. און כאָטש ער איז אַ גרויסער חלוש און עס מאַטערט אים אַלע מאָל דער הוסט, איז ער פון דעסטוועגן שטענדיק לעבעדיק און פריילעך.

מיט די שענסטע בעלי־בתים איז ער אויף „דו״. ווי דען, ער ווייס זיי אירצן, אז ער געדענקט זיי נאָך ווען זיי זיינען געווען שנעקעס, מיט צעריסענע מייטקעלעך, און ער פלעגט זיי אָנדרייען פאַר די אויערן.

לעבן אים זיצט זיין זון מאָטעּ, אַ שווערער ייד ווי אַ בער, אין זיין מאַמען געראָטן, מיט אַ פאַרפּלאָנטערטע ווייסע באָרד. ניט קיין חכם געווען דער דאָזיקער בן־יחיד זיינער. קוים אים אויסגעלערנט דאַוונען און אַ פּרשה חומש,

האָט אים ר׳ בנימקעלע אָוועקגעגעבן פאַר אַ בעל־מלאכה, האָט אים חתונה געמאַכט, און נאָך דעם ווי זיין ווייב האָט אים געבוירן פיר גרויסע טעכטער, איז זי אים אָפּגעשטאָרבן.

די טעכטער וווינען שוין פון לאַנג אין אנדערע שטעט. אַרבעטן קען ער שוין ניט, צו אַלט, האָט ער ניט ווו צו וווינען, זיצט ער לעבן זיין טאַטן אין בית־מדרש און עסט טעג ביי ר׳ בנימקעלעס תלמידים, אויפן טאַטנס חשבון.

זיין טאַטע רופט אים: מיין יינגל דער בטלן, און מאַטע שמייכלט ווי אַן אָקס.

ר׳ בנימקעלע איז געווען אין די יונגע יאָרן אַ גמרא־מלמד און אויך דער רבי אין חברה־חומש אין קלויז. חוץ מיט די תלמידים אין חדר האָט ער געלערנט יעדן טאָג, בין מנחה למעריב, מיט זיינע יידן אַ פּרשה חומש פון דער וואָך. היינט איז ער אַלט און עס דישעט אים דער הוסט, האָט ער ניט קיין כוח צו גיין אין זייער קלויז, קומען זיי צו אים בין מנחה למעריב אין גרויסן בית־מדרש. לערנט ער מיט זיי די פּרשה חומש, ווי אַמאָליקע יאָרן.

אַ מאָל, אז ער האָט געהאַט אַ משפחה מפרנס צו זיין, האָט ער גענומען פון זיינע תלמידים שכירות. היינט, אז ער האָט ניט קיין משפחה און דאַרף פאַר קיינעם ניט זאָרגן, גיבן אים זיינע תלמידים עסן, יעדערער אַ טאָג. די ווייבער ברענגען אים טעפּעלעך אין בית־מדרש אריין, וואַשן פאַר אים און פאַר מאָטען די וועש, און דערצו גיבן זיי אים געלט צו גיין אין מרחץ, פאַר טיטון, ווייל ער ר(ו)יכערט אַ ליולקע, און פאַר צוקער מיט טיי.

דער פעלדשער האָט אים אָנגעזאָגט, אז ער מוז טרינקען הייסע זיסע טיי פאַר זיין הוסט. און אָט ווי אזוי ר׳ בנימקעלע טרינקט זיסע, הייסע טיי:

זיין „יינגל" מאָטע ברענגט אים פון בעקער הייס קאָכיק וואַסער אין אַ ליימענעם דראָם, וואָס איז אים נאָך געבליבן פון זיין אמאָליקער ווירטשאַפט. ער זאָגט אָן מאָטען יעדער מאָל: זע, עס זאָל זיין הייס. און ווען מאָטע ברענגט אים אוקראָפּ, באַקלאָגט ער זיך שטענדיק, אז ער ווייס ניט וואָס איז געוואָרן היינטיקע צייטן אז מען קען ניט קריגן אַ ביסל הייס וואַסער?

דאַן נעמט ער ארויס פון זיין וואַטאָווער וועסטל־קעשענע אַ פאָר טייעלעך, לייגט דאָס אריין אין קענדעלע, און פון דער צווייטער קעשענע נעמט ער ארויס אַ שטיקל צוקער, רייניקט עס אָפּ פון די שוואַרצע פעדעמלעך און ברעקלעך וואָטע וואָס האָבן זיך אָנגעקלעפּט, און לייגט די צוקער אריין אין קענדעלע. אויף דעם גיסט ער אָן דאָס וואַסער און מישט ניט, טרינקט אָפּ אַ העלפט, גיסט צו וואַסער און גיט אַ מישעלע, און אזוי נאָך יעדער מאָל דערגיסן וואַסער גיט ער אַ מיש.

אזוי טרינקט ער אויס דעם דראַם טיי מיט איין שטיקעלע צוקער. און ווען ער ענדיקט, גיט ער אַ צופרידענעם קרעכץ און זאָגט: דער פעלדשער איז טאַקע געררעכט, איך פיל זיך שוין בעסער. זיסע טיי איז טאַקע גוט פאַר מיין הוסט.

ווו עס באַהאַלט זיך אזוי פיל וואַסער אין דעם קליינעם גופעלע פון ר׳ בנימקעלען איז אַ סוד און אַ פּנים אויך אַ נס.

ער שלאָפט ביים אונטערשמש אין קעמערל. דאָרט עסט ער אויך שבת און יום־טוב. זיין „יינגל" מאַטע שלאָפט אין בית־מדרש אונטערן אויוון.

ר׳ בנימקעלע האָט זיך אויך זיין אייגענעם דרך אין פאַרטייטשן די פּרשה חומש. ער פאַרצוקערט עס מיט מעשהלעך פון מדרש און אַנדערע אויסטייטשונגען, באַטעמט דאָס מיט אייגענע פּשטלעך און דערקלערונגען. און כאָטש זיינע תלמידים האָבן די זעלבע מעשהלעך און אויסטייטשונגען שוין געהערט פאַר אזוי פיל מאָל אין די אַלע יאָרן, איז זיי דאָס ניט נימאס געוואָרן. אדרבא, יעדער מאָל האָבן זיי מער הנאה, ווי זיי וואָלטן דאָס ערשט געהערט צום ערשטן מאָל.

זיי זיצן אין בית־מדרש בין מנחה למעריב, ווי אַ מאָל ווינטער ביינאַכט אין חדר ווען זיי זיינען געווען קליינע קינדער. דער רבי האָט אויך מיט זיי דאַן געלערנט די זעלבע פּרשה חומש, און עס איז געווען אזוי וואַרעם און זיס. היינט זיינען זיי יינגלעך מיט ווייסע און שוואַרצע בערד, האַלטן אָפן די מיילער און קוקן דעם רבין מיט קינדערשע אויגן אין מויל אַריין, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט צו פאַרלירן אַ וואָרט. זיי מאַכן מיט די ליידן און פריידן פון די אבות פון חומש. עס טוט זיי ווי דאָס האַרץ און זייערע פּנימער ווערן פול מיט צער ווען עס טרעפט זיך עפּעס אַ צרה, בעת עקידת יצחק צי מכירת יוסף א שטייגער. כאָטש זיי ווייסן שוין פון פריער אז עס וועט זיך אַלץ ענדיקן בשלום. און זיי פרייען זיך ווען גאָט העלפט און די צרה גייט אַריבער.

אברהם אבינו איז ביי ר׳ בנימקעלען ניט עפּעס אַ ייד פון חומש וואָס האָט געלעבט אַמאָל, נאָר אַן אייגענער זיידע, וואָס ער קען אים אזוי גוט. אברהם איז דאָך זיין אייגן בלוט און פלייש.

ר׳ בנימקעלע מיט די חומש יידן זיינען זייער שטאָלץ ווען דער קליינער אברמקעלע נאַרט אָפּ זיין טאַטן תרחן און לאַכט אויס דעם קייסער נמרוד מיט זיינע געצקעלעך.

אברהמען זעט ער ווי אַ פרומען יידן מיט אַ לאַנגע ווייסע באָרד און פּיאות. ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ שיינעם יידן, וואָס זיצט יומם ולילה און לערנט, און ער זויגט פון די בריסטן, וואָס גאָט האָט פאַר אים אָנגעגרייט — איינע פאַר תורה און איינע פאַר חכמה, ווי אין הייליקן מדרש שטייט.

עס טוט אים ווי דאָס האַרץ, ווען אברהם דאַרף נעבעך מבטל זיין פון לערנען און האַלטן מלחמה מיט די גוים, כדי צו ראַטעווען זיין ברודערס זון לוט, וואָס איז אויך א שטיקל ייד. און ר׳ בנימקעלע מיט זיינע תלמידים פרייען זיך ווען דער רבש״ע טוט מיט אים ניסים, און פון די שטיינדעלעך וואָס ער וואַרפט אויף זיינע שונאים ווערן קוילן.

אויף יצחקן וואונדערט זיך ר׳ בנימקעלע, ער קען אים ניט פאַרשטיין. ער איז דאָך איינער פון די אבות און איז געגאַנגען צו דער עקידה, ווי קומט עס וואָס ער איז געזעסן אַן אַלטער בחור? דערצו האָט ער נאָך ליב געהאַט דעם גוטן ביסן; מטעמים, עפּעס גאָר ווי אַ נאַשער? און חוץ דעם האָט ער דווקא מקרב געווען עשוקען, דעם הולטיי, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ שייגעץ, מיט די רויטע האָר, און איז ארומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג מיט פייל און בויגן שיסן האָזן. און דעם טייערן יינגעלע יעקבלען, דעם צדיק, וואָס איז געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין דער ישיבה פון שם ועבר און געלערנט, אים האָט ער מרחיק געווען.

יעקבן האָט ר׳ בנימקעלע זייער ליב געהאַט, רחמנות געהאַט אויף אים פאַר די צרות וואָס ער האָט נעבעך געליטן זיין גאַנצן לעבן — לבן, עשו, מכירת יוסף. דערפאַר האָט ער זיך געפרייט, וואָס דער רבש״ע האָט אים באַצאָלט מיט א סך נחת אויף די עלטערע יאָרן, ווען יוסף איז געוואָרן א גרויסער שררה און האָט געפירט גאַנץ מצרים פאַר דער נאָז.

ר׳ בנימקעלעס חומש־יידן וואָלטן אוועקגעגעבן אַלץ אין דער וועלט, אז זיי זאָלן קענען אזוי זיצן און זיך צוהערן צו זיינע מעשהלעך פון חומש זייער גאַנצן לעבן. זיי ווינטשן זיך אפילו ניט קיין בעסערן גן־עדן.

צו אַלץ איז אָבער דאָ אַ סוף. דער גזלן דער שמש גיט אַ קלאַפּ אין טיש און שרייט אויס והוא רחום, מען דאַרף דאַווענען מעריב, כאַפּן זיך די אַלטע חומש־יינגלעך אויף ווי פון אַ זיסן חלום.

# דער בעל-תשובה

א.

לעבן דעם קליינעם ר׳ בנימקעלע,ביים אויוון, זיצט אויך דער בעל־תשובה. אַ מאָל האָט מען אים גערופן יאָשקע קמצן, אָדער דער פּראָצענטניק. היינט רופט מען אים דער בעל־תשובה.

יאָשקעס טאַטע איז געווען אַ קאַזשוכניק, אַ שניידער וואָס פלעגט נייען און פאַרריכטן פעלצן פאַר די פויערים פון די ארומיקע דערפער.

עס איז געווען זיין שטייגער, אז שבת ביי נאַכט, נאָך הבדלה, האָט ער איינגעפּאַקט אַ פּעקל, זיין טלית און תפילין, זיין סידור מיטן תהילימל, אַ פּאָר כשרע כלים, ער זאָל זיך ניט דאַרפן מישן מיט די גוישקע כלים און פלעגט אוועקגיין צופוס צו אַ פויער אין אַ דאָרף, וווּ ער פלעגט אָפּזיצן אַ וואָך אָדער מער, ביז ער האָט אויפגענייט אָדער פאַרריכט אַלע פעלצן פאַר דעם פויערס פאַמיליע.

קיין ברויט האָט ער ביי די גויים ניט געגעסן, פּת עכום. האָט ער געקאָכט פאַר זיך אַ קאַרטאָפל אָדער אַנדערע גרינסן, וואָס די פויערים האָבן אים געגעבן אין זיינע אייגענע כלים.

די פויערים האָבן אים אָפּגעגעבן אַ באַזונדערן טישל, וווּ ער האָט געאַרבעט און אויך געגעסן, ער זאָל זיך ניט דאַרפן מישן מיט די גוישע טריפהנע זאַכן.

אין דערפרי ווען ער האָט אָנגעטאָן דעם טלית און תפילין און זיך געשטעלט אין אַ ווינקל דאַווענען, זיינען די פויערים מיט דרך־ארץ ארומגעגאַנגען שטיל אים ניט צו שטערן אין די „מאָליטוועס״.

דעם גאַנצן טאָג ווען ער האָט געאַרבעט האָט ער געזאָגט תהילים, שטילערהייט, וואָס ער האָט געקענט אויסוויניק. ער האָט נאָר געשעפּטשעט מיט

די ליפּן. זיין ארבעט איז געווען ערלעך, ניט אָפּגענאַרט, האָבן די פּויערים אים געהאַלטן ערלעך און געקוקט אויף אים ווי אויף אַ הייליקן מאַן.

פרייטיק פאַר טאָג האָבן די פּויערים אים איינגעפּאַקט אַ זאַק קאַרטאָפל, מעל און גרינס, אַ מאָל אַ פּאָר הינער און אייער און אַ ביסל געלט מזומן, און אים אָפּגעשיקט אהיים מיט אַ פור, אויף שבת, צו זיין ווייב און קינדער.

די הינער מיט די אייער האָט זיין ווייב פאַרקויפט. זיין הויזגעזינט איז ניט געווען געוווינט צו הינער און אייער און נאָך אזעלכע נאַשערייען. דערפאַר האָט אָבער זיין ווייב געמאַכט אַ טשאָלנט מיט די קאַרטאָפל און בעבלעך, מיטן שטיקל פלייש וואָס זיי האָבן געקויפט, אז אַ מלך האָט עס געקענט עסן. דער טעם איז אים מיט זיין הויזגעזינט געלעגן אין מויל אַ גאַנצע וואָך.

אין שטוב זיינען געווען זיבן קינדער. האָט זייער אָפט געטראָפן, אז די גוטע זאַכן וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט פון דאָרף, האָבן זיך אויסגעלאָזן אין מיטן וואָך, און מען האָט זיך געמוזט באַגנוגענען מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט. עס האָט אפילו געטראָפן, אז קיין ברויט איז אין שטוב אויך ניט געווען גענוג, האָט די מאַמע אָפּגעריסן אַ שטיקל ברויט פון דעם חלק פון די מיידלעך און גע־געבן די יינגלעך, וועלכע זיינען געגאַנגען אין חדר, אין דער שטאָטישער תלמוד־תורה. די יינגלעך דאַרפן האָבן כוח צו לערנען. די מיידלעך זיצן אין שטוב.

יאָשקע איז געווען דער עלטסטער. אַלע מאָל אַ שוויגעוודיקער, אַ פאַרזיכטי־קער און אַ פאַרביטערטער. ער האָט זיך זעלטן געשפּילט מיט אַנדערע קינדער. דער איינציקער מענטש אויף דער וועלט וואָס איז אים געווען נאָענט, איז גע־ווען זיין מאַמע, כאָטש ער האָט דאָס ניט ארויסגעוויזן.

זיין מאַמע, אַן אויסגעצערטע, איז אַלע מאָל ארומגעגאַנגען מיט פאַרוויינ־טע, גוטע אויגן, וואָס האָבן געקוקט מיט רחמנות אויף אירע אָרעמע הונגערי־קע קינדער. ער האָט אויך שטאַרק רחמנות געהאַט אויף זיינע קליינע שוועס־טערלעך, די הונגעריקע, וואָס די מאַמע האָט פון זיי אָפּגעריסן דאָס שטיקל ברויט און אים אוועקגעגעבן. זייער אָפט האָט ער עס ניט גענומען.

עס האָט אויך געטראָפן, ווינטער, ווען די וועגן זיינען געווען פאַרשנייט און דער טאַטע האָט ניט געקענט גיין צו דער אַרבעט אין די דערפער, האָט מען אין שטוב אין גאַנצן געהונגערט. די מאַמע איז געגאַנגען וואַשן וועש ביי רייכע בעלי־בתים און פלעגט ברענגען עפּעס אין שטוב אריין אויף צו דער־האַלטן די נשמה.

און ווען יאָשקע איז אַלט געוואָרן ניין יאָר, זיך אויסגעלערנט דאַוונען און אַ פּרשה חומש, איז ער ארויס פון תלמוד־תורה און האָט אָנגעהויבן עפּעס צו פאַרדינען.

ב.

די ערשטע אַרבעט זיינע איז געווען, ער איז געוואָרן א באהעלפער ביי אַ דרדקי מלמד: ניט העלפן לערנען די קינדער, דאָס האָט ער ניט געקענט, נאָר ער פלעגט ברענגען די רייכע קינדער אין חדר און זיי פירן צוריק אהיים. און דערפאַר האָט ער געקראָגן אין קיך עפּעס צו עסן און אויך אַ מאָל אַ פּאָר גראָשן. ער פלעגט אָפּשפּאָרן עפּעס פון דעם עסן וואָס ער האָט געקראָגן און ברענגען עס פאַר זיינע שוועסטערלעך און ברידער און די פּאָר גראָשן האָט ער געגעבן דער מאַמען.

ביי יאָשקען האָבן מיט אַמאָל די רייכע גרויסע הייזער, ווו ער פלעגט ברענגען די רייכע קינדער, דערוועקט אַ קינאה. — די גרויסע הייזער, די גוטע מאכלים, די שיינע מעבל. ער האָט אָנגעהויבן פיינט האָבן דאָס קליינע שמוציקע שטיבל פון זיין מאַמען, מיטן הונגער. די רייכע זיינען יחסנים, זיי זיינען רייך. ביי זיין מאַמען אין שטוב דאַרף מען הונגערן, ווייל זיי זיינען אָרעם. און עס האָט זיך דערוועקט ביי אים אַ גלוסט צו ווערן רייך. דער רבי האָט געזאָגט, אז ביי גאָט זיינען אַלע מענטשן גלייך. פאַרוואָס קען ער ניט ווערן רייך? ער וועט אַרבעטן, פאַרדינען געלט, שפּאָרן און ווערן רייך, און אויך האָבן זאַלן מיט גוט עסן און רייכע קליידער.

ער איז אַוועק אין גאַנצן פון דער מאַמעס היים און געהאָלפן דעם אונטער־שמש פון גרויסן בית־מדרש אויפצוראַמען, אָנצינדן די לאָמפּן, און דערפאַר האָט מען אים געלאָזן שלאָפן אין פּאָליש צווישן די שמות. ער פלעגט נאָך אַמאָל קומען אַהיים, אָבער אַלץ וואָס ער האָט פאַרדינט האָט ער שוין זיין מאַ־מען ניט געגעבן. ער וועט שפּאָרן גראָשן צו גראָשן, אויפקלייבן געלט און ווערן רייך.

עס פלעגט אים אַמאָל אָננעמען א רחמנות אויף זיין מאַמען, די איינציקע אויף דער וועלט וואָס האָט אים ארויסגעוויזן ליבשאַפט, וואָס פלעגט אים אוועקגעבן דאָס לעצטע שטיקל ברויט, און וואָס האָט אים ווינטער מיט רחמנות ארומגעוויקלט דעם האַלדז מיט עפּעס אַ שמאַטע, ער זאָל זיך ניט פאַרקילן. אָבער דער ווילן צו ווערן רייך. די שינאה צום הונגער און אָרעמקייט האָט אים שווער געמאַכט דאָס האַרץ און ער האָט זיך ניט געקענט שיידן מיט זיינע פּאָר אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס.

עס האָט זיך אים אַ מאָל געחלומט, אז ער שטייט אין אַ הויז, אין אַ גרויסן זאַל און ארום אים ליגן קופּעס גאָלד, און דאָס גאָלד איז זיינע. ער איז געווען אזוי גליקלעך. אָבער ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און געזען, אז ער ליגט צווישן די שמות אין פאָליש, האָט ער זיך צעוויינט.

ער האָט אָנגעהויבן טאָן אַלערליי אַרבעט. גיין אין שליחות, טראָגן פּעק־לעך און אַנדערע אַרבעט. קיין זאַך איז פֿאַר אים ניט שווער געווען. געשפּאָרט יעדן גראָשן, וואָס ער האָט דאָס געהאַלטן אין אַ פֿאַרבאָרגענעם אָרט צווישן די שמות.

די גרעסטע הנאה האָט ער געהאַט צו ציילן יעדע נאַכט, ווען ער איז גע־קומען שלאָפן, די אָפּגעשפּאָרטע מטבעות.

דער גליקלעכסטער טאָג איז ביי אים געווען ווען ער האָט שוין געהאַט גענוג זילבערנע און קופּערנע מטבעות איבערצובייטן דאָס אויף אַ גאָלדענעם צען רובלדיקן. די נאַכט איז זיין האַרץ געווען אָנגעפּילט מיט פֿרייד, ער ווערט שוין רייך, ער האָט גאָלד ווי די רייכע. ער האָט די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן, געהאַלטן די גאָלדענע מטבע אין האַנט. אין דער פֿרי האָט ער דאָס פּושקעלע באַגראָבן נאָך טיפֿער אין די שמות.

ג.

ס'איז געקומען אַ צייט, ווען ער האָט שוין געהאַט אַ סך גאָלדענע מטבעות. און וואָס מער ער האָט געהאַט, אַלץ קאַרגער איז ער געוואָרן. ער האָט אפילו אָפּטמאָל געהונגערט ניט אויסצוגעבן קיין געלט. ער האָט געלעבט מיטן גלוסט צו ווערן רייך. ער האָט געציילט אַלע נאַכט זיין קאַפּיטאַל, ניט כדי צו וויסן וויפֿל ער פֿאַרמאָגט — ער האָט עס במילא געוווּסט — נאָר צו־ליבן פֿאַרגעניגן אָנצוטאַפּן דאָס געלט. דער קלאַנג פֿון גאָלד איז אים געווען זיס. ער האָט געלעבט נאָר צו קענען קלייבן און שפּאָרן געלט.

ער האָט אויפֿגעהערט גיין צו זיין מאַמעס הויז, טאָמער וועט מען אים בעטן לייען געלט. און איין מאָל האָט טאַקע געטראָפֿן, אַז זיין פֿאָטער איז קראַנק געוואָרן, אין זייער שטוב איז קיין ברויט ניט געווען, איז זיין מוטער געקומען מיט טרערן אין די אויגן אים בעטן לייען אַ רובל. דאָס איז געווען פֿאַר אים ווי אַ דונער וואָלט אים איינגעשלאָגן. ווי קען ער זיך שיידן מיט אַ רובל? זיין קאַפּיטאַל וועט ווערן וויניקער.

„איך האָב ניט", האָט ער איר געענטפֿערט. זיין מאַמע האָט אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר אויגן, ווי פֿאַרוווּנדערט, און זי האָט זיך צעוויינט.

„האָב רחמנות אויף אונדז", האָט זי געזאָגט, „איך וועל דיר באַצאָלן מיט פּראָצענט". זיין האַרץ האָט אים ווי געטאָן ווען ער האָט געזען זיין מאַמעס אויסגעצערט־וויינענדיק פּנים און זיין האַרץ איז ווייך געוואָרן פֿאַר רחמנות.

„ווען וועסט מיר באַצאָלן צוריק?" האָט ער איר געפֿרעגט.

„יאָ, איך וועל דיר געבן אַ משכון און איך וועל דיר געבן פּראָצענט 5 קאָפּיקעס אַ וואָך״.

זי האָט אים געבראַכט די שבתדיקע לייכטער פאַר אַ משכון, און ער האָט איר געליִען דעם רובל. ער האָט באַהאַלטן די לייכטער צווישן די שמות. אָבער ער האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן, ער האָט רחמנות געהאַט אויף דער מאַמען און נאָך מער אויפן רובל, וואָס ער איז געוואָרן אָרעמער.

די מאַמע האָט אים דעם רובל אָפּגעגעבן, אָבער די פּראָצענט האָט ער פון איר ניט גענומען. זי דאַרף דאָס נעבעך פאַר ברויט. די מאַמע האָט אים דערפאַר געבענטשט. האָט ער דערפון הנאה געהאַט.

אָבער דעם טאָג איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק: ער קען דאָך לייַען געלט פרעמדע מענטשן אויף פּראָצענט און פאַרדינען דערפון. בעלנים אויף הלוואות זיינען דאָ גענוג. ער האָט שוין פאַרמאָגט אַ היפּש קעסטעלע מיט זילבערנע און גאָלדענע מטבעות און אפילו אַ סך פּאַפּיר־געלט.

די ערשטע וועמען ער האָט געליִען זיינען געווען זיינע פריינד, דעם אונ־טערשמש און ביילע די אלמנה. ער וויל 5 קאָפּיקעס אַ וואָך פאַר יעדן רובל, און ער וויל אַ משכון. און די בעלי־חובות האָבן מסכים געווען.

ד.

יאָשקע איז געוואָרן אַ דערוואַקסענער בחור. זיין קאַפּיטאַל איז אויך געוואַקסן און מיט דעם זיינען אויך געוואַקסן זיינע בעלי־חובות און די משכנות, שבתדיקע לייכטער, זייגערס און קדושין־רינגלעך.

ער האָט שוין ניט געקענט געדענקען אויפן קאָפּ ווער עס קומט אים געלט, האָט ער באַצאָלט אַ ישיבה־בחור פון בית־מדרש און ער האָט אים אויסגע־לערנט אַ ביסל שרייבן, לייענען און חשבון. ער האָט שוין געהאַט אַ ביכעלע ווו ער האָט פאַרשריבן די חובות און די משכנות.

מיט דער פאַרגרעסערונג פון זיין קאַפּיטאַל איז אויך געוואַקסן זיין גלוסט נאָך מער געלט. ער האָט שוין ניט געחלומט פון זאַלן און גוטע מאכלים. ער האָט געחלומט פון קופּעס גאָלדענע רענדלעך. אין שטעטל האָט ער געקראָגן אַ נאָמען דער קמצן.

זיין האַרץ פלעגט אָנגעפילט ווערן מיט פרייד צו זען ווי די קעסטעלעך געלט און די משכנות וואַקסן. און עס האָט זיך דערוועקט ביי אים אַ פּחד: ער האַלט זיינע געלט און די משכנות אין די שמות, קען מען אים דאָך באַגנבענען.

זיין טאַטע און מאַמע זיינען שוין לאַנג געשטאָרבן, זיינע ברידער און שוועסטער זיינען אַוועק פון שטעטל, ער איז געבליבן איינער אַליין.

ער קען ניט פאַרגעסן זיין מאַמעס לוויה, דער איינציקער מענטש אויף דער וועלט וואָס איז אים געווען נאָענט. ער איז געזעסן שבעה, געגעבן ליכט אין בית־מדרש, ער האָט אפילו געוויינט. די שוועסטער און ברידער האָבן אפילו מיט אים ניט גערעדט אויף דער לוויה. עס פאַלט אויף אים אָן פון צייט צו צייט אַן עלנטקייט, איינער אליין אויף דער וועלט. אפשר וואָלט ער גאָר חתונה האָבן, ער וועט האָבן אַ הויז ווו צו האַלטן די משכנות און דאָס געלט.

דער געדאַנק האָט אים ניט אָפּגעלאָזט, און איין טאָג האָט ער געבעטן זיין איינציקן פריינד, דעם אונטערשמש, ער זאָל אים ריידן אַ שידוך.

„ווער וועט דיר נעמען", האָט דער אונטערשמש אים געפרעגט, „אַז דו האָסט אַ נאָמען פאַר אַ קמצן? אפשר דעם סופרס טאָכטער? זי איז אַ יתומה, אָבער זי האָט אַ שטיבל, און מען זאָגט אַז זי האָט הונדערט רובל. זי איז אפילו אַן אַלטע, ניט קיין שיינע, אָבער אַ כשרע נשמה, אין איר טאַטן געראָטן. אויב דו ווילסט וועל איך מיט איר ריידן, אפשר וועט זי וועלן?"

„איך בין מסכים", האָט יאָשקע געזאָגט.

דעם סופרס טאָכטער, די כשרע נשמה, די צנועה, האָט לכתחילה דערפון ניט געוואָלט הערן. דער טאַטע אירער, דער צדיק, וועט ניט קענען רוען אין קבר, אויב זי וועט חתונה האָבן מיט אַ גראָבן יונג, אַ פּראָצענטניק און אַ קמצן, וואָס שינדט די הויט פון אלמנות און אָרעמע מענטשן. אָבער זי איז אויך געווען עלנט, איינע אליין אויף דער וועלט, אפשר וועט איר טאַטעס זכות ביישטיין און ער וועט זיך בייטן און בעסער ווערן. דערצו איז ער געווען אַ הויכער, שיי־נער און אַ געזונטער יונג, האָבן מענטשן, אירע באַקאַנטע, וואָס האָבן רחמנות געהאַט אויף איר עלנטקייט, איר צוגערעדט, און זי האָט מסכים געווען.

זי האָט אים געקויפט אַ טלית און פאַר אירע געלט אים אויפגעבייט אַ קאַ־פאָטע, אַ חתן־מתנה. ער וועט דאָך זיינע געלט ניט אויסגעבן. און יאָשקע האָט מיט מזל חתונה געהאַט מיטן סופרס טאָכטער.

ער האָט אויך געירשנט דעם סופרס שטאָט אין בית־מדרש, אָבער קיינער האָט אים ניט באַמערקט, קיין עליה אים ניט געגעבן. ער האָט קיין מאָל קיין אורח ניט גענומען מיט זיך, קיין צדקה ניט געגעבן. אפילו אָרעמע־לייט פּוס־גייער האָבן אויסגעמיטן זיין הויז. מען האָט געוווסט אַז דער קמצן גיט ניט.

מיט דער צייט איז זיין פּראָצענט־געשעפט געוואָרן אזוי גרויס, אַז ער האָט שוין ניט געהאַט ווו צו האַלטן די משכנות. אַ האַלב שטעטל איז שוין געווען ביי אים פאַרמשכונט. מען האָט פאַרגעסן, אַז זיין נאָמען איז יאָשקע, מען האָט אים גערופן דער פּראָצענטניק און זיך פון אים דערווייטערט.

זיין גלוסט נאָך געלט און משכנות איז אָבער געוואָרן נאָך שטאַרקער. זיי־נע בעלי־חובות זיינען שוין ביי אים ניט געווען קיין מענטשן, נאָר אַ זאַך, וואָס מען קען רייכער ווערן דורך דעם. זיין ווייב, די כשרע נשמה, האָט דערפון זייער געליטן, ווען זי האָט געזען ווי ער צאַפּט דאָס בלוט ביי די אָרעמע מענטשן, ווען זי האָט געקענט. אָבער וואָס האָט זי געקענט טאָן?

„מיר ווערן עלטער, קיין קינדער האָבן מיר ניט, פאַר וועמען קלייבסטו? פאַר וועמענס וועגן צאַפּסטו דאָס בלוט פון אָרעמע מענטשן און נעמסט צו דאָס שטיקל ברויט פון אלמנות און יתומים?" האָט זי מיט אים איינגעטענהט. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן, ער האָט זיך ניט צוגעהערט צו אירע רייד. ער האָט געוווּסט אַז זי איז גערעכט, אָבער ער איז געווען ווי אַ געבונדענער. זיין גלוסט נאָך געלט איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער איז שוין ניט געווען קיין בעל־הבית איבער זיך.

ה.

ווי אַמאָל זיין מאַמע, איז זיין ווייב היינט געווען דער איינציקער מענטש, צו וועמען ער האָט געהאַט אַ וואַרעם געפיל און דרך־ארץ. ער האָט גע־ווּסט אַז זי איז בעסער פון אים.

דריי זאַכן זיינען געווען אין זיין לעבן, וואָס האָבן גערירט זיין האַרץ. דאָס ערשטע איז געווען געלט. ער האָט געקענט אָפּשטיין שעהן און קוקן אויף זיין געלט און אָנקוועלן צו זען ווי עס ווערט מער.

די צווייטע זאַך איז געווען זיין ווייב, צו וועמען ער האָט געהאַט וואַ־רעמע געפילן און דרך־ארץ. ער האָט געוווּסט אַז זי שטייט העכער פון אים און זי איז דער איינציקער מענטש אויף דער וועלט וואָס זאָרגט פאַר אים. און אַז זי מוסרט אים איז זי גערעכט. דערצו האָט זי פאַר אים געקאָכט, געוואַשן די וועש, ווי אַמאָל זיין מאַמע. זי איז אויך געווען פאַר אים אַ ווייב. ער האָט געוווּסט, אַז ער איז איר אַ סך שולדיק, אָבער ער האָט דאָס ניט געקענט ארויס־ווייזן. ער האָט איר ניט געקענט קוקן אין די אויגן, ווען זי האָט אים געמוסרט. ווי אַ שולדיקער האָט ער ארונטערגעלאָזן די אויגן. עס פלעגט אים זייער אָפּט מאַטערן אַ געפיל פון חרטה. ער וואָלט געוואָלט ווערן בעסער, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין שליטה איבער זיך.

און די דריטע זאַך איז געווען דער אָנדענק פון זיין מאַמען. ער קען איר ניט פאַרגעסן, איר אויסגעצערטן פּנים און די פאַרוויינטע אויגן. זי האָט אים ארויסגעוויזן אַזוי פיל ליבשאַפט און רחמנות, ווען ער איז געווען הונגעריק. ער קען ניט פאַרגעסן דעם טאָג, ווען זי איז געקומען צו אים לייען אַ רובל. ער

קען ניט פאַרגעסן אירע אויגן ווען ער האָט ביי איר גענומען דעם משכון, די שבתדיקע לייכטער. זיין האַרץ ווערט אים צעבראָכן פון חרטה, ווען ער דער־מאָנט זיך אָן דעם, און ער דאַנקט גאָט, וואָס האָט אים ארייגעשיקט אַ געפיל ניט צו נעמען ביי איר קיין פּראָצענט. הלוואי וואָלט זי געלעבט היינט, וואָלט ער איר געגעבן געלט, א סך געלט, זי זאָל האָבן א סך צו עסן און קליידער, אָבער זי איז טויט, ער קען נאָר האַלטן איר יאָרצייט.

איר יאָרצייט איז ביי אים טייער ווי אַ הייליקע זאַך, דער הייליקסטער טאָג אין זיין לעבן, אפילו מער ווי יום־כיפּור. ער היט אָפּ דעם טאַטנס יאָרצייט אויך, אָבער ניט ווי דער מאַמעס. ער פאַרנעמט זיך ניט מיט קיין פּראָצענט־געשעפטן דעם טאָג, גייט אין בית־מדרש דאַוונען, שטעלט א גרויסע יאָרצייט־ליכט קיינער זאָל ניט זען, דאַוונט מיט האַרץ, צעוויינט זיך אפילו א סך מאָל ביים זאָגן קדיש, וואַרפט אריין אַ פּאָר מטבעות אין מתן בסתר פּושקע פאַר איר נשמה. ער פילט זיך דעם טאָג ווי אַ רשע. ער האָט איר געקענט העלפן און ער האָט פאַרשלאָסן זיין האַרץ. אין דעם טאָג פון איר יאָרצייט איז זיין האַרץ פול מיט חרטה. עס פאַלט אים אפילו אריין אַ געדאַנק פון תשובה־טאָן, נאָר ער ווייס ניט ווי ער זאָל איר איבערבעטן.

אָבער נאָכן טאָג פון יאָרצייט פאַרגעסט ער. די גלוסטעניש צו געלט און זילבער און משכנות איז שטאַרקער פאַר אים.

עס האָט אויך געטראָפן, אז א סך טעג נאָכן יאָרצייט איז ער געווען ניט דער זעלבער. עפּעס האָט ער געהאַט אַ געפיל פון פּחד. אַ שלעכט געפיל האָט אים גענאָגט. די מאַמע פלעגט אים קומען צו חלום, און זי האָט געקוקט אויף אים מיט די זעלבע פאַרוואונדערטע אויגן, מיט צער און רחמנות, ווי ווען זי איז געקומען לייען ביי אים דעם רובל. זי האָט ניט גערעדט, נאָר געקוקט אויף אים. ער פלעגט זיך אויפכאַפּן פון שלאָף באַגאָסן מיט אַנגסט און שווייס ווי ער וואָלט געווען קראַנק און האָט ניט געקענט שלאָפן מער. זיין מאַמעס אויגן האָבן אים געמאַטערט פאַר אַ לאַנגע צייט. כדי איבערצובעטן דער מאַמען פלעגט ער אריינוואַרפן אַ פּאָר מטבעות אין אַ צדקה־פּושקע, קיינער זאָל ניט זען, זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים פאַר איר נשמה. אָבער דאָס געפיל פון שולד האָט אים ניט אָפּגעלאָזן.

ו.

יאָרן זיינען געלאָפן. זיין באָרד איז שוין געוואָרן א ביסל גראָ, די קעס־טעלעך מיט גאָלד זיינען געוואַקסן, דאָס צימער מיט די משכנות איז שוין געווען פול, אָבער ער האָט שוין ניט געהאַט אזוי פיל הנאה דערפון. זיין האַרץ

איז שוין ניט געווען אָנגעפּילט מיט אַזוי פיל פריידן פון זיין פאַרמעגן ווי אַ מאָל. זייער אָפט ווען ער האָט געזען די פּנימער פון די אלמנות, ווען זיי זיינען גע־קומען ביי אים לייען געלט מיט די משכנות, האָבן זיי אים דערמאָנט אָן זיין מאַמען. זיי זיינען אויך הונגעריק, ווי זיין מאַמע איז געווען. ער נעמט צו זייער ביסן ברויט.

און ס׳האָט שוין געטראָפן, אַז זיין ווייב, די גוטע נשמה, ווען זי האָט גע־מיינט אַז ער זעט ניט, האָט צוריקגעגעבן אַן אָרעמע אלמנה אַ משכון, אַ פּערע־נע ווינטער זיך צוצודעקן, האָט ער זיך שוין געמאַכט ניט זעענדיק. אדרבא, ער האָט אפילו הנאה געהאַט דערפון, אין האַרצן איר דאַנקבאַר געווען. זאָל איר גאָט בענטשן, די גוטע נשמה. ער האָט געקוקט אויף איר ווי זיין באַשיצערין קעגן זיין רישעות. דאָס געפיל פון זינד, חרטה און תשובה האָט אים אָנגעהויבן מאַטערן. זיין ווייבס מוסר: „יאַשקע, וואָס וועט זיין דער תכלית? מיר ווערן אַלט און קיין קינדער האָבן מיר ניט, פאַר וועמען קלייבסטו? בייט דיין שלעכטן וועג, יאַשקע!״ האָט ער ניט געקענט פאַרגעסן.

און אין איין יאָרצייט־טאָג נאָך זיין מאַמען, ווען ער איז געקומען אין בית־מדרש ווי שטענדיק שטעלן די יאָרצייט־ליכט, דאַוונען און זאָגן קדיש, איז ער געשטאַנען בין מנחה למעריב אויף זיין שטאָט און זיך צוגעהערט פון דער־ווייטנס ווי ר׳ בנימקעלע האָט געלערנט מיט זיינע יידן די פרשה חומש פון דער וואָך. ס׳איז געגאַנגען די סדרה משפּטים. ר׳ בנימקעלע האָט דאָס מאָל, ניט ווי זיין שטייגער איז געווען צו דערציילן מעשהלעך, געלערנט מיט זיינע תלמידים נאָר חומש. בנים אתם לה׳ אלוהיכם, מיר זיינען קינדער פון רבש״ע. ממלכת כוהנים וגוי קדוש, מיר זיינען פּרינצן פון גאָט און אַ הייליקער פאָלק. מיר דאַרפן טאָן צדקה, העלפן איינער דעם אַנדערן, אַזוי הייסט גאָט.

וכי ימוך אחיך, אַז דיין ברודער איז געפאַלן, און יעדער ייד איז אַ ברודער, זאָלסטו אים העלפן. און אַז אַ ייד לייט געלט ביי דיר, זאָלסטו ניט נעמען ביי אים קיין פּראָצענט. פּראָצענט איז בייסן, ווי אַ הונט בייסט.

און אַז דו נעמסט ביי אים אַ משכון, אַ קלייד, זאָלסטו אים דאָס אומ־קערן ביינאַכט ער זאָל האָבן מיט וואָס זיך צוצודעקן. זאָלסט ניט שווער מאַכן דיין האַרץ צו אים, זאָלסט חו״ש ניט דריקן קיין אלמנות און יתומים, ווייל איך בין גאָט. אַז דו וועסט זיך אַזוי פירן וועט דיר גאָט העלפן. און אַז דו וועסט זיך אַזוי ניט פירן, וועט דיר גאָט שטראָפן. אַז מען נעמט צו אָרעמע גראָשנס ביי אַן אָרעמאַן, נעמט מען צו דאָס ברויט פון זיינע קינדער, זייער בלוט.

די תלמידים זיינען געזעסן ווי אַלע מאָל מיט אָפענע מיילער און מיט פּחד זיך צוגעהערט. זיי האָבן קיין מאָל ניט גענומען קיין פּראָצענט, און קיין אלמנות מיט יתומים ניט באַרויבט. אדרבא, מען האָט ביי זיי גענומען פּראָצענט. די רייכע האָבן זיי געראַבירט. זיי האָבן מיט זייערע לעצטע גראָשנס געהאָלפן אָרעמע־לייט.

יאָשקע דער פּראָצענטניק איז געשטאַנען און זיך צוגעהערט. יעדער וואָרט איז געווען ווי אַ שפּיז אין זיין האַרצן. די אַלע עבירות האָט ער דאָך געטאָן, דאָס מיינט מען דאָך אים, אים וועט דאָך דער רבש״ע שטראָפן. ער האָט אַלע מאָל געוווּסט, אז ער איז אַ רשע, אז ער פירט זיך שלעכט, און אים האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ און ער האָט פּחד געהאַט אז דער רבש״ע וועט אים דערפאַר שטראָפן. אָבער דאָס מאָל האָט אים ר׳ בנימקעלע געשמיסן מיט אייזערנע ריטער, געוואָרפן אים זיינע זינד אין פּנים אריין. די זינד וואָס דער רבי האָט דאָ אויסגערעכנט האָט ער דאָך אַלץ געטאָן. מען וועט אים ברענען אין גיהנום.

ער איז געוואָרן צעבראָכן, ער האָט נאָך אזוי קיין מאָל ניט געדאַווּנט, קיין מאָל אזוי ניט געוויינט, ווען ער האָט געזאָגט קדיש. אים האָט אפילו ניט געאַרט וואָס מען זעט ווי ער וויינט. אדרבא, זאָלן מענטשן זען ווי ער וויינט. ער וויל אָפּקומען פאַר זיינע זינד. די זינד וואָס ער האָט געטאָן זיין גאַנץ לעבן איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן, געלעגן אויף זיין האַרץ ווי אַ שווערע משא. די גאַנצע ביטערקייט וואָס האָט זיך ביי אים אָנגעקליבן צייט ער איז געווען אַ קינד, האָט זיך אויפגעלייזט איצט אין זיינע טרערן.

ז.

ער איז געקומען אהיים און דערזען דאָס יאָרצייט־לעמפּעלע וואָס זיין ווייב האָט אָנגעצונדן פאַר זיין מאַמעס נשמה, האָט ער זיך ווידער צעוויינט. ער האָט דערזען אין דעם זיין מאַמעס פּנים, וואָס איז געווען פול מיט צער און שטראָף. זיין ווייב האָט זיך דערשראָקן.

„וואָס איז מיט דיר, יאָשקע?״ האָט זי געפרעגט מיט רחמנות. און דאָס האָט אים נאָך מער ווייך געמאַכט זיין האַרץ און ער האָט זיך נאָך מער צעוויינט.

„ביסט חו״ש קראַנק? זאָל איך רופן דעם פעלדשער?״

„ניין, מיין ווייב״, זאָגט ער, „איך בין ניט קראַנק״.

באַשע האָט געזען אז עפּעס האָט מיט אים געטראָפן, עפּעס איז ער אַן איבערגעביטענער. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט אַ גרויסן ווייטיק.

זי האָט אים דערלאַנגט עסן. ער האָט זיך אָבער ניט צוגערירט צום עסן.

„גיי שלאָפן", האָט זי געזאָגט, ווי מען זאָגט צו אַ קינד, „וועסט זיך פילן בעסער".

ער האָט זיך געלייגט שלאָפן, געלייענט פרום קריאת־שמע און האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון דעם יאָרצייט־לעמפּעלע, געזען די מאַמען. ער האָט ניט געקענט איינשלאָפן. שלעכטע מחשבות האָבן אים געמאַטערט.

ווען ער איז איינגעשלאָפן האָט זיך אים געחלומט די מאַמע, איר פּנים איז געווען איינגעהילט עפּעס ווי אין אַ פייער און זי האָט געקוקט אויף אים בייז, ניט ווי זייך מאַמעס גוטע אויגן, נאָר שרעקלעכע בייזע אויגן. זי האָט אויסגעשטרעקט אירע הענט צו אים, ווי זי וואָלט אים װעלן שטיקן.

יאָשע, האָט זי געשריען, איך האָב ניט קיין רו אויף דער וועלט. טו תשובה, האָט זי געזאָגט, האָב רחמנות אויף מיר און אויף זיך.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף מיט אַ געשריי: מאַמע, זיי מיר מוחל.

באַשע איז צוגעלאָפן צו אים. יאָשע, ביסט קראַנק? האָט זי מיט רחמ־נות געזאָגט צו אים.

יאָ, איך בין קראַנק, איך בין קראַנק געווען מיין גאַנץ לעבן, איך בין אַ רשע. איך האָב פּחד פאַרן רבש"ע און פאַר דער מאַמען.

ער איז געלעגן אַ גאַנצע נאַכט אין אנגסטן, ניט געקענט שלאָפן, און אין דער פרי האָט ער ניט געקענט אויפשטיין גיין אין בית־מדרש זאָגן קדיש.

ער האָט געדאַוונט אין בעט, ניט געגעסן, ניט געטרונקען.

דעם צווייטן טאָג איז ער שוין געלעגן אין היץ און געהאַלטן אין איין שרייען: מאַמע, איך האָב מורא, העלף מיר.

באַשע האָט אַ דערשראָקענע געבראַכט דעם פעלדשער, אים געגעבן רפואות. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן.

דריי טעג איז ער געלעגן אין היץ און געשריען: מאַמע, העלף מיר. אויפן פערטן טאָג איז אים פון די היץ אַוועק, האָט ער צוגערופן באַשען און געזאָגט:

„מיין ווייב, איך האַלט ביים שטאַרבן, גיי צום רב און בעט אים ער זאָל רחמנות האָבן אויף מיר און קומען מיר מבקר־חולה זיין, איך מוז מיט אים ריידן פאַרן שטאַרבן".

באַשע, מיט פאַרווייניטע אויגן, האָט אָנגעטאָן די פאַטשיילע איבערן קאָפּ און איז אוועק צום רב.

דער רב, ניט אויפהייבנדיק די אויגן פון דער גמרא, האָט איר געפרעגט וואָס זי פאַרלאַנגט. האָט זי אים וויינענדיק דערציילט וואָס עס האָט געטראָפן מיט איר מאַן.

„הייליקער רבי", האָט זי געזאָגט, „ער האַלט ביים שטאַרבן און ער ווינט איר זאָלט אויף אים רחמנות האָבן און אים קומען מבקר־חולה זיין".

„ווער איז אייער מאַן?" פרעגט ער איר.

„איר קענט אים ניט, רבי. ער האָט זיך ניט געפירט ווי אַן ערלעכער ייד דאַרף זיך פירן. איר האָט דאָך אוודאי געקענט מיין פאָטער, ר' שלמה דער סופר ע"ה".

ר' שלמה דעם סופר האָט ער זייער גוט געקענט און האָט אויך געוווסט וועגן דעם שידוך, וואָס זי האָט געטאָן מיט יאָשקע דעם קמצן.

„איך גיי שוין. מקים זיין א מיצווה פון ביקור־חולים און דערצו אַ שכיב מרע". דער רב האָט אָנגעטאָן די קאַפּאָטע מיט די הוט און גערופן פישל דעם שמש, וועלכער איז געווען אין בית־דין־שטוב. ער קען דאָך ניט גיין מיט אַן אשה אליין, און איז אוועק צום חולה.

דער רב איז אריין ביי יאָשקען אין שטוב, און אז יאָשקע האָט אים דערזען האָט ער זיך שרעקלעך צעוויינט.

„רבי, האָט רחמנות אויף מיר, ראַטעוועט מיר", האָט ער אויסגעשריען. „איך בין אַ רשע, אַ פּראַצענטניק, איך האָב באַרויבט אלמנות און יתומים. איך האָב מורא, איך וויל טאָן תשובה".

דער רב האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן שטול לעבן בעט, וואָס איז פאַר אים געווען אָנגעגרייט, און האָט גערעדט צו אים ווי צו אַ קינד. „ר' יוסף", — דער רב האָט זיך נוהג געווען צו רופן אַלעמען מיט אַ ר' — „באַרואיקט זיך און רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן. עס שטייט געשריבן, אז מען רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן ווערט לייכטער".

„רבי", זאָגט יאָשקע, „איך בין געווען אַ זינדיקער מיין גאַנץ לעבן, איך האָב נאָכגעגעבן דעם שטן און באַרויבט אָרעמע־לייט, מיינע ברידער, אלמנות און יתומים. איך האָב צוגענומען דאָס שטיקל ברויט פון זיי. געריסן פּראָצענט. איך וויל ניט שטאַרבן קיין רשע, איך וויל שטאַרבן ווי אַ ייד. העלפט מיר טאָן תשובה".

דעם רבס אויגן האָבן אויפגעשיינט — אַ ייד וויל טאָן תשובה.

„ר' יוסף", זאָגט דער רב, נעמט אים אַן פאַרן האַנט און זעצט זיך אויף זיין בעט, ער זאָל זיין נאָענטער צו אים, „אַ רב איז ניט קיין גלח, ער פאַרגיט ניט קיין זינד. דער רבש"ע דאַרף ניט קיין פאַרמיטלער. פאַר יעדן יידן איז אָפן די

שערי־תשובה. ער וואַרט נאָר אז א ייד זאָל תשובה טאָן, און ער נעמט דאָס גלייך אָן. אזוי האָבן געזאָגט די הייליקע נביאים. טוט תשובה אליין״.

„אָבער רבי, וואָס זאָל איך טאָן? איך האָב שוין אויסגעזאָגט אַ סך תהילים״.

„תהילים זאָגן איז ניט גענוג״, זאָגט דער רב. „איך וועל אייך געבן אַן עצה. שענקט די אָרעמע מענטשן וועלכע קומען אייך געלט און איר האָט זייערע משכנות, גיט זיי צוריק און ווערט פּטור פון דעם. און דער רבש״ע וועט אייך דערפאַר העלפן און מוחל זיין אייערע זינד און איר וועט מאריך ימים זיין״.

יאָשקעס פּנים האָט אויפגעשיינט: „רבי, איך בין מסכים. איר האָט מיר געראַטעוועט. איך וועל דאָס שוין טאָן״. ער האָט אָפּגעקרעכצט און אַ רוף געטאָן:

„באַשע, קום אַהער״.

באַשע, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און זיך צוגעהערט און גע־וויינט, איז גלייך צוגעלאָפן צו אים.

„דו ווייסט ווו דאָס ביכעלע מיט די נעמען פון מענטשן וואָס קומען מיר געלט ליגט. דאָרט איז פאַרשריבן צו וועמען עס געהערן די משכנות. גיי גלייך צו יעדן און זאָג זיי, אז איך שענק זיי די חובות, און אז זיי זאָלן קומען אָפּנע־מען די משכנות וואָס איך האַלט״.

באַשע איז מיט אַן אויפגעשיינטן פּנים און מיט טרערן פון שימחה גלייך געלאָפן אָנזאָגן די גוטע בשורה צו די בעלי־חובות.

דער רב איז נאָך געבליבן זיצן ביי אים און אים באַרואיקט, ווייל ער האָט נאָך געהאַלטן אין איין וויינען.

„ר׳ יוסף״, זאָגט דער רב, „וויינט ניט, פרייט זיך, איר האָט דערגרייכט צו אַ גרויסער מדרגה, איר זייט אַן אמתער בעל־תשובה. די חז״ל זאָגן: במקום שבעל תשובה עומד, צדיקים גמורים אינם יכולים לעמוד. אַ בעל־תשובה איז גרעסער ווי דער גרעסטער צדיק. אייערע עלטערן אויף יענער וועלט האָבן איצט פון אייך אַ סך נחת. איר וועט אי״ה געזונט ווערן און טאָן אַ סך מיצוות און צדקה״.

## ח.

אין שטעטל איז געוואָרן אַ שימחה. קיינער האָט עס ניט געוואָלט גלויבן: דער פּראָצענטניק איז מסתמא משוגע געוואָרן.

דער פּראָצענטניק איז אָבער ניט משוגע געוואָרן. ער האָט אַלע מאָל גע־ווּסט אז ער איז אַ זינדיקער און דאָס האָט אים געמאַטערט, ביז די מאָס

פון זיין לײַדן איז פול געוואָרן און ער איז געוואָרן אַ בעל־תשובה. ער איז געזונט געוואָרן, ווי דער רב האָט אים געזאָגט.

אין שטעטל האָט מען נאָך דעם געזאָגט, אַז דער פּראָצענטניק איז געשטאָרבן און אַ בעל־תשובה איז געבוירן געוואָרן.

די ערשטע זאַך וואָס ער האָט געטאָן, נאָך דעם ווי ער איז פּטור געוואָרן פון די משכנות: ער האָט אויסגערייניקט, אויסגעקאַלכט, אַרויסגעטריבן דעם טוכלען ריח פון צימער פון די משכנות, ווי מען טרייבט אַרויס עפּעס אַ שרץ. האָט דאָרטן אַריינגעשטעלט בעטן און געזאָגט צו באַשען:

„מײַן ווײַב" (ער האָט איר אָנגעהויבן רופן מײַן ווײַב), „איך פיל זיך ווי נאָך יום־כּיפּור, ווי אויסגערייניקט. ווייסט וואָס מיר וועלן טאָן מיט דעם צימער פון די משכנות? מיר וועלן דאָ מאַכן אַ הכנסת־אורחים פאַר פיינע יידן, אורחים, וואָס קומען אין שטעטל און האָבן ניט קיין אָרט ווו צו זיין. מיר וועלן זיי באַדינען, מיר וועלן ביידע טאָן די מיצווה. און ווייסט וואָס מיר וועלן טאָן מיטן טריפהנעם געלט?" (דאָס געלט וואָס ער האָט געהאַט אַזוי פיל פאַרגעניגן צו קוקן אויף דעם, דאָס גאָלד וואָס ער האָט געהאַט אַזוי פיל הנאה דאָס אָנצוטאַפּן, איז מיט אַ מאָל געוואָרן ביי אים ברודיק און מיאוס, אָנגעזאַפּט מיט בלוט פון אלמנות און יתומים) „לאָמיר דאָס אוועקגעבן פאַר צדקה. מיר וועלן לאָזן פאַר זיך נאָר גענוג צו לעבן בצימצום, און פאַר די אורחים".

„איך האָב אַ בעסערע עצה", זאָגט באַשע, „לאָמיר עפּעס אַ גמילות־חסד. מיר וועלן לייען דאָס געלט צו אָרעמע מענטשן, די זעלבע וואָס האָבן ביי דיר געליען, אָבער אָן פּראָצענט און משכנות. ס'איז דאָך זייער געלט".

„ביסט גערעכט, מײַן ווײַב, דאָס איז אַ גוטע עצה".

באַשעס פּנים האָט אויפגעלויכטן, דאָס האָט זיך איר טאַטע דער צדיק געמיט אין הימל, איבערצוקערן איר מאַנס האַרץ צום גוטן.

אין שטעטל האָט מען אים מער ניט גערופן דער פּראָצענטניק. זיין נאָמען איז געוואָרן דער בעל־תשובה. און אַנשטאָט די אַמאָליקע קללות האָט מען אים איצט באַשאָטן מיט ברכות.

יאָשע האָט אין זיין פרייע צייט, נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעטאָן זיין אַרבעט פון הכנסת־אורחים און גמילת־חסד, פאַרבראַכט אין בית־מדרש, געזאָגט תהילים, געוואָרן איינער פון די חברה־חומש־יידן.

אָבער יאָשקע איז נאָך אַלץ ניט געווען צופרידן, צי די תשובה וואָס ער האָט זיך גענומען איז גענוג. ער האָט זיך געפילט עלנט. ער האָט געקוקט אויף ר' בנימקעלען, וואָס איז איצט געוואָרן זיין רבי, דער תלמיד־חכם, וואָס זיצט יום ולילה און לערנט און אים מקנא געווען.

הלוואי וואָלט ער געקענט האָבן אַ חלק אין זיין לערנען. ער וואָלט גע־וואָלט זיצן לעבן אים, ווארעמען זיך אין זיין תורה. ער האָט אפילו מקנא געווען זיין זון מאָטען, וואָס זיצט לעבן אים אַ גאַנצן טאָג, באַדינט אים און זאַפּט איין אין זיך דעם ריח פון זיין תורה.

ט.

איין טאָג איז ער צוגעגאַנגען צו ר׳ בנימקעלען און האָט מיט געבעט געזאָגט:

„רבי, לאָזט מיר זיצן לעבן אייך, איך וועל אייך באַדינען״.

„אדרבא״, זאָגט ר׳ בנימקעלע, „קום, זיץ לעבן מיר, יאָשע. אָבער באַדינען מיר לאָז מיין מאָטען, ער האָט ניט קיין צו פיל מיצוות, זאָל ער מקיים זיין די מיצווה פון כיבוד־אב״.

דער גרויסער געזונטער יאָשע האָט געפונען אַ באַשיצער אין זיין עלנט־קייט אין דעם קליינעם דאַרן תלמיד־חכם ר׳ בנימקעלע. ס׳איז אים געוואָרן לייכט אויפן האַרצן, און ווי אַ דורשטיקער האָט ער זיך צוגעהערט און געשלונ־גען די ווערטער פון דער תורה וואָס ר׳ בנימקעלע האָט געלערנט.

מיט אַ מאָל האָט זיך ביי אים דערוועקט אַ גרויסער גלוסט צו ווערן אַ למדן. ער האָט נאָר געקענט זאָגן אַ ביסל תהילים, און דאָ זיצן יידן אין גרויסן בית־מדרש און לערנען גמרא.

די גמרא איז געווען פאַר אים עפּעס אַ זאַך, וואָס עס באַלאַנגט צו העכערע מענטשן, וואָס ער קען דערצו ניט צוקומען, ווי אַ סוד וואָס איז פון אים פאַר־באָרגן. און פּונקט ווי אַ מאָל, ווען ער האָט געבראַכט די רייכע קינדער אַהיים צו זייערע רייכע הייזער, איז געשטאַנען אין די קיכן און האָט פון דער ווייטנס געזען די רייכע זאַלן, וווּ ער האָט ניט געקענט אריינקומען, געקוקט אויף די רייכע מיט קינאה און באַשלאָסן צו ווערן רייך, אזוי האָט זיך ביי אים איצט דערוועקט דער זעלבער גלוסט צו ווערן אַ למדן און אריינצוגיין אין היכל־התלמוד, אין די זאַלן פון דער תורה, פון דער גמרא און די סודות וואָס די גמרא פאַרמאָגט.

אָבער ווי קומט ער דערצו? אז ער האָט קיין מאָל ניט געלערנט, אפילו ניט געהאַלטן קיין גמרא אין האַנט. דער געדאַנק האָט אים געמאַטערט, גע־רייצט, און ער האָט באַשלאָסן, פּונקט ווי אַמאָל רייך צו ווערן, צו ווערן אליין אַ למדן, אַ גמרא־למדן.

איין טאָג האָט ער געבעטן ר׳ בנימקעלען, מיט וועמען ער איז שוין גע־וואָרן פריינד, ער זאָל לערנען מיט אים גמרא.

„איך וויל פאַרזוכן דעם טעם, רבי״, האָט ער פאַרשעמט זיך ביי אים גע־

בעטן. „לערנט מיט מיר גמרא, איך וועל אייך באַצאָלן שכר־לימוד, פאַרן לערנען מעג איך נעמען פון דעם געלט".

„מיין זון", זאָגט ר' בנימקעלע, „דו דאַרפסט מיר ניט באַצאָלן, איך דאַרף ניט קיין געלט. איך וועל לערנען מיט דיר אַ פרק משניות. גמרא איז שווער פאַר דיר צו לערנען".

„איך וויל אָבער אז איר זאָלט לערנען מיט מיר אין די גרויסע גמרות, וואָס לומדים לערנען".

„יאָ", זאָגט ר' בנימקעלע, „מען קען לערנען משניות אויך אין די גרויסע גמרות, און ווער ווייס? אויב דו וועסט האָבן חשק, וועסטו נאָך אַמאָל לערנען גמרא אויך. דער גרויסער רבי עקיבא איז שוין אויך געווען אַלט, ווען ער האָט אָנגעהויבן לערנען אלף־בית, און ער איז געוואָרן אַ גרויסער תנא. גיי ברענג די מסכה ברכות".

אָבער יאָשקע האָט ניט געקענט אויסזוכן די מסכת ברכות, ער האָט דאָס קיין מאָל ניט געזען. און רבי בנימקעלע האָט אליין געמוזט ברענגען די גמרא.

„קום", זאָגט ער, „לערן", און טייטלט מיט די פינגער, ווי ער פלעגט אַ מאָל לערנען מיט די קינדער „מאימתי קורין את שמע". און יאָשקע זאָגט אים נאָך ווי אַ קינד, און לערנט די משנה.

קענסט איבערחזרן, איך וועל דיר העלפן אויב דו וועסט ניט וויסן.

יאָשקע זיצט ביי דער גמרא און חזרט אַ גאַנצן טאָג די משנה, וואָס ער האָט געלערנט. ער קען דאָס שוין אויף אויסווייניק. ער זעט קיין זאַך ניט ארום זיך. זיין האַרץ איז פול מיט פרייד, פונקט ווי אַמאָל, ביט היינט געדאַכט, ווען זיין קאַפּיטאַל איז געוואַקסן. ער פילט אז ער איז אריין אין די רייכע פּאַלאַצן פון דער תורה. ער זיצט מיט דער גרויסער גמרא און לערנט, ווי אַלע גרויסע לומדים. ער וועט נאָך אפשר אָנהייבן לערנען די אמתע גמרא און ווערן א למדן.

„דו ווייסט", זאָגט צו אים ר' בנימקעלע איין טאָג, „דו וועסט מיר צוזאָגן אז דו וועסט באַצאָלן לאחר מאה ועשרים שנה פאַר מיינע תכריכים — עס וועט דיר ניט קאָסטן קיין סך", לאַכט ר' בנימקעלע, „איך בין דאָך אַ קליינינקער, וועסט ניט דאַרפן האָבן קיין סך לייוונט — וועל איך לערנען מיט דיר גמרא. איך זע אז דו ווילסט, און האָסט ניט קיין שלעכטן קאָפּ, דו קענסט באַנעמען".

„איך זאָג צו", זאָגט יאָשקע אַ גליקלעכער.

און אזוי איז צוגעקומען נאָך אַ גמרא־ייד אין גרויסן בית־מדרש, וואָס איז געזעסן יום ולילה און געלערנט אין דער גרויסער גמרא. — זיין נאָמען איז געווען דער בעל־תשובה.

# די רעוואָלוציע אין שטעטל

די פּאָליצייסקי מאַכט, דער פאָרשטייער פון דער צאַ־רישער מלוכה אין אונדזער שטעטל, פּאַקטיש א קליינער צאַר, איז געווען דער גאָראָדאָוואָי וועמען שטעטל האָט באַקרוינט מיטן נאָמען „די בערדל". זיין כוח און חשיבות איז געלעגן איבערהויפּט אין זיינע בגדי־מלכות וואָס ער האָט גע־טראָגן. אַ דאַרער לאַנגער פּאַניע, אויסגעפּוצט אין אַ לאַנגן גרויען מונדיר מיט רויטע שליפעס. ארום די לענדן איז ער געווען ארומגעגאַרטלט מיט אַ לעדער־נעם פּאַס אויף וועלכן ס'איז נאָכגעהאַנגען אַ שווערד אין אַ שייד, וואָס האָט זיך נאָכגעשלעפּט ביז צו דער ערד ; מיט אַ פּאָר גלאַנציקע מיליטערישע שטיוול און שפּאָרן, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען ביי זיין יעדער טריט און געלאָזט וויסן אז ער קומט אָן. זיין פּאָליצייסקער היטל איז געווען אויסגעפּוצט מיט אַ מעשענע קוקאַרדע און דער קאָלנער פון מונדיר באַדעקט מיט אַ שעפּסענעם קראַגן, סיי זומער און סיי ווינטער, פּאַר חשיבות וועגן.

„די בערדל" האָט מען אים גערופן, ווייל ער איז געווען דער איינציקער גוי אין שטעטל וואָס האָט געטראָגן אַ בערדל.

מען האָט געזאָגט אז ער איז אַן אַנטיסעמיט, אַ סימן : ער „נעמט" ניט. ער האָט זיך באוויזן אַלע מאָל אין שטעטל אין פולן אוניפאָרם, פלעגט גיין מיט אַ פּאַרריסענעם קאָפּ און מיט קיינעם ניט גערעדט. און טאָמער האָט אים אַ ייד הכנעהדיק באַגריסט, האָט ער ניט געענטפערט, כדי אויפצוהאַלטן דעם שטאָלץ פון זיין אויטאָריטעט, וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר.

אז יידן האָבן דערהערט פון דער ווייטן דעם קלאַנג פון זיינע שפּאָרן איז געוואָרן ביי זיי אַ פּאַניק. און איין שכן האָט אָנגעזאָגט דעם צווייטן : די בערדל קומט ! קרעמער, וועמענס בילעטן זיינען ניט געווען אין אָרדענונג, האָבן אין איילעניש געגומען פאַרמאַכן די קרעמלעך. און די וואָס האָבן געהאַנדלט מיט סחורה, וואָס איז פאַרוועררט לויטן זאַקאָן, האָבן אָפּגעראַמט די פּאָליצעס.

בעלי־בתים אין טלית־קטנס און יאַרמלקעס זיינען אַרויסגעלאָפן מיט בע־זעמער ראַמען די רינשטאָקן אַרום די הייזער. טאַמער געפינט ער אַ ביינדל אין רינשטאָק מאַכט ער אַ פּראָטאָקאָל, דער אַנטיסעמיט.

אַ מכה די בערדל, ער וועט ניט כאַפּן, האָט מען הנאה געהאַט אים אָפּצו־נאַרן. אָבער אַז ער האָט יאָ געכאַפּט פלעגט ער שלעפּן אין טורמע, אָנטאָן צרות פאַר יעדע קלייניקייט. שטעטל האָט אים פיינט געהאַט שינאת־מוות. אָבער מען האָט געקוקט מיט דרך־ארץ און פחד אויף דער קוקאַרדע און שווערד וואָס אין זיי איז געלעגן זיין מאַכט איבערן שטעטל.

איז אָבער געקומען אַ טאָג ווען די קוקאַרדע מיטן שווערד זיינען פאַר־שוועכט געוואָרן אין די אויגן פון שטעטל. אין רוסלאַנד איז שוין לאַנג גע־ווען נאָך די הייסע טעג פון דער רעוואָלוציע פון 1905, אָבער אונדזער שטעטל האָט זיך פאַרשפּעטיקט צו מאַכן די רעוואָלוציע. זי האָט אויך געהאַט אירע רעוואָלוציאָנערן. יונגע חברה מיט לאַנגע טשופּרינעס, אָנגעטאָן אין שוואַרצע בלוזקעס מיט רויטע קוטאַסן באַגאַרטלט, וועלכע מען האָט גערופן סטאַטשקע־ניקעס. זיי האָבן אָבער געפירט די רעוואָלוציע אין די וועלדער, קיינער זאָל ניט זען, ווו זיי האָבן געהאַלטן פלאַם־פייערדיקע דרשות קעגן צאַר און גע־שריען: „דאַלאָי, ניקאָליי". אָבער האַלטן זייערע רעדעס בפרהסיה האָבן זיי מורא געהאַט פאַר די בערדל.

אָבער מיטאַמאָל האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע מיטן גאַנצן פייער אין די גאַסן פון שטעטל. עס זיינען אָנגעקומען די יידישע יום־טובים און ס'האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן יונגע בחורים, וואָס אַרבעטן אין די גרויסע שטעט און אויס־געלאַכט מיט ביטול די קליינשטעטלשע חברים, וואָס האָבן נאָך די רעוואָלוציע ניט געמאַכט. האָבן די שטעטלשע חברים זיך געפילט קליין און גענומען אָרגאַ־ניזירן די רעוואָלוציע. זיי זיינען צו ערשט באַפאַלן די קאַפּיטאַליסטן פון שטעטל, זיי צעשלאָגן און זיי גענייט צו געבן געלט פאַר דער רעוואָלוציע. עס האָבן ניט געהאָלפן זייערע טענות, אַז זיי זיינען אויך קבצנים. מען דאַרף מאַכן די רעוואָלוציע און זיך אָפּרעכענען מיט די גראָבע בייכער, די בורזשויען.

און אַז די בערדל האָט זיך דערוווּסט וועגן די אומרוען אין שטעטל, איז ער געקומען מיט זיין גאַנצער מאַכט ברענגען אָרדענונג און זיך אָפּרעכענען מיט די בונטאָווטשטשיקעס קעגן צאַר. אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די אמתע רע־וואָלוציע. אַז די בונטאָווטשיקעס האָבן דערזען די בערדל זיינען זיי אים באַ־פאַלן, אַרונטערגעריסן דעם שינעל מיטן פעלצענעם קראַגן, ס'היטל מיט דער קוקאַרדע. צעבראָכן די שווערד און גענומען שרייען: „דאַלאָי ניקאָליי!"

און ווי טרויעריק און אויסגעלאַכט האָט אויסגעזען דער מעכטיקער פּאָר־שטייער פון דעם צאַר, אָן דעם שינעל, אָן דעם שווערד. ער איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק אין צעריסענע פּלודערן, מיט לאַנגע דינע נאַקעטע פיס, און ביי זיין זייט האָבן זיך געוואַלגערט אין רינשטאָק, ווי צעבראָכענע בלעכלעך, זיין שווערד און קוקאַרדע און מיט דעם האָט זיך אויך געוואַלגערט דער כוח און אויטאָריטעט פון די בערדל.

די רעוואָלוציע איז אויך אויסגעבראָכן אין גרויסן בית־מדרש, ווו עס דאַווענען די יחסנים און דעה־זאָגער. די סטאַטשקעניקעס זיינען באַפאַלן די בעלי־בתים און זיי צעשלאָגן... איז געוואָרן א גוואלד אין שטעטל: מען שלאָגט יידן אין גרויסן בית־מדרש.

אז מען האָט אָנגעזאָגט דעם רב וועגן דער רעוואָלוציע אין בית־מדרש האָט ער אָנגעטאָן זיינע בגדי־רבנות: די זיידענע זשופּיצע מיטן שטריימל און איז אוועק ברענגען אָרדענונג אין זיין קהילה. און אז די רעוואָלוציאָנערן האָבן דערזען דעם רב זיינען זיי געוואָרן פאַרלאָרן: דער רב גייט, איז געגאַנגען א רוף פון איינעם צום צווייטן.

לאַנגזאַם און מיט דרך־ארץ האָבן די רעוואָלוציאָנערן זיך גענומען ארויס־רוקן און די רעוואָלוציע אין בית־מדרש האָט זיך איינגעשטילט.

# ר׳ עוזר דער משכיל

ר׳ עוזר האָט זיך ניט אריינגעפּאַסט אין אונדזער האַלב־חסידישער שטעטל צווישן די מיזרח־וואַנט בעלי־בתים, ווו ער האָט געלערנט און געדאַוונט, און צווישן די קרעמער אין מאַרק, ווו ער האָט געהאַט זיין שניטקראָם, איז ער ניט נאָר געווען אַנדערש ווי זיי, ער איז געווען פרעמד און צופעליק צווישן זיי, ווי אַ פרעמדע פלאַנץ.

זיין אויסזען און פירונג איז געווען פרעמד דעם שטעטל, און ער איז טאַקע געקומען צופעליק אין שטעטל.

ווען ער איז איין מאָל אַ יום־טוב געקומען באַזוכן זיין פעטער שלמה דעם שניטקרעמער, איז ער דאַן געווען אַ שיינער אויסגעפּוצטער ישיבה־בחור. מען האָט געזאָגט, אַז אויסער וואָס ער איז א גרויסער למדן, איז ער אויך א גרויסער משכיל און שרייבט אין די צייטונגען.

נו, איז וועמען אַרט דאָס ? אין די גרויסע שטעט זיינען דאָ משכילים.

האָט שלמה געהאַט אַ טעכטערל אַ בת־יחידקעלע, אַ באַחנטע און אַ צנועה־לע. איז זי אים געפעלן געוואָרן. האָט מען גלייך נאָך יום־טוב געשריבן תנאים, און נאָך דער חתונה האָט עוזר גענומען פריידעלען צו זיינע עלטערן אין דער גרויסער שטאָט.

איין טאָג איז שלמה ניפטר געוואָרן, און פריידעלעס מאַמע האָט ניט געקענט אליין פירן די גרויסע שניטקראָם. האָט עוזר אים גע־ירשנט.

היינט איז ער שוין אַ מיטל־יאָריקער, מיטל־וווקסיקער שיינער אויסגעפּוצטער ייד, אַלע מאָל אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן קורצן שטאָנראָק, אַ ווייס העמד מיט אַ שוואַרצן שניפּס, אַ האַרטן קאַפּעליוש און גאָלדענע פּענסנע. זיין שוין שטוואָס גרויע באָרד איז צוגעקאַמט און אַ ביסל אונטערגעשאָרן.

אפילו אין זיין קראָם איז ער אויך געזעסן אַן אויסגעפּוצטער, נאָר אנשטאָט דעם האַרטן קאַפּעליוש האָט ער געטראָגן אַ זיידענע יאַרמלקע.

אין זיין ליידיקער צייט, ווען עס זיינען אין קראָם ניט געווען קיין קונים, האָט מען אים שטענדיק געזען מיט א ספר אין האַנט, ווי דאָס וואָלט געווען ביי אים דער עיקר, און די קראָם דער טפל.

מען האָט אים זייער אָפט געטראָפן אין מיטן טאָג אין גרויסן בית־מדרש זיצן און לערנען. אָבער אין שטוב, האָט מען געוווּסט, פאַרנעמט ער זיך מיט השכלה.

זיין נאָמען היינט אין שטעטל איז שוין ניט געווען עוזר, נאָר ר׳ עוזר דער משכיל.

אין זיין הויז האָט ער געהאַט אַ גרויסע ביבליאָטעק אויף פאַרשיידענע שפראַכן. און יונגע־לייט, וועלכע זיינען געקומען פון די ישיבות שוין אָנגעשמעקט מיט השכלה, פלעגן זיך צוזאַמענקומען ביי אים אין שטוב און ביי אַ גלעזל טיי זיך דורכריידן אין השכלה.

זיין ווייב, פריידעלע (אַזוי האָט מען איר נאָך היינט אויך גערופן), האָט זיי אויפגענומען פריינדלעך ווי אַ מאַמע, כאָטש זי איז געווען זייער פרום און זי האָט געוווּסט, אַז דאָס איז ניט דער וועג פון פרומע יידן. אָבער זי האָט געהאַלטן, אַז וואָס איר מאַן טוט איז כשר. קיין אייגענע קינדער האָט זי ניט געהאַט, האָט זי זיי מקרב געווען ווי אייגענע קינדער.

ר׳ עוזר, האָט מען געזאָגט, איז קלאָר אין אַלע פילאָסאָפישע ספרים. אין העברעאישע, רוסישע און איבערהויפּט דייטשע. ער האָט זייער געהאַלטן פון דער דייטשער קולטור און האָט ליב געהאַט אריינצוואַרפן דייטשע ווערטער אין זיינע געשפּרעכן, פאַר וואָס מען האָט אַ סך דרך־ארץ געהאַט.

ער האָט זיינע געשפּרעכן געפירט געלאַסן, בנעימות און באטעמט יעדעס וואָרט. זיך באַצויגן צו אַלעמען מיט דרך־ארץ, אפילו צו יינגערע און אפילו ווען ער האָט ניט מסכים געווען מיט זיי. און דערפאַר איז ער געווען זייער באַליבט ביי זיינע יונגע משכילים, וועלכע האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ רבין.

אין שטעטל האָט מען געוווּסט, אַז ער איז פון „יענע מענטשן״, פון הערצלס תלמידים, וועלכע זיינען טרייף ביי פרומע יידן. האָבן זיי טאַקע געקוקט קרום אויף אים. אָבער קיינער האָט ניט געהאַט די העזה אים צו באַריידן, כל זמן ער איז ניט ארויס בפרהסיא און עס געהאַלטן פאַרשטיקט.

* * *

איין מאָל איז ער געפאָרן אויף אַן אסיפה פון זיינע ציוניסטן. אז ער איז געקומען צוריק האָט ער פאַרזאַמלט זיינע יונגע־לייט און געגרינדעט אזא מין

חברה ציוניסטן, וואָס זיי האָבן זיך גערופן „מזרחי״. ער האָט אַראָפּגעבראַכט עפּעס בלעכענע פּושקעס, מען זאָל עס אויפהענגען אין די הייזער, אַ מין ר׳ מאיר־בעל־נס, להבדיל, מען זאָל וואַרפן געלט פאַר זייער חברה. פרומע יידן האָבן געזאָגט, אַז מסתמא גייט עס פאַר זייער רבין, ר׳ הערצל. און ער האָט איינגערעדט בעלי־בתישע קינדער זיי זאָלן זיך פאַרשרייבן אין זיין חברה.

דאָס האָבן שוין חסידים און אנשי־מעשה ניט געקענט פאַרשווייגן. ער פירט אַראָפּ די קינדער פון גלייכן וועג, שטעטל איז געגאַנגען אויף רעדלעך. זיי האָבן געזען אין דעם, אַז עפּעס אַ נייער פרעמדער ווינט האָט זיך אריינגע־ריסן אין שטעטל און צעבראָכט אַלץ וואָס זיי האָבן געבויט און אָפּגעהיט פאַר הונדערטער יאָרן.

עס האָבן זיך געשאַפן צדדים און מחלוקתן. קינדער זיינען אוועק פון זייע־רע טאַטעס וועגן, עס שמעקט מיט אפיקורסות, און ווער איז אין דעם שולדיק, אויב ניט עוזרקע? (מען האָט אים שוין ניט גערופן ר׳ עוזר, נאָר עוזרקע).

די מחלוקת האָט זיך נאָך מער צעפלאַקערט ווען די ציוניסטן האָבן איין טאָג אַראָפּגעבראַכט זייערן אַ דרשן, אַ מטיף האָבן זיי אים גערופן, עפּעס אַ מאָדנעם ייד, וואָס מען האָט אין שטעטל אזוינס ניט געזען. אַ ייד מיט אַ לאַנגע באָרד און פּיאות, דאַכט זיך אַ פרומער ייד. האָט ער אָבער געטראָגן לאַנגע האָר, ווי אַ רוסישער פּאָפּ. אויך מיר אַ מגיד, ניט דאָ געדאַכט. און ווו גייט ער האַלטן זיין דרשה? אין גרויסן בית־מדרש. ריידן דברים בטלים, אפשר אפיקורסות, אין א מקום קדוש, אין זייער גרויסן בית־מדרש, מען וועט עס ניט דערלאָזן.

דעם ערשטן מאָל האָט מען געזען ר׳ עוזרן אויפגערעגט.

פאַנאַטיקער, האָט ער געשריען, זיי ווייסן ניט וואָס זיי ריידן. דער מטיף איז א באַוווסטער ייד, א גרויסער תלמיד־חכם און א פרומער ייד.

האָבן בעלי־בתים אויסגעפּירט. דער מטיף האָט ניט געהאַלטן זיין דרשה אין גרויסן בית־מדרש.

דער פּראָסטער עולם איז געווען נייגעריק צו הערן דעם נייעם מגיד, און חברה חומש האָבן אים פאַרבעטן ער זאָל דרשענען אין זייער קלויז.

בעלי־מלאכות און די יוגנט האָבן אָנגעפּאַקט די קלויז. אפילו א סך פון די יונגע בעלי־בתים האָבן זיך אריינגעגנבעט אויף טשיקאַווע הערן וואָס ער וועט זאָגן. די ווייבערשע שול איז אויך געווען פול מיט יונגע מיידלעך און ווייבלעך, און מען האָט נאָך דעם געזאָגט, אַז אזא מגיד האָט מען נאָך ניט גע־הערט. אַ מויל זיס ווי צוקער, ס׳איז געווען א מחיה אים צו הערן. און ווו אפיקורסות? אדרבא, ער האָט געהאַלטן א פרומע דרשה. ער האָט נאָר גע־

זאָגט, אז יידן דאַרפן בויען ארץ־ישראל און זיך דאָרט באַזעצן. נו, וואָס איז שלעכט? הלוואי וואָלט מען דערלעבט דערצו.

האָבן זיך טאַקע פאַרשריבן אַ סך יונגעלייט אין דער חברה. אפילו מייד־לעך און יונגע ווייבלעך האָבן געמאַכט זייער ווייבערשע חברה.

טאַטע־מאַמעס האָבן געליארעמט, אָבער קיין זאַך ניט געקענט אויפטאָן. אַן איבערגעקערטע וועלט.

און ווען ס׳איז געקומען אַ ידיעה, אז הערצל איז געשטאָרבן, האָבן חסי־דים און אנשי־מעשה געטרונקען בראָנפן.

ר׳ עוזר האָט אים מספיד געווען אין קלויז פון חברה־חומש (זייט די מעשה מיטן מטיף איז ר׳ עוזר אוועק פון גרויסן בית־מדרש אין דער קלויז פון חברה־חומש), און ער האָט געזאָגט, אז דער גרעסטער ייד פון אונדזער דור איז ניפטר געוואָרן און כל בית ישראל דאַרף זיצן שבעה נאָך אים. אזוי ווייט איז עוזר אוועק.

* * *

איז אָבער געקומען אַ טאָג ווען ר׳ עוזרס נאָמען איז צוריק אויפגעריכט געוואָרן און נאָך חשובער.

די סטאַטשקעניקעס אין שטעטל האָבן זיך צעבונטעוועט, געריסן געלט ביי די בעלי־בתים פאַר זייער רעוואָלוציע, און ווער עס האָט ניט געגעבן האָבן זיי געשלאָגן מכות־רצח. האָט דער גאָראָדאָוואָי, „די בערדל״, זיך דערפון דערוווסט און איז געקומען איינשטילן די רעוואָלוציע. זיינען די בונטאָווששיקעס אים באַפאַלן, אַראָפּגעריסן אים די שליפעס צוזאַמען מיט די בגדי־מלכות אין מיטן גאַס און אים צעשלאָגן. לית דין ולית דיין.

ס׳איז אָנגעפאַלן אַ פּחד אויף שטעטל. דער צאַר וועט ניט שווייגן, ער וועט נעמען נקמה פון די יידן, זיי האָבן אים מבייש געווען. און אזוי איז עס טאַקע געווען.

אין עטלעכע טעג ארום האָבן זיך אראָפּגעלאָזן פון דער גרויסער שטאָט אַן עלטסטער מיט סאָלדאַטן און זשאַנדאַרמען מיט פיקעס צו באַשטראָפן די בונטאָווששיקעס. זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך עפּעס אַ יידן אַ מסור, מען האָט געזאָגט אַ משומד, וואָס איז אַ זנאַכער אין די זשידאָווסקע ענינים, ער זאָל זיי העלפן געפינען די טריפה־ביכלעך. אָבער ער האָט קיין זאַך ניט געפונען.

עס האָט ניט געפּאַסט דעם עלטסטן אוועקצופאָרן מיט ליידיקע הענט. האָט ער באַפוילן דעם מסור ער זאָל ברענגען טריפה־ביכלעך און זיי באַהאַלטן אין

גרויסן בית־מדרש, צווישן די גמרהס. און עס פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן גלייך געפונען דעם אוצר אין בית־מדרש. אַלע יידן זיינען רעוואָלוציאָנערן, האָט ער געשריען, אַ סימן אַז זיי האַלטן טריפה־ביכער אפילו אין בית־מדרש.

ער האָט געשיקט רופן דעם רב מיט די חשובע בעלי־בתים און זיי געוואָרנט זיי זאָלן ארויסגעבן די פירער פון דער רעוואָלוציע. און אויב ניט, וועט ער פאַרמאַכן אַלע בתי־מדרשים.

ס׳איז געוואָרן חושך אין שטעטל. ערשטנס וויס מען ניט ווער עס האָט דאָס געטאָן. און אז זיי וואָלטן יאָ געוווסט, טאָ ווי קענען זיי ווערן מוסרים און איבערגעבן יידישע קינדער אין די הענט פון צורר?

דער רב און די בעלי־בתים האָבן זיך געבעטן ביים עלטסטן און זיך געשוואָרן אז זיי וויסן ניט. געפּרווט דעם אַלטן מיטל, געבן אין יד, עס האָט ניט געהאָלפן. ער האָט געכאַפּט אַזאַ מציאה, טריפה־ביכער אין בית־מדרש, ער וועט עס ניט ארויסלאָזן פון האַנט, ער וועט דערהויבן ווערן דערמיט.

מיט אַ מאָל איז געוואָרן אַ גוואַלד אין שטעטל, מען האָט אַרעסטירט ר׳ עוזרן.

וויזט זיך ארויס, אז ר׳ עוזר איז אוועק צום עלטסטן און געזאָגט, אז ער איז זיך מודה, ער האָט עס באַהאַלטן די ביכער אין בית־מדרש.

ר׳ עוזר איז געווען אַ חשוב אויך ביי די גויים און ביים בירגערמייסטער. און זיי זיינען געווען זיכער, אז ער איז אומשולדיק און האָט עס געטאָן נאָר כדי צו ראַטעווען די בתי־מדרשים. זיי האָבן אויך קיין זאַך ניט געקענט טאָן, האָבן מורא געהאַט זיך צו מישן מען זאָל זיי ניט חושד זיין, אז די יידן האָבן זיי אונטערגעקויפט.

מען האָט ר׳ עוזרן געבונדן די הענט — ווי אַ געפערלעכן פאַרברעכער — און אים געפירט אין דער גרויסער שטאָט, אין טורמע.

ר׳ עוזר איז געגאַנגען צווישן די זשאַנדאַרמען, ווי אַלע מאָל: אויסגעפוצט, מיטן קאָפּ פאַרריסן, שטאָלץ און רואיק. דאָס גאַנצע שטעטל איז אים נאָכגעגאַנגען באַגלייטן, ווי צו אַ לוויה.

אין דער גאַנצער געגנט ארום האָט געקאָכט. אַלע האָבן געקענט ר׳ עוזרן און באַוווּנדערט זיין גרויסקייט, ווי אַ ייד איז גרייט זיך מקריב צו זיין פאַרן כלל.

אין דער גרויסער שטאָט האָבן יידן ניט גערוט און זיך משתדל געווען אים צו באַפרייען. זיי האָבן דערלאַנגט אפילו ביז פּעטערבורג. און נאָך עטלעכע מאָנאַטן האָט מען אים באַפרייט.

ס׳איז געווען אַ גרויסע שימחה ביי יידן. דאָס גאַנצע שטעטל איז ארויס אים מקבל־פנים זיין ווען ער איז אָנגעקומען. דער רב איז אים ארויפגעפאַלן

אויפן האַלדז קושן און האָט זיך צעווײנט: „ר׳ עוזר״, זאָגט ער, „אַלע יידן קע־נען זיך ווינטשן זייער חלק עולם־הבא זאָל זיין מיט אייך — איר האָט זיך קונה עולם געווען. יש קונה עולמו בשעה אחת״.

שמייכלט ר׳ עוזר און זאָגט: „ס׳איז אַ קונץ צו זיצן אין בית־מדרש און לערנען און האָבן הנאה פון בית־מדרש? מען דארף אויך קענען זיצן פאַרן בית־מדרש, אפילו אין טורמע״.

בעלי־בתים האָבן געבעטן ר׳ עוזרן ער זאָל זיי מוחל זיין, זיי האָבן קעגן אים געזינדיקט, און ער זאָל קומען צוריק אין גרויסן בית־מדרש. —

און ר׳ עוזר האָט מסכים געווען.

# דער לערער און מאַניטשקאַ

אין שטעטל איז איין טאָג אָנגעקומען אַ יידישע פּאַרפּאָלק — דער נייער לערער פון דער שקאָלע מיט זיין ווייב. האָבן זיי זיך באַזעצט נעבן דער הייפּישער גאַס, צווישן די יידן און די גויים.

ער — אַ קליין־אויסגעדאַרטער יונגער־מאַן, מיט אַ בלייך געגאָלט פּנים און דיקע פּאַרדרייטע וואָנצעס, ווי אַ שליאַכטיטש, וואָס האָבן זיך ניט אריינגע־פּאַסט אין זיין אויסגעדאַרט יידיש פּנים. אָנגעטאָן איז ער אַלע מאָל געגאַנגען אין גאַס, אין אַ שוואַרצער לאַנגער פּעלערינע מיט אַ האַרט קאַפּעליושל אויף דעם דיקן שוואַרצן קאָפּ האָר, און אַ ברייטער שוואַרצער שלייף, וואָס האָט באַ־דעקט זיין האַלדז.

ער איז אַלע מאָל געווען ערנסט און פאַרכמורעט, ווי ער וואָלט געווען אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט. אויף קיינעם ניט געקוקט, קיינעם ניט באגריסט.

עפּעס אַ מאָדנער נפש, האָט מען אין שטעטל געזאָגט. שטעטל האָט ניט גערוט ביז מען האָט זיך דערוווסט, אַז ער איז אַ געוועזענער ישיבה־בחור, אַ רבס אַ זון, וועלכער איז ארויס לתרבות רעה: אנטלאָפן פון ישיבה, אַוועק לערנען אין די קלאַסן און געוואָרן אַן „אחר״.

האָבן יידן גלייך דערזען, אַז ער וועט אָנטאָן צרות. ער האָט ארויסגעגעבן אַ באַפעל צו די מלמדים, אַז זיי מוזן שיקן אַלע קינדער אין דער שקאָלע. דער פריערדיקער לערער איז געווען אַ גוי, האָט ער זיך ניט געמישט, ניט געוואָלט פאַרזאָרגן יידישע קינדער מיט בילדונג. איז געלעגן און געשיכורט און מלמדים האָבן געגנבעט, אָפּגענאַרט, געשיקט אין שקאָלע נאָר עטלעכע קינדער פון אַ חדר, און דאָס אויך די פּראָסטע, ניט מבטל צו זיין קינדער פון לערנען.

און נאָך אַ גזירה האָט ער ארויסגעגעבן, אַז קינדער מוזן מאַכן אוראָקן אין דער היים, און דער וואָס האָט ניט געוווסט, האָט ער געשלאָגן מיט אַ נאַ־

גייקע, פונקט ווי יידישע קינדער האָבן נאָך ניט געקראָגן גענוג געשלאָגן פון טאַטעס און רביים. האָט מען אים אין שטעטל אַ נאָמען געגעבן דער נפש.

* * *

דערפאַר איז אָבער זיין ווייבעלע געווען דער היפוך פון אים: ווי מיאוס ער איז געווען, אזוי שיין איז זי געווען, און ווי פאַרביטערט און בייז ער איז געווען, אזוי פריינדלעך איז זי געווען.

אַ יונג, שלאַנק און בלאָנד ווייבעלע, מיט אַ זיס פּנימל, אָנגעטאָן ווי אַ פּריצטע, אין אַ ברייט קלייד, אַ לויז בלוזקעלע מיט אַ שפּיצענעם קרע־געלע. אין האַנט האָט זי אַלע מאָל געטראָגן אַ שירעם מיט אַ בוך, א סימן פון אַ געלערנטע. און מען האָט טאַקע געזאָגט, אז זי איז מער געלערנט פאַר אים. זי האָט אַלעמען פריינדלעך באַגריסט, געשמייכלט, ניט ווי איר מאַן, דער מרוק. און האָט זיך נאָר געוואָלט מישן מיט יידן. געקויפט כשר פליייש, זיך קיין מאָל ניט געדונגען מיט די ווייבער, די הענדלערקעס ווען זי האָט עפּעס געקויפט, און האָט דווקא געוואָלט ריידן מיט זיי יידיש, כאָטש זי האָט ניט געקענט, ניט ווי איר מאַן, וואָס האָט נאָר גערעדט רוסיש, כאָטש ער האָט גערעדט יידיש בעסער. האָט איר שטעטל זייער ליב געקראָגן און איר גערופן „די פּריצטעלע״.

מ׳האָט ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט אזא נפש. שטעטל איז ניט געפעלן געוואָרן דער שידוך: אַ מציאה אריינגעכאַפּט, זי האָט דאָך געקענט טאָן די בעסטע שידוכים, אַזאַ פאַרשוין. היינט גיי פרעג ביי גאָט קשיות.

האָט מען אין שטעטל זיך וועגן איר אויך דערוווסט: אז זי קומט פון אַ גרויסער רוסישער שטאָט, פון געבילדעטע עלטערן, האָט געלערנט אין די גימ־נאַזיעס און אוניווערסיטעט. זיך געחברט נאָר מיט גויישקע סטודענטן. האָבן זיי זיך מיט איר געפריינדלט, ווייל זי איז געווען אַ שיינינקע, און איר אויך אָפּט געגעבן צו וויסן, אז זי איז אַ יידישע... איז איר מיאוס געוואָרן זייער געזעל־שאַפט און זי האָט זיך אָנגעהויבן חברן נאָר מיט יידישע סטודענטן, ווו זי האָט זיך באַקענט מיטן לערער, וועלכער איז געווען פאַר איר דער פאַרשטייער פון יידישקייט, און מיט אים חתונה געהאַט.

מיט דער צייט האָט זי זיך באפריינדט מיט יידישע יוגנט פון שטעטל און געוואָרן איינע פון זיי, ניט ווי איר מאַן, וועלכער האָט זיך דווקא געוואָלט חברן מיט די גויים פון דער הייפישער גאַס, ווו מען האָט אים ניט געוואָלט. אַלע האָבן איר גערופן מאַניטשקאַ.

מאַניטשקאַ איז געוואָרן אַ גרויסער פריינד מיט ר׳ עוזר דעם משכיל. זי האָט געזאָגט, אז ער איז אַ טייערער ייד און אַ גרויסער געבילדעטער מאַן.

ווען ר׳ עוזר האָט געגרינדעט די ציוניסטישע חברה „מזרחי״, איז זי גע־וואָרן זיין רעכטע האַנט, האָט אָנגעפירט מיט דער ווייבערשער חברה.

איר מאַן האָט געזאָגט, אז ר׳ עוזר וועט איר נאָך אָנטאָן אַ שייטל און איר געבן לייענען די צאינה וראינה. האָט זי אים געזאָגט, הלוואי וואָלט ער גע־ווען ווי ר׳ עוזר, וואָס איז אַ גאַנצער ייד, און א גאַנצער מענטש. „דו ביסט אַוועק פון דיין וועלט, ווו דו האָסט זיך אויפגעהאָדעוועט, מיט א שינאה, אָנגע־פילט מיט גיפט קעגן דיין טאַטנס הויז, און אַלץ וואָס איז יידיש. אין קיין אַנ־דער וועלט ביסטו ניט אריין, ווייל מ׳לאָזט דיר ניט אריין, און דערפאַר בלאָנ־דזשעסטו ארום אַ צעבראָכענער מענטש, אָן פרייד״.

ביי ר׳ עוזרן איז מאַניטשקאַ געוואָרן ווי אַן אייגן קינד. און ער האָט געזאָגט, אז זיין מאַניטשקאַ (אזוי האָט ער איז גערופן), איז שוין באַלד אַ גרע־סערע קענערקע פון אים.

דער לערער האָט זיך ניט באגנוגנט צו מאַכן די חדרים־קינדער פאַר געביל־דעטע מענטשן, ער האָט אויך אָנגעהויבן אַראָפּפירן פון וועג די עלטערע בחו־רים, זיי געגעבן לייענען אפיקורסישע ביכלעך, איינגערעדט ישיבה־בחורים זיי זאָלן לערנען השכלה. מען האָט אָנגעהויבן געפינען טריפה ביכלעך אונטער די גמרות. ער איז נאָך ערגער ווי די ציוניסטן, האָט שטעטל געזאָגט, און אים גערופן: דער „אחר״...

עס איז געווען פאר א הייליקער גויישקער חגא, איז ארויס אַ קלאַנג אין שטעטל, אז גויים גרייטן זיך צו מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן אין דעם טאָג, האָבן זיך יידן דערשראָקן און געזאָגט תהילים. אָבער מאַניטשקא האָט ניט גע־קענט זאָגן תהילים, האָט זי געזאָגט: מען דאַרף אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ — און אזוי האָט זי געטאָן.

זי האָט אָרגאַניזירט די יידישע יוגנט פון שטעטל, אירע חברים די ציוי־ניסטן און די סטאַטשקעניקעס, אַלע שמייסער־יונגען, קצבישע חברה, און איי־בערהויפּט די חברה פערדבייטערס פון ארום שטעטל, און זי איז געוואָרן די אָנפירערקע.

און מיט וואָס פאַראַ דרך־ארץ די גרויסע שטאַרקע יידן האָבן זיך באַ־צויגן צו דאָס קליינע שיינע ווייבעלע. זיי האָבן איר גערופן „יעדנעראַלקע״ און געפאָלגט וואָס זי האָט געהייסן.

איר מאַן, דער לערער, האָט געזאָגט, אז מען דאַרף ניט אויפרייצן די גויים, די אויפגעקלערטע גויים וועלן ניט דערלאָזן. אָבער מאַניטשקאַ האָט געזאָגט,

אַז די אַנטיסעמיטן צו ווענען ער וויל זיך שאַרן, וועלן זיין די ערשטע צו מאַכן דעם פּאָגראָם.

די גוים האָבן קיין פּאָגראָם ניט געמאַכט. די קאַפּיטלעך תהילים, וואָס יידן האָבן געזאָגט, און איבערהויפּט די יידישע זעלבשוץ, וועמען זיי האָבן גוט געקענט, האָט אָנגעוואָרפן אויף זיי אַ שרעק. זיי האָבן נאָך געדענקט דעם מאַרקטאָג, ווען זיי האָבן געבראָכן יידישע שויבן און זיינען אַוועק מיט צעבראָכענע קעפּ.

די הייפּישע גאַס האָט געוווּסט, אַז דעם לערערס ווייב האָט אָרגאַניזירט דעם זעלבשוץ, און אין עטלעכע וואָכן אַרום איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז דער לערער מוז פאַרלאָזן די שול.

פרומע יידן האָבן געדאַנקט גאָט, וואָס זיי זיינען פּטור געוואָרן פון דעם „אחר״, אָבער דאָס שטעטל האָט באַדויערט וואָס מאַניטשקאַ איז אויך אַוועק.

# מיין ארויספאָר און אָנקום

**א.**

מיין נאָמען אין אונדזער גאַס און אין בית־מדרש איז געווען, דעם רבס מזיק, און איך האָב עס כשר פאַרדינט. צו מיינע שטיפערייען און שטוטשקעס האָט זיך קיינער פון מיינע חברים ניט געקענט פאַרגלייכן. ווען חברה יינגלעך האָבן געדאַרפט אָפּטאָן עפּעס אַ שטיקל, בין איך געווען דער אָנפירער. ער האָט ניט קיין שלעכט קעפּל, דער מזיק, אָבער אין אים שטעקט אַ שד, און מען קען פון אים ניט אויסהאַלטן, אַזוי האָבן יידן געזאָגט. אז איך פלעג ארייַנלויפן אין בית־מדרש (איך בין קיין מאָל ניט געגאַנגען, אַלע מאָל געלאָפן), איז געוואָרן אַ פּאַניק צווישן די לערנער. מיט מיין טומל פלעג איך זיי ארויסשלאָגן פון ענין. אז עס האָט ווער פון די יינגלעך אָפּגעטאָן אַ שמד־שטיקל אין אונדזער גאַס, האָט מען געזאָגט: מסתמא איז עס דעם רבס מזיק. ווער דען?

גנבענען ליכט פון בית־מדרש איז געווען איינע פון מיינע גרעסטע תאוות, און איך האָב געהאַט אַ פאַרבאָרגענעם אָרט אויפן פּאָליש, אין בית־מדרש צווישן די שמות, און דאָרטן, צוזאַמען מיט מיינע אנדערע זאַכן, האָב איך אָנגעקליבן אַן אוצר מיט שטיקלעך ליכט. צוליב דעם איז צווישן מיר און דעם אונטערשמש פון בית־מדרש אָנגעגאַנגען אַ שטענדיקע מלחמה. ער איז מיר געווען אַ דם־שונא. איך גנבע זיינע ליכט, האָט ער געזאָגט, און אז ער האָט מיך איין מאָל געכאַפּט גנבענען, האָט ער מיר געשלאָגן. איך האָב דאָס אים ניט מוחל געווען און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט זיך מיט אים אָפּצורעכענען.

אין בית־מדרש איז געווען אַן אַלטער גרויסער שופר, וואָס מען האָט אים נאָר גענוצט פאַר ראש־השנה מקים צו זיין „ובשופר גדול יתקע". דער אונטער־שמש האָט אים געהאַלטן פאַרשלאָסן. איז מיר איינגעפאַלן צו גנבענען דעם שופר. ערשטנס, האָב איך זייער ליב געהאַט צו בלאָזן דעם שופר, און טאַקע געווען אַ גרויסער מאדים, ווי אַן אמתער בעל־תקיעה, און צווייטנס — כדי זיך אָפּצורעכענען מיטן אונטערשמש, וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פארן שופר.

ס׳איז געקומען ראש־השנה צו תקיעות, דער רב מיטן בעל־תקיעה און בעלי־בתים מיט ספרי־תורות זיינען ארויף אויף דער בימה. אין בית־מדרש איז שטיל, דער עולם וואַרט צו הערן שופר בלאָזן און דער שמש קען ניט גע־פינען דעם גרויסן שופר. און מען האָט געמוזט בלאָזן יענעם יאָר מיט אַ קליינעם וואָכעדיקן שופר, פאַר וואָס מען האָט באַרעדט דעם אונטערשמש, דעם שלים־מזל. דער שמש האָט געוווסט ווער עס האָט דאָס אים אָפּגעטאָן, און האָט גע־זאָגט: רבש״ע, עס גייט אַ נייער יאָר, איך בין אים דאָס ניט מוחל. איך אָדער דער מזיק.

אַלע האָבן מיר געמוסרט: אַ רבס אַ זון, ביסט דאָך שוין אַ בר־מיצווה בחור, שוין צייט צו ווערן אַ מענטש. ווי לאַנג איז דער שיעור.

דעם אמת זאָגנדיק האָב איך שוין טאַקע אין האַרצן געוואָלט ווערן אַ מענטש און זייער מקנא געווען די יונגע בחורימלעך, וואָס זיינען געווען ניט קיין סך עלטער פון מיר, ווען זיי זיינען געקומען צו די יום־טובים אהיים פון די ישיבות, אויסגעפּוצטע אין קאַפּעליושן און גאַרניטערס, ווי פּאַצעטן. אַנדערע האָבן שוין אפילו געהאַט זייגערס, זיך געפירט מיט שטאַט, ווי גרויסע, דער־וואַקסענע, זיך געבחורט. און איך בין נאָך אַלץ ארומגעגאַנגען אין אַ חסידיש היטנעלע מיט אַ לאַנגע קאַפּאָטע, און זיי האָבן געקוקט אויף מיר מיט גאווה, ווי אויף אַ נידעריקן פון זיי, ווי אויף אַ יינגל אַ מזיק, כאָטש איך האָב געקענט לערנען מער פאַר זיי. מיר האָט עס זייער וויי געטאָן און כ׳האָב געוואַרט אויפן טאָג ווען איך וועל שוין אויך פאָרן אין דער גרויסער ישיבה און ווערן אַ בחור גלייך מיט זיי, מיט אַ קאַפּעליוש און אַ קורצן רעקל.

איך בין געוואָרן בר־מיצווה און האָב געזאָגט אַ פשטל, וואָס האָט זייער אויסגענומען. מיינע בעקלעך זיינען מיר געווען רויט פאַר אַ לאַנגע צייט פון די קניפּן וואָס איך האָב דערפאַר געקראָגן.

ס׳איז אַ שאָד וואָס ער איז אזא מזיק, עס האָט עפּעס געקענט פון אים ארויסוואַקסן, אז ער וואָלט געווען אַ מענטש.

און איין טאָג איז מיין חלום מקוים געוואָרן. איך האָב געהערט ווי מיין פאָטער זאָגט צו מיין עלטערן ברודער, וואָס איז געקומען אויף יום־טוב אהיים פון דער ישיבה:

„דו ווייסט, שמואל, עס איז שוין צייט צו טראַכטן וועגן אַ תכלית פאַר חיימען. ער איז שוין גרייט צו פאָרן אין אַ ישיבה און ווערן אַ מענטש. ווו רעכנסטו איז פאַר אים די ריכטיקע ישיבה ?"

מיין ברודער האָט פאָרגעלייגט אַ מוסר־ישיבה, נאָווארעדאָק, ווו ער האָט אויך געלערנט א קורצע צייט. דאָרט, זאָגט ער, וועט מען אים איינצאַמען. און

מיין פאָטער האָט מסכים געווען. מיין פאָטער האָט מיר אליין אָנגעזאָגט די גוטע בשורה. ער האָט מיר אריינגערופן אין בית־דין־שטוב און געזאָגט:

„חיים, געגוג ארוימלויפן. ביסט שוין ב״ה בר־מיצווה און ס׳איז שוין צייט צו ווערן אַ מענטש און זאָרגן פאַר אַ תכלית. אי״ה גלייך נאָך יום־טוב וועסטו פאָרן אין אַ ישיבה, אין נאָווארעדאָק. דו דאַרפסט זיך אָנהייבן פירן מיט שטאַט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ ישיבה־מאַן״.

איך בין געוואָרן מלא שימחה און צוגעזאָגט, אז איך וועל ווערן אַ מענטש און תיכף געלאָפן אָנזאָגן מיט גאווה מיינע חברים די נייס, און זאָלן זיי מיר מקנא זיין.

איך האָב זיך דערפילט ווי איך וואָלט מיט אַ מאָל עלטער געוואָרן, אויס־געוואַקסן, און זיך צוגעזאָגט איבערצובייטן מיין פירונג און אָנהייבן פירן שטאַט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ נאָווארעדקער ישיבה־מאַן.

אין די טעג ווען איך האָב זיך פאַרגעסן און אָנגעפּאַנגען פּראַווען די אַלטע שטיק, האָט מען מיך גלייך דערמאָנט, אז עס פּאַסט ניט פאַר אַ נאָווארעדקער ישיבה־בחור זיך אזוי צו פירן, פלעג איך זיך דערשרעקן — טאָמער וועט מיין פאָטער חרטה האָבן און זען אז איך בין נאָך ניט ראוי פאַר דער גרויסער ישיבה. מען איז דאָך אָבער ניט מער ווי אַ לעבעדיקער מענטש, מען ווערט אַ מאָל גע־שטרויכלט, איז כדי זיך אָפּצוהיטן פלעג איך זיצן ביי אונדז אין בית־דין־שטוב צוזאַמען מיט די דערוואַקסענע איבער אַ גמרא און לערנען, כאָטש עס האָט מיר געצויגן צו מיין מאַמעס קיך, ווו איך האָב ליב געהאַט צו זיין און קענען עפּעס נאַשן.

רחל די דינסט האָט זיך שוין אויך אָנגעהויבן פירן מיט מיר ווי מיט אַ נאָווארעדקער ישיבה־מאַן, און ווען זי האָט געבראַכט טיי אין בית־דין־שטוב פאַר די לערנער האָט זי מיר אויך געבראַכט טיי און דערביי געגעבן אַ קוק אויף מיר מיט אַ שעלמיש שמייכל, ווי צו זאָגן: איך גלייב ניט, דו נאַרסט אָפּ, מען קען דאָך דיר. רחל האָט מיט מיר אויך געפירט אַ שטענדיקע מלחמה. פלעגט מיך יאָגן פון קיך, ווייל איך פלעג זיך פּלאָנטערן צווישן די פיס און כאַפּן פון די טעפּלעך, און האָט מיר דערפאַר גערופן „געשמדטער האַלדז״.

איך האָב שוין אפילו אויפגעהערט זיך חברן מיט מיינע אַלטע חברים. ס׳האָט מיר שוין ניט געפּאַסט. כ׳האָב אָנגעהויבן מאַטערן מיין מאַמען זי זאָל מיר קויפן דעם קאַפּעליוש מיטן קורצן רעקל. עס פּאַסט דאָך ניט צו פאָרן אין דער גרויסער ישיבה אין דער לאַנגער קאַפּאָטקע און מיט דאָס חסידישע היטע־טעלע. האָט מיין מאַמע מיך באַרואיקט, אז ווען מען וועט מיך נעמען צו דער באַן אין דער גרויסער שטאָט, וועט מען מיר קויפן דעם קאַפּעליוש.

מיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען זיך גרייטן צו דער רייזע, זיך פּאַקן. מיין מוטער האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט מיר געבן מיין ברודערס שטרויענעם קערבל, האָב איך גענומען דאָס קערבל און פלעג זיך פּאַקן. מען האָט פון מיר געלאַכט, עס איז נאָך דאָ אַ גאַנצער מאָנאַט, וואָס איילסטו זיך? איך האָב אָבער שוין געוואָלט פילן דעם טעם פון זיין א בעל־הבית פאר זיך, מיט מיינע אייגענע זאכן, ווי עס וועט זיין אין ישיבה.

ווען די טעג פון פאָרן האָבן זיך דערנענטערט האָט מיין מוטער מיר אויפגעגנייט דעם קורצן רעקל, און איך האָב אים גלייך אָנגעטאָן זיך צו ווייזן פאַר מיינע חברים, ווי אַ פּראַנט.

## ב.

גלייך נאָך יום־טוב, ווען דער טאָג פון פאָרן איז אָנגעקומען, האָט מיין מאַמע אליין איינגעפּאַקט מיין קערבל.

מיין אייגנס איז באַשטאַנען פון אַ קישן, אַ קאָלדרע, אַ ליילעך, אַ פּאָר העמדער מיט לאַנגע גאַטקעס — מיין ברודערס — וואָס זיינען געווען צו לאַנג פאַר מיר, אַן אַרבע־כנפות, צוויי פּאָר זאָקן און אַ ווינטערדיקע קאַפּאָטע, וואָס איז אויך געווען צו לאַנג פאר מיר, ווייל מען האָט דאָס אויפגענייט אויף אויס־צוואַקסן, מיינע תפילין, און אַ פּאָר קאָלאָשן פאַר אַן אויספּוץ. מיין מאַמע האָט מיר איינגענייט אַ גאָלדענעם פינף רובלדיקן אין ארבע־כנפות, איך זאָל האָבן פאָרן ערשטן חודש, און מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל האַלטן פאַרשפּיליעט דעם רעקל, מען זאָל מיר ניט באגנבענען. זי האָט מיר געגעבן עטלעכע זילבערנע מטבעות פאָרן וועג, מיר איינגעפּאַקט אַ פּעקעלע מיט עסן — צוויי אייער, אַ פּאָלקע הון, ווייסע בולקעס און נאָך עטלעכע זאַכן, וואָס זי האָט געוווּסט אז איך האָב דאָס ליב. און מען האָט זיך גענומען געזעגענען מיט מיר.

מיט אַ מאָל איז מיר געוואָרן אומעטיק אויפן האַרצן צו פאַרלאָזן מיין היים און כ'האָב שוין אָנגעהויבן בענקען. מיין מאַמע האָט מיר געקושט, וואָס איז מיר געווען פרעמד, ווייל מיין מאַמע האָט אונדז, יינגלעך, קיין מאָל ניט גע־קושט, און טרערן זיינען איר געשטאַנען אין די אויגן. מען שיקט אַוועק אַ קינד אין דער פרעמד. אפילו רחל די דינסט איז מיר געוואָרן נאָענט, זי האָט מיר דערלאַנגט דריי קאָפּיקעס און געזאָגט מיט טרערן: פאָר געזונט, חיימקע, און ווער אַ מענטש, אַלע האָבן געזאָרגט פאַר מיר איך זאָל ווערן אַ מענטש, און זי האָט זיך צעוויינט. די גרויסע גראָבע מויד איז געווען לייכט אויף טרערן. עס האָט מיך זייער גערירט און איך האָב זיך געמוזט איינהאַלטן פון וויינען, אַלע האָבן מיר ארויסגעוויזן אזוי פיל פריינדשאַפט און ליבשאַפט, וואָס איך

בין דערצו ניט געווען געוווינט. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך פֿאַרלאָז מיין היים אויף אייביק, און אַלץ איז מיר געוואָרן ליב און נאָענט — די שטוב, די מענטשן ארום. איך בין געוואָרן פול מיט בענקשאַפט און האָב שוין חרטה געהאַט אויפן גאַנצן ענין. צו וואָס האָב איך עס געדאַרפט? די גאַנצע שטוב איז געווען באַשעפטיקט מיט מיין פאָרן און איך בין געווען ווי צעטומלט.

די בויד איז צוגעפאָרן צו אונדזער הויז. מיין מאַמע האָט מיר ארומגעוויקלט דעם האַלדז, איך זאָל זיך ניט פאַרקילן. מיין ברודער, וואָס האָט מיך געפירט אין דער גרויסער שטאָט ארויפצוזעצן אויף דער באַן, האָט מיר אפילו ניט געלאָזן טראָגן מיין פעקל.

פון גרויס איילעניש האָבן מיר פאַרגעסן דאָס פעקעלע עסן. מיך האָט עס ניט געאַרט. מיין מוטער איז ארויסגעלאָפן שרייענדיק: חיימקע, ווײ איז מיר, האָסט דאָך פאַרגעסן דאָס פעקעלע עסן.

מיין פאָטער איז ארויס אונדז באַגלייטן, זיך געזעגענען מיט מיר. ער האָט זיך אויך צעקושט מיט מיר און געזאָגט: זאָלסט לערנען מיט התמדה און דערגרייכן אַ תכלית. ער איז געווען דער איינציקער אין שטוב וואָס איז געווען רואיק. ער האָט אפילו געשמייכלט פון נחת, וואָס ער האָט זוכה געווען צו שיקן נאָך אַ קינד אין דער ישיבה. איך האָב אפילו ניט געהערט וואָס ער רעדט צו מיר, אזוי צעטומלט בין איך געווען.

מיינע חברים זיינען געשטאַנען פון וויטן און געקוקט ווי איך פאָר אוועק, און מסתמא מיר מקנא געווען. איך בין אָבער זיי מקנא געווען וואָס זיי בלייבן אהיים — אין דער זיסער, ליבער היים.

דער בעל־עגלה האָט אונדז ארייַנגערוקט אין דעם אָנגעפּילטן וואָגן צווישן די פּעקלעך און יידן. פון דעם גאַנצן טאָג טומלעניש און בענקען האָב איך אפילו ניט געפילט די קוועטשעניש און טרייסלעניש.

מיין ברודער האָט געזען ווי פאַרצרהט איך בין, האָט ער אויף מיר רחמנות געהאַט און מיר דערמאָנט, אַז איך האָב נאָך אַ גאַנצן טאָג ניט געגעסן, און אַז אין פּעקעלע זיינען דאָ גוטע זאַכן. אָבער וועמען איז געלעגן אין זיינען עסן?

* * *

מיר זיינען אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט, אין אַ קרעטשמע. אַלץ איז דאָ געווען אזוי פרעמד און אנדערש. איך האָב זיך געפילט פאַרלאָרן אין דעם טומל, עלנט און אליין. אפילו די בעלי־עגלות און מיינע שטעטלשע יידן,

וואָס איך האָב אזוי גוט געקענט, זיינען געווען פאַריאָגט און פאַרטאָן מיט זיי־ערע געשעפטן און האָבן אויף מיר ניט געקוקט.

די איינציקע פאַרבינדונג מיט מיין היים איז געווען מיין ברודער און כדי מיך אויפצומונטערן זאָגט ער צו מיר: „קום, חיים, מירן גיין קויפן דעם קאַ־פעליוש".

דער קאַפעליוש, וואָס איך האָב וועגן אים אזוי לאַנג געחלומט, איז מיר שוין אויך ניט געלעגן אין זינען. איך וואָלט בעסער געוואָלט זיין אין דער היים אין מיין חסידיש היטעלע.

איך בין נאָכגעגאַנגען מיין ברודער אין די טומלדיקע גאַסן און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז מען קען ניט קריגן קיין קאַפעליוש וואָס זאָל פאַסן פאַר מיין קליין קעפּל. האָט אָבער דער קרעמער געפונען אַן עצה — פּאַפּיר. ער האָט אריינגעלייגט פּאַפּיר אין ראַנד פון קאַפעליוש, מיר אָנגעטאָן און געזאָגט צופרידן: ווי אָנגעפּאַסט, ווי פאַר דיר געמאַכט. מיין ברודער איז ניט געווען צופרידן. נאָר וואָס זאָל מען טאָן? מען האָט דאָך מיר צוגעזאָגט אַ קאַפעליוש.

פאַרנאַכט האָט מיין ברודער געדונגען אַן איזוואָשטשיק און מיר זיינען געפאָרן צו דער באַן. עס האָט אָנגעהויבן רעגענען, אַ דין־כמורנע האַרבסט־רעגנדל. די גרויסע גאַזאָווע לאָמפּן האָבן געלויכטן אויף די גאַסן פרעמד און אומעטיק, ווי יאָרצייט־ליכט, ניט ווי אונדזערע פריילעכע, ליכטיקע בליך־לאָמפּן שבת און יום־טוב אין גרויסן בית־מדרש, וואָס פילן אָן ס׳האַרץ מיט יום־טובדיקייט און פריילעכקייט.

מיליאָנען מענטשן, אזוי האָט זיך מיר געדאַכט, זיינען געלאָפן אין איילע־ניש איבער די ברייטע טראָטואַרן, ווי מען וואָלט זיי געיאָגט. אוי, ווי איך וואָלט געוואָלט זיין צוריק אין די היימישע פינצטערע געסלעך פון מיין שטעטל. ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. איך האָב אפילו פיינט געקראָגן דעם קאַפעליוש, וואָס איז מיר געלעגן אויפן קאָפּ ווי אַ שווערע משא. ס׳איז דאָך מיין שולד, איך האָב געוואָלט אַ קאַפעליוש.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך בין געפאָרן אויף אַ באַן. און אויף קיין וואָקזאַל בין איך אויך קיין מאָל ניט געווען. ווען מיר זיינען אָנגעקו־מען אויפן וואָקזאַל, דריטע קלאַס, בין איך אין גאַנצן צעטומלט געוואָרן. מענטשן האָבן זיך געאיילט, געלאָפן און געשריען, ווי אויף אַ יאַריד. ס׳איז געווען טונקל פון דעם אָנגעפילטן רויך, ס׳האָט געשמעקט מיט ביליגע בראָנפן, רויך און חזיר. פּויערים אין פעלצלעך, אָן היטלען, זיינען געזעסן אויף גרויסע פּעק מיט זייערע פאַמיליעס. זיי זיינען געקומען ארויסלאָזן זייערע זין צו די סאָלדאַטן, קומען זיי אַ פּאָר טעג פריער ניט צו פאַרשפּעטיקן די באַן. דערווייל זיצן זיי

און עסן רואיק, שניידנדיק דיקע פּענעצן ברויט פון אַ שוואַרצן לאַבן, און דינע פּענעצלעך שמאַלץ פון אַ חזירשע פּאָלקע, און עסן. פּויערים, אַז זיי האָבן ניט וואָס צו טאָן איז אָדער זיי עסן, אָדער זיי שיכורן. קיין תהילימלעך טראָגן זיי ניט מיט זיך, ווי יידן.

ג.

איך האָב זיך געפילט ווי אַ פאַרוואָגלטער אין אַ פרעמדער וועלט. די איינציקע פאַרבינדונג איז נאָך אַלץ געווען מיין ברודער און איך האָב זיך אפילו ניט געשעמט אים צו האַלטן פאַר אַ האַנט. און ווען ער איז אַוועק קויפן דעם בילעט און מיך אוועקגעזעצט אין אַ ווינקל אויף מיין פּעקל, אָנזאָגנדיק אַז איך זאָל זיך ניט רירן פון אָרט, האָב איך ערשט דערפילט מיין גאַנצע עלנטקייט. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער איז אוועק פאַר שעהען, כאָטש ס׳איז נאָר געווען מינוטן. איך האָב זיך דערפרייט, ווען ער איז צוריק געקומען.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און איך האָב דערהערט אַ פייף. „קום!“ זאָגט מיין ברודער צו מיר „ס׳איז דיין באַן“. איך בין אים נאָכגעגאַנגען ווי ער וואָלט מיך געפירט אין אַ טורמע. מענטשן שטופּן זיך, שרייען, און מיין ברודער שטופּט מיך אויך, האַלטנדיק מיין קערבל אין האַנט. און עס האָט אונדז געטראָפן אַן אומגליק. שטופּנדיק זיך איז מיר אַראָפּגעפאַלן מיין קאַפּעליוש פון קאָפּ. מענטשן טרעטן אויף אים, מיין ברודער שטופּט זיך, זוכט דעם קאַפּעליוש און קוים מיט צרות אים ארויסגעשלעפּט פון אונטער די פיס, אַ צעקנייטשטן און שמוציקן. אַבי מיר האָבן אים געפונען.

„טו אים אָן און האַלט אים מיט דער האַנט, ער זאָל ווידער ניט אַראָפּפאַלן“, זאָגט צו מיר מיין ברודער. „וועסט אים אָפּרייניקן אויף דער באַן“.

נאָך לאַנגע שטופּענישן (איך בין כמעט ניט געגאַנגען, מען האָט מיך געשטופּט), מיין ברודער האָט מיר געהאַלטן פאַר דער האַנט, איך זאָל ניט פאַרפאַלן ווערן, זיינען מיר צו צו דער באַן.

מיר זיינען אריין אין אַ וואַגאָן, האָט מען זיך ווידער געדאַרפט שטופּן. אַלע ערטער זיינען שוין געווען באַזעצט, האָבן מיר געפונען אַ ליידיקן ווינקל אויפן דיל און איך האָב זיך אוועקגעזעצט אויפן קערבל.

מיין ברודער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, זיך צעקושט מיט מיר און געזאָגט מיט אַ וויינענדיקן קול: „פאָר געזונט, חיימקע“. איך האָב זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטן, אין האַלדז האָט מיר געשטיקט. און ווען ער איז אראָפּ פון באַן האָב איך זיך צעוויינט, בלייבנדיק אַליין צווישן די פּויערים אין דעם האַלב פינצטערן וואַגאָן.

די באַן האָט געגעבן אַ פּייף, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אויף מיך אַ שרעק, ווי עפּעס אַ שלעכטע בשורה. דורך די פענצטער האָב איך געזען ווי עס לויפן לאָמפּן, יאָגן זיך איינע נאָך די אַנדערע, ווי שדים, און פּלוצלינג איז די באַן אַריין אין אַ פינצטערניש. מיר האָט זיך געדאַכט אַז מיר זיינען אַריין אין אַן אַנדער וועלט, אַ וועלט פון אַן אומענדלעכער אייביקער פינצטערניש, פול מיט סודות. פויערים האָבן אָנגעהויבן כראָפּען, אַנדערע האָבן נאָך געגעסן. איך באַמערק ווי אַ יונגער פויער, וואָס זיצט אויף אַ באַנק לעבן מיר מיט זיין פרוי, קוקט אויף מיר און לאַכט. ס׳איז אים, ווייזט אויס, געפעלן געוואָרן מיין צע־קנייטשטער קאַפּעליוש, וואָס איז מיר געקראָכן איבער די אויגן נאָך דעם ווי די פּאַפּיר איז אַרויסגעפאַלן פון ראַנד. איך האָב געמוזט אויסזען קאָמיש. מיך האָט עס ניט געאַרט. אָבער איך זע ווי ער שטופּט מיר אין האַנט אַ שטיקל חזיר און זאָגט עפּעס, וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען. האָט מיר פאַרדריקט דאָס האַרץ און כ׳האָב זיך צעוויינט. זיין ווייב האָט אַ פּנים אויף מיר רחמנות געהאַט, האָט זי אים מיט כעס געשלאָגן איבער דער האַנט און אויף אים געשריען, וואָס ער מאַטערט אַן עלנט קינד. איך בין איר זייער דאַנקבאַר געווען דערפאַר. זי האָט אפילו מיר געגעבן אַ גלעט איבערן באַק. איך האָב זיך דערשראָקן, אַ אשה, און נאָך דערצו אַ גויע, מען טאָר ניט, אָבער איך האָב מורא געהאַט צו פּראָ־טעסטירן.

אַן אויסגעמאַטערטער פון אַ גאַנצן טאָג בין איך, זיצנדיק אויף מיין קערבל, איינגעשלאָפן. איך האָב ניט געוווסט ווי לאַנג איך בין געשלאָפן און געוועזן ווי צעטומלט ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. עס האָט מיר גענומען אַ צייט, ביז איך האָב זיך דערמאָנט ווו איך בין. מיר איז געוואָרן פריילעכער, ווען עס איז אָנגעקומען דער פרימאָרגן און ס׳איז געוואָרן ליכטיק. מיר זיינען צוריק אַריין אין אַ ליכטיקע וועלט וואָס איך קען — וועלדער, פעלדער, הייזער, וואָס מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז ס׳איז שוין צייט צו דאַוונען, לייגן תפילין. אָבער איך האָב זיך געשעמט צו דאַוונען פאַר די גויים אין די אויגן. זיץ איך און וואַרט.

עס קומט אַריין דער קאָנדוקטאָר און שרייט אויס: ב י ל ע ט ן. עס ווערט אַ טומל צווישן די פּאַסאַזשירן. אַ סך פון זיי האָבן ניט געהאַט קיין בילעטן. ווייסן זיי אָבער וואָס צו טאָן — מען דערלאַנגט דעם קאָנדוקטאָר אין האַנט, און ער איז צופרידן, און די וואָס האָבן געהאַט בילעטן האָט ער געשאָלטן. ער קומט אויך צו צו מיר, און ווען איך גיב אים מיין בילעט שרייט ער אויס „דוראַק״. איך האָב צוגענומען זיין פרנסה. געענדיקט מיט די פּאַסאַזשירן, בייגט ער זיך איין צו זוכן אונטער די בענק און שלעפּט אַרויס אַ גרויסן פאַר־

שלאָפּענעם קאַצאַפּ, וואָס קיינער האָט אים פריער ניט געזען, און ער האָט ניט קיין בילעט. דער קאָנדוקטאָר שרייט מיט כעס אויף אים: „מאַשעניק, גנב, דו ווילסט באַגנבענען קאַזנאַ, די מלוכה״. דערשרעקט זיך דער קאַצאַפּ אויך ניט, גיט דעם קאָנדוקטאָר אין יד, און דער פאָרשטייער פון קאַזנאַ איז צופרידן.

ד.

די באַן שטעלט זיך אָפּ אויף אַ סטאַנציע. א סך פּאַסאַזשירן גייען אַרונטער, די וואַגאָנען ווערן לײדיק. מיט אַ מאָל לאָזט זיך אריין אַ קליין דאַר יידל, מיט אַ שיטער בערדל, אין אַ צקנייטשטער קאַפּאָטע און מיט א חסידיש היטל. ער קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטן ווי ער וואָלט עפּעס זוכן, מסתמא יידן. עס ווערט מיר ליכטיק אין די אויגן. איך האָב שוין אזא לאַנגע צייט ניט געזען קיין יידן. און ער זעט אויס אַ היימישער ייד, אזא אויפגעמונטערטער און לעבעדיקער. איך וויל צולויפן צו אים און אים געבן שלום־עליכם. דערווייל דערזעט ער מיר, גייט ער צו, דערלאַנגט מיר שלום־עליכם און פרעגט: „ווו פאָרסטו, בחורל?״

זאָג איך אים: „אין נאַוואַרעדאָק״.

„אין ישיבה אוודאי?״

וואונדערט מיך די פראַגע. צוליב וואָס דען פאָרט מען אין נאַווארעדאָק, אויב ניט אין דער ישיבה? און ווען איך זאָג אים אז איך פאָר טאַקע אין ישיבה, זאָגט ער צו מיר: „גוט, מירן פאָרן צוזאַמען. איך פאָר אויך אין נאַווארעדאָק, איך בין טאַקע אַ נאַווארעדקער״.

קיין בעסערע בשורה האָט ער מיר ניט געקענט אָנזאָגן, פאָרן צוזאַמען מיט אַ יידן! דערווייל ווען איך וויסן ווו ארונטערצוגיין, און דאַנק דעם רבש״ע פארן חסד וואָס ער האָט מיט מיר געטאָן און צוגעשיקט דעם יידן.

„האָסט שוין געדאַוונט?״ פרעגט ער מיר.

„ניין, איך האָב זיך געשעמט צו דאַוונען פאַר די גויים אין די אויגן״.

לאַכט דער ייד פון מיר: „פאַר זיי, פאַר די מוזשיקעס, שעמסטו זיך? אַן עם הדומה לחמור. קום, מירן וואַשן די הענט און דאַוונען, איך האָב נאָך אויך ניט געדאַוונט. נעם דעם קערבל, זיי זאָלן דיר ניט באַגנבענען״, ווייזט ער מיר אויף די פּויערים.

מיר גייען ארויס. ער ווייס ווו דאָס וואַסער איז, מיר וואַשן די הענט און קומען צוריק. דער ייד עפנט זיין פּעקל, נעמט ארויס טלית און תפילין אַ סידור און אַנדערע דאַוון־מכשירים, אַ יארמלקע, ברילן, צעלייגט זיך מיט דעם אויף אַ באַנק וואָס איז דערווייל לײדיק געוואָרן, ווי ער וואָלט געווען ביי

זיך אין חסידים־שטיבל, און הייבט זיך אָן שאָקלען, דאַוונט מיט כוונה, מיט אַ ניגון. עס גייט אים ניט אָן וואָס די פּויערים לאַכן.

איך האָב אויך אָנגעטאָן די תפילין און קוקנדיק אויף אים זיך גענומען שאָקלען מיט כוונה. מיר האָבן געענדיקט דאַוונען, ,לייגט דער ייד צוזאַמען דעם טלית און תפילין, לאַנגזאַם, ער האָט צייט, ברומט זיך אונטער אַ ניגון און רופט זיך אָן צו מיר: „ווי רופט מען דיר?“

„חיים“, זאָג איך.

„און פון וואַנען ביסטו?“

זאָג איך אים דעם נאָמען פון מיין שטעטל.

ווייזט זיך ארויס, אז ער איז אַ מאָל געווען אין מיין שטעטל, ער האָט דאָרט קרובים פון זיין ווייבס צד. און ווען ער דערוויסט זיך אז איך בין דעם רבס בחורל, צעקאָכט זיך דער ייד, ער קען מיין פאָטער: „אַ פיינער ייד, דיין טאַטע, כאָטש ער איז אַ מתנגד. מען זאָגט אז ער קען אַ סך לערנען“. ווערט מיר נאָך פריילעכער וואָס נאָך אזא לאַנגער צייט אליין זיין האָב איך געפונען אן איי־גענעם מענטשן.

„חיים“, זאָגט ער מיט אזא טאָן, ווי מיר וואָלטן שוין געווען קרובים, „דו קומסט דאָך פון דער היים, האָסטו אפשר וואָס צוצובייסן?“ דערמאָן איך זיך אָן מיין פעקעלע עסן וואָס איך האָב שוין כמעט פאַרגעסן אָן דעם, נעם עס ארויס און דערלאַנג אים. שיינט אים אויף זיין פנים ווען ער דערזעט די אייער מיט די פאָלקע הון.

„קום“, זאָגט ער אָ פריילעכער, „מירן זיך גיין וואַשן“, און רייבט די הענט הנאהדיק. קיין גרעסערן כבוד האָט ער מיר ניט געקענט אָנטאָן. איך האָב זיך געפילט ווי אַ גאַנצער מענטש, אַ דערוואַקסענער, מיט אַן אורח.

מיר איז דאָס עסן אין האַלדז ניט געקראָכן, אזוי אויסגעמאַטערט בין איך געווען. אָבער די הנאה וואָס איך האָב געהאַט, צו זען ווי מיין אורח עסט, איז געווען גרעסער ווי איך וואָלט אליין געגעסן. ער האָט געגעסן מיט אזא אַפּעטיט און כוונה, ווי ביים דאַוונען. מיר האָט זיך געדאַכט, אז ער וועט אויפעסן זיינע פינגער צוזאַמען מיט דער פאָלקע הון, און דערביי האָט ער געהאַלטן אין איין קרעכצן — אַ ביס און אַ קרעכץ. געענדיקט עסן האָט ער זיך גענומען צום בענטשן מיט אַ ניגון, און אויך מיט צופרידענע קרעכצן.

„דו ווייסט, חיים“, זאָגט ער, ווען ער האָט געענדיקט בענטשן, „דו גע־פעלסט מיר, דו וועסט קענען שטיין סטאַנציע ביי מיר. מיינע בני־בית וועלן אַכטונג געבן אויף דיר. איך זע אז דו ביסט ניט געוווינט צו זיין אין דער פרעמד“.

איך האָב גלייך מסכים געווען. דער ייד איז מיר אויך געפעלן געוואָרן. און איך זע אז גאָט האָט מיר ניט פאַרלאָזן אין מיין עלנטקייט. איך האָב צוריק געפונען אַ היים.

„חיים", זאָגט ער, „איך זאָג דיר אז עס איז טאַקע אַ מחיה צו זיין אַ ייד. איך קום איצט פון רבין, בין דאָרט געווען אויף די יום־טובים, און ס׳איז גוט צו זיין מיט אנשי־שלומנו צוזאַמען מיטן רבין. מען קריגט עלית־נשמה, מען ווערט אַן אַנדער מענטש. ס׳איז אַ שאָד וואָס ניט אַלע יידן זיינען חסידים. ס׳איז א רחמנות אויף די מתנגדים, לעבן אָפּ אַן אומעטיקן לעבן און ווייסן ניט דעם טעם פון שימחה. כאַפּן זיך אָפּ דאָס האַרץ מיט אַ בלעטל גמרא און זיינען אַלע מאָל פאַרזונקען אין עצבות. דו וועסט זיך אַ מאָל אַראָפּכאַפּן מיט מיר קיין סלאָנים צום רבין, וועסטו אליין זען".

דערווייל האָט ער דערזען מיין צעקנייטשטן קאַפּעליוש און ווי שמוציק ער איז, וואָס איך האָב שוין וועגן אים אין גאַנצן פאַרגעסן.

„זע ווי דיין קאַפּעליוש זעט אויס", זאָגט ער, „דו קענסט ניט קומען אין ישיבה מיט אזא קאַפּעליוש, ס׳איז ניט שיין. פאַרדעק דעם קאָפּ און גיב מיר, איך וועל אים אָפּרייניקן".

איך האָב פאַרדעקט מיין קאָפּ מיט אַ פּאָלע און אים געגעבן דעם קאַפּע־ליוש. ער האָט אָנגעהויבן שפּייען אויף אים און רייבן מיטן ארבל מיט אזא שנעלקייט, ווי אַן אמתער מומחה, ווי אַן איינגעווווינטע ארבעט. איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין ווו האָט זיך ביי אים גענומען אזוי פיל וואַסער אין מויל — אַ פאָנטאַן. אָבער ווען ער האָט געענדיקט, האָט דער קאַפּעליוש אויסגעזען ווי ניי. ער האָט אריינגעלייגט די פּאַפּיר פון פּעקעלע עסן אין ראַנד פון קאַפּעליוש, פונקט ווי דער קרעמער, מיר אָנגעטאָן און געזאָגט צופרידן: „אָט, אזוי זעסטו דאָך אויס ווי אַ מענטש". איך בין אים זייער דאַנקבאַר געווען דערפאַר און האָב זיך שוין ניט געפילט אזוי עלנט. איך האָב געפונען אין דעם יידן אַ פריינט און אַ באַשיצער.

דער קאָנדוקטאָר איז אריין אין וואַגאָן און אויסגעשריען „נאוואיעלנע" און מיין פריינט זאָגט צו מיר: „דאָ דאַרפן מיר אראָפּגיין, מיר זיינען שוין אהיים". מיר זיינען אראָפּ אויף דער סטאַנציע.

ה.

איך האָב נאָך קיין מאָל אויף מיין לעבן ניט געפילט אַזאַ קעלט. ניט אויס־געשלאָפן, אין מיין דינעם רעקעלע, בין איך געשטאַנען און געציטערט פון קעלט. דער ייד האָט דאָס דערזען, זאָגט ער צו מיר: „חיים האָסט גאָר ניט

קיין וואַרעמע קאַפּאָטע ? וועסט דאָך חו״ש קראַנק ווערן״. זאָג איך אים: „די קאַפּאָטע איז אין מיין קערבל״.

„גיב מיר דיין קערבל״.

ער האָט ארויסגענומען די וואַרעמע קאַפּאָטע און מיר אָנגעטאָן. ס׳איז מיר וואַרעמער געוואָרן.

פון די וואַגאָנעס האָבן זיך גענומען ארויסלאָזן יונגע־לייט, בחורים און יונגע בחורימלעך ווי איך, און ישיבה־לייט, וואָס זיינען געקומען צוריק אין ישיבה נאָך יום־טוב. די וואָס האָבן זיך געקענט פון פריער האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן אַנדערן, ווי ברידער וואָס זיינען געקומען פון דער פרעמד צוריק אהיים. זיי האָבן זיך ארומגענומען, זיך צעקושט. ניי געקומענע, ווי איך, זיינען געשטאַנען פאַרלאָרענע אליין.

די פורמאַנעס האָבן אָנגעהויבן רייסן די טשעמאָדאַנעס און פעקלעך פון די פּאַסאַזשירן, מיט קולות און קריגערייען אויף אַ יידיש וואָס איז מיר געווען פרעמד. אויך צו מיר איז צוגעגאַנגען אַ בעל־עגלה רייסן מיין קערבל. האָט אָבער מיין פריינט קיינעם צו מיר ניט צוגעלאָזן: „וואַרט״, זאָגט ער, „מיר האָבן צייט, ס׳וועט קאָסטן ביליגער״. און ווען עס איז שטילער געוואָרן, די פּאַסאַזשירן האָבן זיך צעזעצט אין די וועגענער, איז ער צו צו אַ בעל־עגלה, וואָס זיין פור איז נאָך ניט געווען פול, און זיך אָנגעהויבן דינגען מיט אים. ווען זיי זיינען צורעכט געקומען מיטן מקח זאָגט צו מיר מיין פריינט אַ צופרידענער: „זיי וואָלטן דיר אָפּגעשונדן די הויט, די גזלנים, ווען זיי זעען אַ יונג קינד. עס קאָסט דיר אַ סך ביליגער״, און גיט אויף מיר אַ קוק ווי ער וואָלט געוואָלט זען אויב איך פאַרשטיי, וואָס ער האָט פאַר מיר געטאָן. „ס׳איז אַ שאָד וואָס איך האָב דיך פריער ניט געטראָפן, די באַן וואָלט דיר אויך געקאָסט ביליגער״.

פון דער סטאַנציע ביזן שטעטל איז נאָר עטלעכע וויאָרסט. אָבער מיר האָט זיך געדוכט, אז עס האָט גענומען אַן אייביקייט. עס האָט מיך צעטרייסלט און צעבראָכן פון דער וואַרפעניש. ווייזט זיך ארויס, אז מיין פריינט האָט אויסגעקליבן אַ ביליגן בעל־עגלה, מיט אַ פערדל אַ פּאַדלע און אַ צעבראָכענעם וועגל — עס זאָל קאָסטן ביליגער.

קוים דערלעבט צו זען דאָס שטעטל. דער בעל־עגלה האָט אונדז אראָפּגעלאָזן אויפן מאַרק, און איך האָב געמוזט טראָגן מיין קערבל, וואָס איז מיר געווען שווער, אויסגעמאַטערט פון דער רייזע. מיין פריינט האָט דאָס געזען און מיר געהאָלפן.

ו.

מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ שטיבל, אַ האַלב איינגעפאַלענע, ווו עס האָבן זיך ארומגעדרייט מיידלעך מיט שמוציקע צעריסענע קליידלעך און צעשויבער־טע האָר. די מעבל איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר צעבראָכענע בענקלעך מיט אַ טישל און בעטלעך. אַן אַלטע יידענע, אויך שמוציק און אָן ציינער, מיט אַ פּאַ־טשיילע אויפן קאָפּ, האָט אויסגעזען ווי אַ גייענדיקער פעקל שמאַטעס. ווען זי האָט אונדז דערזען, איז זי ארויס מיט קולות:

„ס׳קאַצל קומט. מיין מציאה האָט זיך איינגעפונען. מיין פאַרדינער איז דאָ, אַ גליק האָט מיר געטראָפן. אַוועק צו דיינע חסידים די שיכורים און אונדז איבערגעלאָזן יום־טוב אויף גאָטס באַראָט״.

„שריי ניט, באַשע״, זאָגט מיין פריינט רואיק, ווי ער וואָלט זיך געריכט אויף דעם קבלת־פנים. „מיר האָבן אַ גאַסט, דאָס בחורל וועט שטיין מיט אונדז״, און קוקט זיך איין אויף מיר פאַרשעמט, ווי איך וואָלט געווען די פאַרגיטיקונג פאַר זיין אוועקגיין פון שטוב פון די יום־טובים. „גיב אונדז בעסער אַ גלעזל וואַרעמס, מיר זיינען פאַרמאַטערט״.

„אַנדערש פּאַסט אים ניט, נאָר טיי, מיין פאַרדינער״.

מיין פריינט האָט מיך אריינגעפירט אין אַ קליין שמוציק צימערל, ווו ס׳זיינען געשטאַנען צוויי צעבראָכענע בעטלעך. „דאָ וועלן מירביידע שלאָפן״, זאָגט ער.

עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דאָ וועל איך דאָס דארפן לעבן? נאָר וואָס זאָל איך טאָן? „כך דרכה של תורה״, אז מען וויל לערנען אין דער גרויסער ישיבה, זוכן אַ תכלית און ווערן אַ מענטש, מוז מען אָפּקומען. דער ייד האָט געזען מיין פאַרלעגנהייט זאָגט ער, אז מ׳וועט באַלד אויפראַמען.

אַ מיידל האָט אונדז אריינגעבראַכט צוויי שמוציקע גלעזער טיי, האָט אוועקגעשטעלט מיט כעס. איך האָב שוין ניט געקוקט, ס׳איז געווען הייס און איך האָב זיך אָנגעוואַרעמט.

מיין פריינט איז געזעסן פאַרטראַכט און פאַרשעמט. ער איז שוין ניט גע־ווען דער זעלבער צעקאָכטער, לעבעדיקער חסיד וואָס איז באַן. ער האָט זיך געשעמט מיר צו קוקן אין די אויגן פאַר בושה צוליב דעם קבלת־פנים וואָס ער האָט געקראָגן פון זיין ווייב.

„די ווייבער״, זאָגט ער ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַר מיר פאַרענטפערן, „זיינען קיין מאָל ניט צופרידן, האָבן אַלע מאָל טענות. איך בין געפאָרן צום רבין אויף יום־טוב טאַקע, ווייל איך האָב געוואָלט זיין מיטן רבין און מיט אנשי שלומנו, אָבער דער עיקר בין איך דאָך געפאָרן צוליב זיי״ — ווייזט ער אויף

דאָס אַנדערע צימער — „בעטן דעם רבין פאַר פּרנסה. און דאָס איז דער דאַנק וואָס מען קריגט".

איך האָב געזען אַז מיין פריינט, מיין באַשיצער דאַרף האָבן אַ באַשיצער מער פאַר מיר און האָב געקראָגן רחמנות אויף אים, און זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין וואָס איך זוך שוץ ביי דעם צעבראָכענעם יידן. איך בין דאָך געפאָרן אין דער ישיבה צו ווערן אַ מענטש פאַר זיך און פיר זיך אויף ווי אַן פאַרלאָרן יינגל, און זוך שוץ ביי אַלעמען. איך מוז זיך שטאַרקן און אויסוואַקסן, ראוי צו זיין פאַר דער גרויסער ישיבה. און ווי באַשלאָסן זאָג איך צו מיין פריינט, אַז איך גיי זען די ישיבה.

„וואָס איילסטו זיך?" זאָגט ער מיר עפּעס ניט זיכער, „רו זיך אויס אפריער".

איך האָב אָבער שוין געוואָלט פּטור ווערן פון זיין שוץ אויך ווערן אַ מענטש פאַר זיך.

# נאָוואַרעדקער ישיבה

## א.

די ישיבה, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער בית־מדרש, מיט אַ לאַנגן פּאָליש, איז געווען פול מיט ישיבה־לייט. איך האָב נאָך אַזוי פיל יונגע מענטשן אויף איין אָרט אין מיין לעבן ניט געזען. עס איז געווען לעבע־דיק, פריילעך. ישיבה־לייט פון אַלערליי געשטאַלטן און אָנטאָן — דינע און לאַנגע, ברייטע און קורצע, מיט בערד און בערדלעך. יונגע בחורימלעך אויסגע־פּוצטע אין נייע היט און גאַרניטערס, אין ברילן און פּענסנע, חסידישע יונגע־לייט מיט לאַנגע פּיאות און לאַנגע קאַפּאָטעס. אַלץ האָט מיך געוווּנדערט. איך האָב אויך געמיינט, אַז אין די גרויסע ישיבות טראָגן אַלע קאַפּעליושן. דער טומל איז געווען גרויס. די וואָס זיינען געקומען צוריק פון דער היים נאָך יום־טוב, אַלט־איינגעזעסענע, האָבן זיך געפרייט צו זען זייערע אַלטע חברים וואָס זיינען געבליבן אין ישיבה איבער די יום־טובים. מען האָט זיך ארומגעכאַפּט און געקושט ווי פריער ביי דער באַן. זיי זיינען געשטאַנען אין גרופּעס און גע־שמועסט, געשפּאַצירט ארומגענומען, ווי פריינט. עס האָט מיר אויסגעזען עפּעס ווי אַ גרויסע פאַמיליע, וואָס איז זיך צוזאַמענגעקומען אויף אַ שימחה. ביי־געקומענע, ווי איך, זיינען געשטאַנען אָן אַ זייט, אליין, ווי געסט אויף אַ פרעמ־דער חתונה. איך בין מקנא געווען די יונגע בחורימלעך, וואָס זיינען שוין גע־ווען אַלט־איינגעזעסענע און האָבן אויך אָנטיילגענומען אין דער שימחה. איך האָב ניט געוווּסט וואָס איך דאַרף טאָן.

עס האָט ניט געדויערט לאַנג און עס קומט צו צו מיר אַ בחור, גיט מיר אָפּ שלום־עליכם און פרעגט: „פון וואַנען זייט איר?"

איך האָב לכתחילה ניט געוווּסט וועמען ער מיינט דאָס. צום ערשטן מאָל הער איך ווי מען אירצט מיר. איך האָב אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, ער האָט

אויף מיר געמאַכט אַן אויסטערלישן איינדרוק מיט זיין אויסזען: אַ הויכער אויסגעצערטער יונגער בחור מיט אַן אויסגעלייטערט־בלייכן פּנים, אויף וועלכן עס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן שפּראָצן אַ יונג שיטער בערדל, באַדעקט מיט רויטע קרענקלעכע פּלעקן. די גרויסע פאַרחלומטע אויגן האָבן אויסגעדריקט ערנסטקייט און תמימותדיקע אמונה. ווען איך האָב אים געזאָגט דעם נאָמען פון מיין שטעטל, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ער קומט פון ביאַליס־טאָק, וואָס מיין שטעטל איז ניט ווייט פון דאָרט. ער האָט געקענט מיין שטעטל.

איך האָב זיך גלייך געפילט היימיש מיט אים. ער פרעגט מיר אויב איך האָב שוין אַ סטאַנציע, דערצייל איך אים וועגן דעם יידן, וואָס איך האָב געטראָפן אויף דער באַן.

„איך וואָלט וועלן גיין זען ר׳ יויזלען״, זאָג איך אים, און ווייז אים מיין פאַטערס בריוו וואָס איך האָב צו ר׳ יויזלען. ווען ער דערוויסט זיך אַז מיין פאָטער איז אַ רב, בין איך געוואָרן ביי אים אַ שטיקל יחסן.

„קומט״, זאָגט ער, „מירן גיין צום אַלטן״. איך האָב ניט געוווּסט, אַז מען רופט ר׳ יויזלען „דער אַלטער״. ביי אונדז אין שטוב, ווו מען האָט אָפט דערמאָנט זיין נאָמען האָט מען אים גערופן „ר׳ יויזל מיט די לעכער״. מען האָט דערציילט, אַז ער איז געזעסן פאַרשפּאַרט אין אַ צימער פאַר יאָרן און געלערנט מוסר, און אין זיין צימער איז געווען צוויי לעכער. דורך איינער האָט מען אים דערלאַנגט פליישיקע עסן און דורך דער צווייטער — מילכיקע, כדי די כלים זאָלן זיך ניט פאַרמישן. און דערפאַר האָט מען אים גערופן ר׳ יויזל מיט די לעכער.

ביי ר׳ יויזלען אין שטוב איז אויך געווען פול מיט ישיבה־לייט. עטלעכע טעג נאָך יום־טוב איז נאָך געווען יום־טובדיק אין ישיבה, ביז וואַנעט די נייגעקומענע האָבן זיך איינגעאָרדנט. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט ר׳ יויזלען ווי אַ קליין אויסגעדאַרט יידל מיט פאַרחלומטע אויגן און אַ חלוש, ווי אַ מענטש פון די עולמות העליונים, און איך בין געוואָרן זייער פאַרווונדערט צו זען אַ מיטל־ווּקסיקן ברייטן יידן, מיט אַ געלב־גרויע באָרד און אַ יונג לעבעדיק געזיכט, לויפט אַרום פון איין ישיבה־מאַן צום צווייטן, קושט זיך מיט עטלעכע זיינע נאָענטע, קלאַפּט זיי אויף די פּלייצעס מעשה גוטער ברודער, ווי איינער פון זיי, ווי ער וואָלט געווען דער פאָטער פון דער ישיבה־משפּחה. עס האָט געשפּריצט פון אים מיט פייער און ענערגיע. איך האָב ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס מען רופט אים „דער אַלטער״. ער האָט דאָך מער לעבן ווי די אַלע יונגע ישיבה־לייט. ער האָט אויך געמוזט זיין אמאָל אַ מזיק ווי איך.

דער ביאַליסטאָקער האָט מיך צוגעפירט צו אים און מיך פאָרגעשטעלט. איך האָב אים געגעבן שלום־עליכם און דערלאַנגט מיין פאָטערס בריוו, וועמען ער האָט נאָך געקענט פון סלאַבאָדקע.

אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיין פנים. ער איז געווען צופרידן וואָס מיין פאָטער האָט אויסגעקליבן זיין ישיבה פאַר מיר, און זיך נאָכגעפרעגט אויף מיין פאָטער. ער האָט מיר אויך געאירצט.

„ברוך השם״, ענטפער איך פרום, ווי עס פאַסט זיך פאַר אַ ישיבה־מאַן. איך האָב אים אויך געוויזן אַ בריוו, וואָס מיין ברודער האָט מיר געגעבן צו זיינעם אַ חבר, אַ באַוווסטער בחור אין די ישיבות, אָבער ניט קיין מוסרניק. איז ר׳ יויזל דערפון ניט געווען צופרידן און זאָגט צום ביאַליסטאָקער: „נעמט אים אריין אין אייער סטאַנציע״. און צו מיר זאָגט ער: „אַז איר וועט זיך איינאָרדענען, קומט מיר זען״.

ב.

איך בין זייער צופרידן געווען צו שטיין סטאַנציע מיטן ביאַליסטאָקער. ער איז מיר זייער געפעלן געוואָרן. כ׳האָב זיך שוין געפילט היימיש מיט אים, ווי מיט אַן עלטערן ברודער.

ער איז מיט מיר מיטגעגאַנגען צו מיין סטאַנציע נעמען מיינע זאַכן. האָט די יידענע געהאַט טענות — ס׳איז איר ישיבה־בחור. אָבער ווען דער ביאַליס־טאָקער האָט איר געזאָגט, זיך אַנטשולדיקנדיק, אַז ר׳ יויזל וויל איך זאָל שטיין סטאַנציע מיט אים, האָט זי זיך נעבעך ניט געקענט העלפן.

איר מאַן, האָב איך געזען, איז געווען צופרידן פון דעם. ער האָט געזען, אַז זיין הויז איז ניט קיין אָרט פאַר מיר. ער איז אונדז נאָכגעגאַנגען און גע־זאָגט צום ביאַליסטאָקער: „גיט אכטונג אויף אים. ער איז ניט געוווינט צו זיין אין דער פרעמד״. און צו מיר זאָגט ער: „חיים, איך וועל דיר קומען זען״. ער האָט נאָך אַלץ געזאָרגט פאַר מיר.

דער ביאַליסטאָקער האָט מיר ניט געלאָזן טראָגן מיין קערבל. עס האָט ניט געהאָלפן מיין פּראָטעסטירן אַז איך קען אליין טראָגן, און ווי קומט ער מיר צו באַדינען? זאָגט ער: „וואָס אַרט אייך אַז איך וועל פאַרדינען די מיצווה פון הכנסת־אורחים און הטבה?״

איך האָב אפילו ניט געוווּסט וואָס הטבה מיינט. ווייזט זיך ארויס, אַז אין ישיבה זיינען געווען בחורים וואָס זייער מיצווה איז געווען צו העלפן ניי־געקו־מענע זיך איינאָרדענען און זיי באַזאָרגן מיט סטאַנציעס, און דער ביאַליסטאָ־קער איז געווען איינער פון זיי.

מיר זיינען אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע. אַ ברייטע יידענע האָט אונדז באַגעגנט מיט אַ פריינדלעך־גוטן פּנים. זאָגט דער ביאַליסטאָקער: „בעל־הביתטע, דער בחור וועט שטיין מיט אונדז".

„אַ דאַנק", זאָגט זי, און נעמט גלייך צו מיין קערבל. ווי אַן אייגענע מאַמע וואָלט געטאָן, מיך אריינגעפירט אין אַ צימער, וואָס איז געווען ריין אויפגעראַמט און מיר געוויזן מיין בעטל.

זי האָט פאַר מיר אויסגעפּאַקט מיין קערבל, געמאַכט פאַר מיר דאָס בעט מיט מיינע בעטגעוואַנט און זאָגט: „איר מוזט דאָך זיין פאַרמאַטערט פון וועג, רוט זיך אויס". איך בין טאַקע געווען פאַרמאַטערט און גלייך איינגעשלאָפן.

דער ביאַליסטאָקער האָט מיך אויפגעוועקט צו מיטאָג, איך בין שוין טאַקע געווען הונגעריק.

ביים טיש זיינען שוין געזעסן אַלע סטאַנציעניקעס. כמעט אַלע זיינען געווען עלטערע בחורים, אויסער איינער, וואָס איז געווען אַ יונגער ווי איך, אָבער שוין אַן אַלט־אייגעזעסענער.

זיי האָבן מיר אַלע אָפּגעגעבן שלום־עליכם, ווי חברים, און האָבן מיך אויפגענומען מיט אַ סך פריינדשאַפט, אריינגענומען אין זייער פאַמיליע. מ'האָט מיך אוועקגעזעצט אין מיטן פון טיש. אייניקע פון זיי האָבן געקענט מיין שטעטל און געדענקט מיין ברודער, וואָס האָט געלערנט אין ישיבה. איך האָב זיך טאַקע גענומען פילן, ווי איך וואָלט געקומען צו אַן אייגענער משפחה.

ביים טיש האָט זיך אנטוויקלט אַ וויכוח אין לערנען. איין בחור האָט געבראַכט אַ ראיה פון אַ גמרא און האָט געמאַכט אַ טעות אין דעם לשון פון דער גמרא. איך בין גראָדע געווען קלאָר אין דעם ענין, און איך ווייס ניט ווו עס האָט זיך ביי מיר גענומען די מוט, און כ'האָב אים פאַרריכט דעם טעות. דאָס איז דערלויבט צווישן לערנער, מען האָט זיך געמעגט שפּאַרן אפילו מיט עלטערע. אַלע האָבן מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. איך האָב אויך ארויסגעזאָגט מיין מיינונג אין דעם וויכוח, וואָס האָט אויסגענומען. דער ביאַליסטאָקער, האָב איך געזען, האָט געהאַט הנאה פון דעם, ווי זיינער אַ יינגערער ברודער וואָלט אויסגענומען. איך דערמאָן זיך דעם עפּיזאָד ניט ווייל איך וויל זיך באַרימען, נאָר ווייל דאָס האָט געהאַט אַ ווירקונג אויך מיר פאַר די אַלע יאָרן וואָס איך האָב געלערנט אין נאַוואַרעדאָק. איך האָב געקראָגן אַ נאָמען פאַר אַ גוט בחורל.

מיר האָבן געענדיקט עסן, האָב איך זיך דערמאָנט, אז ר' יויזל האָט מיר געהייסן קומען אים זען. בין איך אַוועק צו אים אין שטוב. ער האָט מיך אויפגענומען פריינטלעך, זיך נאָכגעפרעגט אויב איך האָב פריער געלערנט אין אַן

אַנדער ישיבה, און ווען איך האָב אים געזאָגט אַז דאָס איז מיין ערשטע ישיבה און מיין פאָטער האָט מיט מיר אַליין געלערנט, זאָגט ער, אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין. איך האָב געוואָרט ער זאָל מיר פאַרהערן אין לערנען, אָבער ער האָט דאָס ניט געטאָן. ר׳ יויזל האָט זיך פאַרנומען אין ישיבה מיט מוסר, און ניט מיטן לערנען.

זיין פרוי, וואָס איז געקומען פון דעם זעלבן שטעטל ווי מיין מוטער, פון סלאַבאָדקע, און האָט זייער גוט געקענט מיין פאַמיליע דאָרט, האָט זיך דערפרייט מיט מיר און האָט מיר געזאָגט: „איר מוזט קומען אונדז אָפט באַזוכן״. איך בין ביי איר געווען ניט סתם קיין ישיבה־בחור, נאָר אַן אייגענער.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען: פאַר דער גאַנצער צייט וואָס איך האָב געלערנט אין נאוואַרעדאָק, איז ר׳ יויזלס שטוב געווען כמעט מיין היים. ר׳ יויזל איז שוין געווען פאַרנומען מיט אַנדערע, און איך, ניט ווענלדיק אים שטערן, בין אַוועק צוריק אין ישיבה.

ס׳איז געווען פאַר מינחה, די ישיבה איז געווען פול, און איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין וואָס עס קומט פאָר. ישיבה־לייט אין גרופּקעס פון צוויי און דריי שפּאַצירן ארום איבער דער ישיבה און ריידן צווישן זיך מיט ברען און עקסטאַז. אַ סך עלטערע בחורים גייען ארום מיט יינגערע און עס זעט אויס ווי זיי וואָלטן אויפגעקלערט עפּעס אַ שווערן ענין. עס האָט מיר אויסגעזען ווי עפּעס וואָלט געשען אין ישיבה. זיך נאָכפרעגנדיק האָט מען מיר דערקלערט, אַז דאָס איז די בירזשע. אַזוי איז עס איינגעפירט אין ישיבה, אַז אַ גאַנצע שעה פאַר מינחה שמועסט מען אין מוסר, און עלטערע זאָגן אַ רעיון אין מוסר פאַר די יינגערע. די ניי־געקומענע האָט מען נאָך דערוויל ניט אריינגענומען אין דער בירזשע.

נאָך מינחה האָבן די ישיבה־לייט זיך צעזעצט ביי די טישן און שטענדערס און געלערנט אין מוסר ספרים, דעם מסילת ישרים, חובת הלבבות א״א. זיי האָבן געלערנט מיט כוונה, מיט אַ ספּעציעלן ניגון. אַנדערע האָבן נאָר געקוקט און געשעפּטשעט שטיל, ווי ביי אַ תפילה. איך האָב אויך גענומען אַ חובת הלבבות און געקוקט, ניט פאַרשטייענדיק אַ וואָרט פון דער הייכער מוסר־פילאָסאָפיע.

אין מיטן איז אריין ר׳ יויזל און ארומגעגאַנגען פון איין טיש צום צווייטן, געקוקט וואָס מען לערנט. מיט עטלעכע בחורים האָט ער זיך איבערגעביטן מיט אַ וואָרט. ער איז פאַרביי מיין טיש און געזען אַז איך לערן דעם חובת הלבבות, האָט זיך מיר געדאַכט אַז ער האָט געגעבן אַ שמייכל. איך האָב זיך פאַרשעמט.

נאָך מעריב זיינען עטלעכע עלטערע בחורים ארומגעגאַנגען לייען געלט פון די, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון דער היים און האָבן געוויס געבראַכט געלט מיט זיך. דאָס איז געווען אַ מין גמילות־חסד, זיי זאָלן קענען אויסלייען געלט צו די וואָס נייטיקן זיך. איך האָב זיך דערמאָנט אָן מיינע פינף רובל, וואָס איך האָב שוין כמעט געהאַט פאַרגעסן אָן דעם, ביט זייענדיק געוווינט צו האָבן אזוי פיל געלט מיט זיך. איך גיב זיך אַ טאַפּ אין ארבע־כנפות און דער־שרעק זיך — דאָס געלט איז ניטאָ. איך האָב געטאַפּט ניט אין דעם ריכטיקן אָרט און האָב זיך דערפרייט געפינענדיק דעם ריכטיקן אָרט. ס׳האָט זיך מיר זייער געוואָלט מען זאָל קומען לייען אויך ביי מיר געלט, מיר אָנטאָן דעם כבוד צו טאָן די מיצווה, און עס וואָלט געמיינט, אז זיי האָבן מיך שוין אָנערקענט פאַר איינעם פון די ישיבה־לייט. זיי זיינען אָבער צו מיר ניט געקומען — אַ סימן, אז איך האָב נאָך דערוויל דערצו ניט דערגרייכט.

די פינף רובל האָב איך אָפּגעגעבן דער בעל־הביתטע, פאַר מורא דאָס צו טראָגן מיט זיך, ניט צו פאַרלירן. די בעל־הביתטע פרעגט מיר אויב איך וויל אַ דריטל אָדער אַ פערטל, פארשטיי איך ניט וואָס זי מיינט. דערקלערט זי מיר, ס׳זיינען דאָ בחורים, די עלטערע, וואָס עסן אַ דריטל פונט פלייש צו מיטאָג, און די יינגערע עסן אַ פערטל פונט. זופּ קריגן אַלע גלייך — אזוי איז איינגעפירט אין אַלע סטאַנציעס. עס זיינען אויך געווען רייכע, וואָס האָבן געגעסן אפילו אַ האַלב פונט, האָט מען זיי געהאַלטן פאַר עולם־הזהניקעס און נאַשערס, וואָס פון זיי וועלן שוין קיין גרויסע זאַכן ניט ארויסקומען. אַ פערטל, זאָג איך, און מיין בעל־הביתטע איז געווען צופרידן.

ג.

נאָך מעריב, ווען מען האָט אָפּגעגעסן אָוונטברויט, זיינען אַלע ישיבה־לייט געקומען צוריק אין ישיבה. איך האָב זייער ליב געהאַט דאָס לערנען ביינאַכט ביי אונדז אין שטעטלשן בית־מדרש, און אויך איצט אין ישיבה.

אין ישיבה איז געווען ליכטיק און וואַרעם, אלע ישיבה־לייט פריילעכע און אויפגעראַמטע, פול מיט ווילן און חשק צו לערנען, זיינען געווען צעזעצט ביי די טישן און שטענדערס און מיט ליכטיקע פּנימער זיך געשאָקלט איבער די גמרות. עס האָבן אָפּגעקלונגען די געזאַנגען פון לערנען אין ישיבה און ארום, ניט ווי מוסר וואָס מען לערנט מיט אַן אומעטיקן ניגון און עס וואַרפט אָן אַ טרויער. איך האָב אויך גענומען אַ גמרא און מיטגעלערנט מיט געשמאַק און מיט אַ ניגון און זיך געפילט דערהויבן צו זיין אַ טייל פון זיי, אַ חבר פון אזא

חברותא. איך בין מיט איין מאָל געוואָרן אַ מענטש, אויס יינגל, אַ ישיבה־מאַן פון דער גרויסער ישיבה.

אין אַ קורצער צייט ארום האָב איך זיך איינגעלעבט אין ישיבה מיט פריינט און חברים. געקראָגן אפילו אַ נאָמען צווישן מיינע חברים פאַר אַ גוטן חבר. דאָס וואָס איך בין געווען אַ מקורב ביי ר׳ יויזלען אין שטוב האָט מיר אויך געהאָלפן. כ׳האָב ניט געבענקט מער אַהיים און געוואָרן זעלבשטענדיק. די ישיבה האָט פאַרנומען ביי מיר דעם אָרט פון מיין שטעטל, די חברים, מיין משפחה, און די סטאַנציע — מיין היים. איך האָב געלערנט מוסר מיט חשק כדי אויסצונעמען ביי ר׳ יויזלען. מיך האָט אויך אימפּאָנירט צו ווערן ניט סתם אַ ישיבה־בחורל, נאָר אַ ישיבה־מאַן מיט אַ נאָמען, אַ מוסרניק. די שפּראַך פון מוסר איז מיר געווען באַקאַנט נאָך פון דער היים, ווי אַרבעטן אויף מידות, שבירת הרצון, שבירת היצר, ביטול היש. איך האָב זיך פאַרטיפט אין מוסר, געלערנט פון עלטערע, זיך צוגעהערט צו זייערע שמועסן, פלעג גיין אויף דער בירזשע און געוואָרן אַ גאַנצער מוסרניק. אָבער דער עיקר האָב איך זיך פאַר־נומען מיטן לערנען און געוואָרן אַ מתמיד. צוליב דעם בין איך דאָך געפאָרן אין ישיבה — זוכן אַ תכלית.

די ישיבה איז געווען צעטיילט אויף מוסרניקעס, די מקורבים פון „אלטן״, וואָס דער עיקר איז ביי זיי געווען לערנען מוסר און אַרבעטן אויף מידות. צווישן זיי זיינען ניט געווען די גוטע שאַרפע קעפּ, די גרויסע לומדים פון ישיבה.

דער צווייטער טייל זיינען געווען די גרויסע לומדים, די חריפים און בקי־אים, וואָס זיינען געזעסן יום ולילה און געלערנט. מוסר האָבן זיי נאָר געלערנט אין די שעהן, וואָס זיינען געווען אַ מוז אין דער ישיבה. קיין ראש־ישיבה, וואָס זאָל זאָגן שעורים, איז אין נאוואַרעדאָק ניט געווען. יעדער ישיבה־מאַן האָט גע־לערנט פאַר זיך. אָבער דער גרעסטער טייל האָט געלערנט די זעלבע מסכתא, כדי מען זאָל זיך קענען מפלפל זיין און באַהאַנדלען שווערע ענינים. עס האָט אָפט געטראָפן, אז עס איז געבאָרן געוואָרן א קשיא אין דער ישיבה, אַ שווערע קשיא: פאַר וואָס איז די הלכה אין אַ געוויסן פאַל אזוי, און אין אַ צווייטן פאַל, וואָס זעט אויס דאָס זעלבע, איז די הלכה פונקט פאַרקערט. ס׳ווערט די קשיא פון דער ישיבה. פאַר טעג אַמפּערט מען זיך, ישיבה־לייט שטייען אין גרופּעס און פּילפּולן זיך וועגן דעם ענין. מען שפּאַרט זיך, מען ברענגט ראיות פון אַנדערע ערטער, מען מאַכט פאַרגלייכונגען, די קעפּ רוען ניט, עס מאַטערט אַלעמען. מען איז פאַרנומען מיט דעם ביים לערנען, ביים שפּאַצירן און אויף די סטאַנציעס. אַלע זוכן צו געפינען אַ תירוץ, א צעטיילונג פון די צוויי פאַלן. יונגע בחורים נעמען אויך אַן אָנטייל, זיי שפּאַרן זיך אויך צווישן זיך, שאַרפן די

יונגע מוחות, נאַשן פון די עלטערע, מען רופט עס אין דער ישיבה פּילפּול הגיון, און אז איינער געפינט דעם ריכטיקן תירוץ, וואָס מען נעמט עס אָן, קריגט ער אַ נאָמען פאַר אַ חריף. מיר האָט זייער אימפּאָנירט דאָס פּילפּולען זיך און כ'האָב גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דעם.

אזוי איז אוועק אַ גאַנצער זמן. איך האָב זיך איינגעלעבט אין דער ישיבה און געוואָרן אַן אַלט איינגעזעסענער, א תושב מיט אַ שטיקל נאָמען אין לערנען און אויך אין מוסר.

## מיין ראש־הוועד

מיט איין מאָל האָט זיך אַלץ געביטן. עס האָט זיך דערוועקט אין מיר דער אמאָליקער מזיק, דער לץ, און איך האָב אָפּגעטאָן אַ שפּיצל צוליב וועלכן אַלע מיינע דערגרייכונגען פאַר דער גאַנצער צייט זיינען געוואָרן צו גאָרנישט.

עס איז געווען איינגעפירט אין דער ישיבה, אז די יונגע בחורים האָבן אין גרופּעס פון צען געהאַט אַ וועד מיט אַ ראש־הוועד, אַן עלטערן בחור, א באוווס־טער מוסרניק, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן וועד, געזאָגט פאַר זיי רעיונות אין מוסר צוויי מאָל אַ וואָך און אכטונג געגעבן זיי זאָלן זיך פירן ווי מוסרניקעס. איך האָב אויך געהערט צו אזא וועד.

די אָוונטן וואָס מיר פלעגן זיך טרעפן אין וועד זיינען געווען פאַר מיר אַן אָפּקומעניש, איך האָב זייער פיינט געהאַט דעם ראש־הוועד. ערשטנס, האָט ער ניט געקענט לערנען, געהאַט אַ שווערן קאָפּ, און דערפאַר האָב איך פאַר אים קיין דרך־ארץ ניט געהאַט. און דערצו איז ער געווען דער מיאוסטער מענטש, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן געזען: אַן אלטער בחור, א נידעריקער, אַ דיקער, כמעט אַ פּירקאַנטיקע פיגור. אויף זיינע ברייטע פּלייצעס איז געלעגן א קליין קעפּל מיט אַ דיקן האַלדז, און אַ קורצער באַוואַקסענער שטערן, ווי ביי אַ מאַל־פּע. זיין נאָז איז געווען מגושמדיק ברייט, און איבערהויפּט דאָס מויל מיט די ליפּן, וועלכע זיינען געווען אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן פּנים, און די גראָבע ליפּן זיינען נאָכגעהאַנגען, זיך נאָכגעשלעפּט ווי ביי אַ זשאַבע. און אז ער האָט גערעדט האָט ער געפּאַטשט מיט זיי און געשפּיגן, אז מען האָט קוים געקענט פארשטיין וואָס ער רעדט. זיינע קליינע אייגעלעך זיינען אַלע מאָל געווען בייז און מיר האָט זיך געדאַכט — פול מיט יצר־הרע. ער האָט קיין מאָל ניט גע־שמייכלט, ניט געזאָגט קיינעם קיין גוטן וואָרט, שטענדיק מוסרן, סטראַשען מיט גיהנום. איך האָב געזען אז ער האָט אלץ און אלעמען פיינט, איבערהויפּט זיך, פאַר וואָס ער איז אזוי מיאוס, ווי די וועלט וואָלט אים אויסגעשפּיגן. האָט

ער געפונען אַ טרייסט אין מוסר, אין ביטול היש, אז די וועלט איז סיי ווי סיי גאָר ניט און ער האָט מבטל געווען אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיטן לעבן. איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי קען אזא מענטש זיין אַ מוסרניק וואָס לערנט הטבה און חסד?

אין וועד איז אויך געווען איינגעפירט, אז יעדער חבר האָט געהאַט אַ ביכע־לע און אין אים זיינען געווען איינגעשריבן די נעמען פון פאַרשיידענע עבירות, ווי ליצנות, רכילות, לשון־הרע, הרהורים רעים א״א. און אז אַ חבר האָט גע־פילט אז ער האָט עובר געווען אויף איינע פון די עבירות, האָט ער אָנגע־צייכנט די עבירה און געדאַרפט געבן אַ קנס. אין אָוונט האָט מען באהאנדלט וויפל דער קנס דאַרף זיין. איינע האָבן פאַרגעלייגט אַ קאָפּיקע פאַר אן עבי־רה, ווי ס׳איז אַלע מאָל געווען. אָבער דער ראש־הוועד האָט אויסגעשריען: צוויי קאָפּיקעס! מען דארף זיך באשטראָפן האַרט, עס זאָל ווי טאָן, מען זאָל זיך אָפּהיטן. איך האָב געזען אז ער האָט הנאה וואָס מען וועט דאַרפן ליידן האַרט, און עפּעס איז מיט מיר געשען, כ׳האָב געוואָלט ווי טאָן דעם ראש־הוועד און אָפּלאַכן פון אים. ס׳האָט זיך אין מיר דערוועקט דער אַמאָליקער מזיק, דער לץ און איך רוף זיך אָפּ מיט שפּאָט, אז אַ קאָפּיקע איז אויך צו טייער. איך לייג פאַר צוויי פאַר אַ דרייער, דאָס הייסט — צוויי עבירות פאַר אַ קאָפּיקע און אַ האַלב. ווי מען דינגט זיך אין אַ קראָם.

ס׳איז געוואָרן אַ געלעכטער אין וועד. דער ראש־הוועד האָט אויסגעשטעלט אויף מיר זיינע אויגן, פאַרוואונדערט און פול מיט שינאה, געוואָלט עפּעס זאָגן און האָט פאַר כעס ניט געקענט עס ארויסריידן קלאָר. מיר האָט זיך געדאַכט אז ער האָט מיר גערופן „פּושע ישראל״. ער האָט פאַרמאַכט דעם מוסר־ספר און ארויסגעלאָפן.

מיינע חברים וואָס האָבן מיט מיט מיטגעלאַכט און געווען מיינע פריינט, האָבן דערפילט אז איך בין באַגאַנגען א געפערלעכע זינד. אויסגעלאַכט מיט גרינגשעצונג ניט נאָר דעם ראש־הוועד מיטן וועד, נאָר די גאַנצע ישיבה. קיינער האָט מיר ניט געמוסרט, נאָר זיי זיינען שווייגנדיק ארויס פון צימער און מיר געלאָזן אליין.

* * *

איך האָב געפילט אז זיי האָבן זיך פון מיר דערווייטערט ווי פון אַ מוחרם, און האָב פאַרשטאַנען, מיט חרטה, אז איך בין באַגאַנגען אַ גרויסן פעלער, אז אַלע מיינע דערגרייכונגען אין ישיבה פאַר דער גאַנצער צייט האָב איך מיט איין מאָל פאַרלאָרן, אוועקגעוואָרפן. וואָס זאָל איך איצט טאָן? גיין אין סטאַנציע

און זיך טרעפן מיט מיינע חברים דאָרט? איך האָב דאָך זיי אויך אויסגעלאַכט און זיי באַצאָלט מיט ביטול פאַר דער פריינדשאַפט וואָס זיי האָבן מיר געגעבן: מיך אריינגענומען ווי אַ גלייכן מיט זיי, עלטערע פאַר מיר, בעסערע פאַר מיר, פאַר וועמען איך דאַרף האָבן דרך־ארץ. איך האָב פארשוועכט אַלץ וואָס ביי זיי איז טייער, זיך אויפגעפירט ווי עפּעס אַ יינגל, אַ זשוליקל.

עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. איך בין אוועק אין דער ישיבה. דאָרט איז געווען טונקל, ליידיק פון לערנער, אויסער דעם פּרוש, וואָס איז געזעסן אין זיין ווינקל, ווי שטענדיק, מיט א מוסר ספר. האָב איך אויך גענומען אַ מוסר ספר און גענומען לערנען. איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם מאמר „ליצנה אחת דוחה מאה תוכחות" און געזען ווי אמת דאָס איז. הלוואי וואָלט איך געלערנט מער מוסר, וואָלט עס מיט מיר ניט פּאַסירט. מיין האַרץ איז געווען שווער און פול מיט חרטה. איך האָב דערזען די וויכטיקייט פון לערנען מוסר. איך בין געזעסן אַ לאַנגע צייט פאַרטיפט אין דעם ספר. נאָך דעם בין איך אַוועק אויף דער סטאַנציע, ווען איך בין געווען זיכער אז אַלע שלאָפן שוין. מיין קריאַת־שמע יענע נאַכט איז געווען פול מיט געבעט און טרערן.

ס׳האָט מיר גענומען אַ לאַנגע צייט איינצושלאָפן און ס׳האָט זיך מיר געחלומט, אז איך ליג אין אַ קופּע מיסט מיט אַ הונט, כ׳וויל אנטלויפן און קען זיך ניט רירן. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט באַגאָסן מיט אַ שווייס און מער ניט געקענט שלאָפן. איך בין אַוועק אין ישיבה, האָב זיך אויסגעקליבן אַ ווינקל, ניט מיין שטענדיקן אָרט, און גענומען לערנען מוסר, און אזוי געשטאַנען אויפן אָרט, ביז די ישיבה האָט זיך אָנגעפילט. איך האָב מיינע אויגן ניט אויפגעהויבן, ניט צו זען קיינעם, זיך געשעמט צו קוקן מיינע חברים אין די אויגן. אלע וויסן דאָך שוין מסתמא פון מיין זינד.

נאָכן דאַוונען בין איך אוועק אויף דער סטאַנציע. די חברים זיינען שוין געזעסן ביים טיש צו פרישטיק. קיינער האָט אויף מיר ניט געקוקט, אלע האָבן זיך דערוויטערט פון מיר. אַלע האָבן שוין געוווּסט וואָס איך האָב אָפּגעטאָן. דער איינציקער, ווי מיר האָט זיך געדוכט, וואָס האָט געקוקט אויף מיר מיט רחמנות, איז געווען דער ביאַליסטאָקער.

נאָכן עסן בין איך אוועק אין ישיבה און זיך געשטעלט אין מיין ווינקל, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, אליין. און אָט קומט אריין ר׳ יויזל, ווי אַלע מאָל אין דער צייט. ער גייט פאַרביי די טישן, דערזעט מיר אין מיין ווינקל, קוקט ניט אויף מיר, און שרייט אויס „לאָבוז".

אז ער וואָלט מיך געפּאַטשט וואָסט עס מיך אזוי ניט באַליידיקט. ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט מיט אזוי פיל ביטול צו מיר, ווי ער וואָלט געזאָגט: פאַר

אַזעלכע ווי דו, לאָבוזעס, איז אין מיין ישיבה קיין אָרט ניטאָ. און כ׳האָב טאַקע געפילט, אז אין ישיבה איז מער קיין אָרט ניטאָ פאַר מיר.

איך בין ארויס פון ישיבה, זיך ארומגעדרייט איבער די גאַסן, זיך געפילט ווי אַן ארויסגעטריבענער, און ניט געוווסט וואָס צו טאָן. אנטלויפן פון ישיבה קען איך ניט, איך בין נאָך שולדיק אין סטאַנציע פאַר אַ מאָנאַט, אַנטלויפן ווי עפּעס אַ גנב.

אַ פּאָר טעג בין איך אזוי ארומגעגאַנגען. כ׳פלעג קומען אויף דער סטאַנציע ווען אַלע האָבן שוין געענדיקט עסן. מיין בעל־הביתטע האָט אויך אויף מיר רחמנות געהאַט און מיר ניט דערמאָנט מיין זינד. אדרבא, זי האָט זיך באַ־צויגן צו מיר נאָך מיט מער פריינדשאַפט.

אין עטלעכע טעג ארום איז מיר אָנגעקומען דאָס חודש־געלט פון דער היים מיט אַ בריוו פון מיין פאָטער. און ווי אַלע מאָל שרייבט ער צו מיר: לערן מיט התמדה און ווער א מענטש. איך האָב זיך געפילט ווי אַן אָפּנאַרער. מיין מוטער שפּאָרט אָפּ פון הויז־הוצאות מיר צו שיקן געלט, כדי איך זאָל קענען זיצן און לערנען. וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך אויף דעם געלט? איך האָב באַשלאָסן אז ס׳איז דאָ פאַר מיר נאָר איין עצה — טאָן תשובה, לערנען מוסר און געפינען אַ תיקון.

* * *

פון דעם טאָג אָן בין איך געוואָרן אַן אמתער מוסרניק. פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, ווי אַ יונגער פּרושל, בין איך געזעסן אין מיין ווינקל פאַרטיפט אין מוסר ספרים. איך האָב פאַרנאַכלאָזיקט דאָס לערנען גמרא, און זייער ווייניק פאַרבראַכט אויף דער סטאַנציע, ניט גע־נומען קיין אָנטייל אין די געשפּרעכן פון מיינע חברים, געפּראַוועט התבודדות, ווי אַן אמתער פּרוש.

אין ישיבה האָט מען געזען ווי איך האָב זיך געביטן, געוואָרן אַ בעל־תשובה, און מ׳האָט זיך אָנגעהויבן באַציען צו מיר פריינטלעך, איבערהויפּט האָט זיך דערנענטערט צו מיר דער ביאַליסטאָקער נאָך מיט מער וואַרעמקייט ווי פריער.

איין טאָג, ווען מיר זיינען געווען אליין אויף דער סטאַנציע, רופט זיך דער ביאַליסטאָקער אָפּ צו מיר: „חיים״ (רופט מיר ניט ביי מיין שטעטלשן נאָמען, און דאָס האָט געקלונגען אזוי אינטים און וואַרעם, ווי אַן עלטערער ברודער), „איר האָט שוין מסתמא אַ סך געשטיגן אין מוסר (ער האָט געוואָלט אָנהייבן

אַ געשפּרעך מיט מיר). „מוסר איז אַ גרויסע זאַך. מען קומט דורך מוסר צום אמת, צו שלימות און תשובה, ווי די חכמים זאָגן, במקום שבעל תשובה עומד, צדיקים גמורים אינם יכולים לעמוד״.

טרערן זיינען מיר געשטאַנען אין די אויגן פאַר דאַנקבאַרקייט צו אים. ער איז מיר געוואָרן נאָך נענטער.

„זאָגט מיר, ביאַליסטאָקער, וואָס זאָל איך טאָן כדי צו פאַרריכטן מיין זינד, וואָס איך בין באַגאַנגען?״

„גייט״, זאָגט ער, „צום ראש־הוועד און בעט אים מחילה, איר האָט קעגן אים געזינדיקט, אים מבייש געווען״.

„איך האָב זיך מערער מבייש געווען״, זאָג איך.

„איר האָט זייער ריכטיק געזאָגט, אָבער זיך האָט איר שוין איבערגעבעטן, איר זייט שוין אָפּגעקומען. איר וועט אויך דאַרפן גיין צום אלטן און ביי אים אויך בעטן מחילה. ער וועט אייך געוויס מוחל זיין״.

איך האָב אים גלייך געפאָלגט, אַוועק צום ראש־הוועד, אים געבעטן: „זייט מיר מוחל, איך האָב קעגן אייך געזינדיקט״.

גיט ער אַ קוק אויף מיר מיט זיינע בייזע אויגן און זאָגט: „מוחל, מוחל״. איך האָב ניט געוווּסט אויב ער איז מיר טאַקע מוחל, אָדער ער האָט מיך אויסגעלאַכט.

דעם זעלבן טאָג בין איך אויך געגאַנגען צו ר׳ יויזלען, אים בעטן ער זאָל מיר מוחל זיין. אז זיין טאָכטער האָט מיר געזען, האָט זי זיך דערפרייט: „דו האָסט שוין לאַנג געדאַרפט קומען צום טאַטן״ — זי האָט מיר געדוצט ווי אַן אייגענעם. „גיי אריין און בעט אים איבער״.

ביי ר׳ יויזלען האָט מען ניט געדאַרפט קלאַפּן אין טיר און בעטן רשות אריינצוגיין צו אים אין חדר — זיין טיר איז אַלע מאָל געווען אָפן פאַר אַ ישיבה־מאַן, וואָס איז געקומען זיך דורכריידן מיט אים. ס׳האַרץ האָט מיר געקלאַפּט פאַר פּחד. ר׳ יויזל איז געזעסן ביים טיש און לעבן אים איז געזעסן אַ יונגער רב, אַ תלמיד פון זיין ישיבה. ווען ער האָט מיר דערזען, האָט זיך מיר געדאַכט, אז ער האָט געגעבן אַ שמייכל, און ווי ער וואָלט מיר צוגערופן צו זיך, פרעגט ער: „נו?״ דאָס איז געווען זיין לשון, ווען ער האָט געוואָלט פרעגן אַ בחור ווי ער האַלט אין מוסר.

„רבי״, זאָג איך, „די גמרא זאָגט כל הנגעים אדם רואה חוץ מנגעי עצמו. אַ כוהן קען זען אַ נגע ביי אַן אַנדערן, ניט ביי זיך״. דאָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן אן אנדער ענין, אָבער איך האָב עס גענוצט פאַר זיין פּראַגע.

„און ווי איז, אז די נגע איז אַ גרויסע?״ פרעגט ער מיר.

ענטפּער איך: „רבי, װאָס גרעסער די נגע איז, אַלץ װײַטער איז מען פון אמת".

קוקט ער זיך איין צופרידן אויפן רב און זאָגט: „איר זעט מײַנע פּרחי־כהונה".

איך װיל אים בעטן מחילה און װייס ניט װי אָנצוהייבן. ר׳ יויזל זעט דאָס און װיל מיר העלפן. זאָגט ער װי צו זיך, גוטמוטיק: „מיר זײַנען אַלע געװען פון צײַט צו צײַט לאָבוזעס. מיר זײַנען נאָך הײַנט אויך אַמאָל לאָבוזעס".

איך האָב געזען אַז ער האָט מיר מוחל געװען און ס׳איז מיר געװאָרן לײַכט אויפן האַרצן. אַראָפּ פון מיר אַ שװערע זינדיקע משא.

„קומט, לאָמיר גיין דאַװנען מינחה", זאָגט ר׳ יויזל.

איך בין זיי נאָכגעגאַנגען פון הינטן מיט דרך־ארץ. אָבער װען מיר זײַנען געקומען צו דער ישיבה, רופט זיך אָן ר׳ יויזל צו מיר:

„קומט מיט אונדז צוזאַמען".

מיר זײַנען אַרײַן אין ישיבה, און ר׳ יויזל איז געבליבן שטיין מיט מיר פאַר אַ װײַלע און גערעדט צו מיר מיט אַ שמייכל. ער האָט געװאָלט װײַזן, אַז ער האָט מיר מוחל געװען.

## דער רוסישער

פון דעם טאָג האָב איך צוריק פאַרנומען מײַן אָרט אין ישיבה. מײַנע חבֿרים האָבן מיר מער ניט דערמאָנט מײַנע אַלטע זינד. ס׳איז פאַרגעסן געװאָרן. איך האָב זיך צוריקגעקערט צו דער גמרא און געלערנט מיט התמדה. אָבער איך בין געבליבן אַ מוסרניק, אַרומגעגאַנגען אַלע מאָל פאַרטראַכט אין מוסר, זיך געחברט מיט עטלעכע מוסרניקעס. אָבער פאַר אַ חבר אין לערנען האָב איך דווקא אויסגעקליבן ניט קיין מוסרניק, מען האָט אים גערופן דער רוסישער. ער איז געװען עלטער פון מיר, א לעבעדיקער בחור, אַ קאָך. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ, אָבער ער איז געװען הינטערשטעליק אין לערנען פאַר זײַן עלטער. ער האָט אָנגעהויבן לערנען שפּעט.

דער רוסישער האָט מען אים גערופן, װײַל ער איז געקומען פון אַ שטאָט אין רוסלאַנד, װוּ זײַן פאָטער איז געװען א רב. ער האָט גערעדט גוט רוסיש. אפילו זײַן יידיש איז געװען מיט אַ רוסישן אַקצענט. מען האָט געזאָגט אין ישיבה, אז ער האָט געלערנט אַ צײַט אין אַ גימנאַזיע, פאַר װאָס מען האָט געהאַט דרך־ארץ אפילו אין נאָװאַרעדקער ישיבה אויך.

פאַר דער קורצער צייט וואָס ער האָט געלערנט אין ישיבה איז ער זייער פיל געשטיגן אין לערנען. מיר האָבן געלערנט צוזאַמען און געוואָרן זייער נאָענטע חברים. אָבער ער איז ניט נאָר נישט געווען קיין מוסרניק, ער האָט אפילו פיינט געהאַט מוסר און מוסרניקעס און אָפּגעלאַכט פון זיי. מיר האָט עס זייער ווײ געטאָן.

איין מאָל, ווען ער האָט מיר געטראָפן פאַרטיפט אין אַ מוסר ספר, האָט ער מיר געזאָגט: „חיים, דו וועסט נאָך ווערן ווי זיי. גיי אַוועק פון זיי. זייער מוסר זעט מיר אויס עפּעס ווי אַ פאַבריק, ווו מען ארבעט אויס בחורים מיט מידות, ווי מען אַרבעט אויס לעדער אין אַ פאַבריק. זיי דרייען אייך אויס די הענט מיט די פיס און ארבעטן אויס צעקוועטשטע פרושים, וואָס זיי האָבן ארויסגעצויגן פון זיי דעם רוח־חיים". איך האָב פאַרמאַכט די אויערן, ניט געוואָלט הערן אַזעלכע רייד קעגן מוסר. האָט ער פון מיר געלאַכט: „ס'איז אַ שאָד די צייט. לערן בעסער, וועסטו עפּעס דערגרייכן".

ס'איז מיר איינגעפאַלן, אז איך טאָר זיך מיט אים ניט חברן — ער וועט מיר אראָפּפירן פון וועג. אָבער ער איז מיר געוואָרן אַ נאָענטער ליבער חבר, און ס'איז מיר געווען שווער זיך מיט אים צו שיידן. איך האָב געוואָלט אויף אים ווירקן, ער זאָל בייטן זיין מיינונג וועגן מוסר.

איין מאָל, ביי אזא געשפּרעך, זאָג איך צו אים: „רוסישער, איר זייט אומ־גערעכט. אייער שלעכטע מיינונג וועגן מוסרניקעס איז דערפאַר, וואָס איר קענט ניט און לערנט ניט קיין מוסר. זיי זיינען גאַנצע מענטשן, אָן ספקות, זיי ווייסן זייער וועג, פירן זיך ווי מוסר לערנט, מיט מידות".

שלאָגט ער מיר איבער און זאָגט מיט שפּאָט: „זיי זיינען גאַנצע מענטשן? צעקוועטשטע מוסרניקעס, צעבראָכענע פרושים, וואָס שוועבן צווישן צוויי וועלטן פון רוחניות און גשמיות, מיט הונגעריקע ניט באַפרידיקטע יצר־הרעס. די גשמיותדיקע וועלט האָבן זיי צעבראָכן און אין רוחניות דראַפּעגען זיי זיך אויף גלאַטע ווענט מיט די אויגן צום הימל, און קענען צו קיין זאַך ניט דער־גרייכן".

* * *

איך האָב מיט אים וועגן דעם מער ניט געוואָלט ריידן, זיך געראַנגלט צו פאַרגעסן זיינע ליצנות. אָבער זיינע ווערטער האָבן דאָך איבערגעלאָזן אויף מיר אַ רושם. און ווען איך האָב זיך צוגעקוקט און געזען ווי אַ סך פון די מוסר־ניקעס זיינען צעבראָכן און אויסגעפייניקט פון ארבעטן אויף מידות, האָבן מיר

זיינע ווערטער אָנגעהויבן מאַטערן — אפשר איז ער טאַקע גערעכט? אפשר איז אין די אמתן און אין די פירונגען פון די מוסרניקעס ניט אַלץ אמת?

מיט דער צייט זיינען ביי מיר די ספקות געוואַקסן. און ווען איך האָב איין מאָל געזען ווי ישיבה־בחורים גייען ארויס אין גאַס מיט איבערגעקערטע קאַפּאָטעס, ווי פורים־שפּילער, כדי מען זאָל פון זיי לאַכן, און דורך דעם אויס־רייסן פון זיך די תאוות פון כבוד און גאווה (מ׳האָט טאַקע פון זיי געלאַכט), האָט עס מיר זייער ווייי געטאָן. איך האָב ניט פאַרשטאַנען ווי די ישיבה לאָזט עס צו. ווו איז דער כבוד פון דער ישיבה? פון דער תורה, וואָס אַ תלמיד־חכם דאַרף אָפּהיטן לויטן דין? ס׳איז דאָך נאָך ערגער ווי מיין זינד וואָס איך בין באַגאַנגען, אויסלאַכנדיק דעם וועד מיט דעם ראש־הוועד.

דערווייל בין איך עלטער געוואָרן, אונטערגעוואַקסן און אויסגעצערט גע־וואָרן. מיין שטימע האָט זיך געביטן פון אַ יונג־יינגלשער צו אַ צעבראָכענעם מאַנסבילשן קול, וואָס איז מיר אַליין אויך פרעמד געווען. די אויגן זיינען מיר גע־וואָרן שוואַך פון לערנען טאָג און נאַכט. האָב איך אָנגעטאָן פענסנע, ווי דער־וואַקסענע בחורים טראָגן. עס האָבן אָנגעהויבן וואַקסן ביי מיר אויפן געזיכט שוואַרצע הערעלעך מיט רויטע פרישטשיקלעך — עפּעס ניט מיין פּנים.

און איין מאָל, ווען איך בין צופעליק פאַרביי אַ שפּיגל און דערזען ווי איך האָב זיך געביטן, איז מיר באַפאַלן אַ שרעק. כ׳האָב זיך כמעט ניט דערקענט. מיין אויסגעצויגן פּנים, דער צעקנייטשטער הוט מיט די פענסנע — האָב איך שוין טאַקע אויסגעזען ווי אַ יונגער פּרושל.

דער יצר־הרע שלאָפט אויך ניט. איך בין געוואָרן רייף, מיט יונגע הייסע בלוטן און תאוות. און לערנענדיק מוסר, ווו עס זיינען אויסגערעכנט די שלעכ־טע תאוות און ווו זיי ווערן פאַרמיאוסט, האָט דאָס אויף מיר אָנגעהויבן ווירקן פאַרקערט. די תאוות וואָס איך האָב פריער ניט געפילט האָבן מיך אָנגעהויבן רייצן און פאַרפירן.

אין שכנות מיט מיין סטאַנציע איז געווען אַ גרויסע רייכע הויז, ווו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען אַלע נאַכט יונגע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן געלערנט אין דער שטאָטישער גימנאַזיע. זיי האָבן אָנגעפילט די גאַס מיט זייער זינגען און טאַנצן און פריילעכן געלעכטער. זיי האָט ניט געמאַטערט דער מה חובתו בעולמו, ניט געצאָלט קיין קנס פאַר הרהורים רעים, ווי מיר, מוסר־ניקעס. דערפאַר האָבן מיר אָבער אָנגעהויבן מאַטערן די הרהורים רעים. איך בין געלעגן אין די נעכט אין בעט, זיך צוגעהערט צו זייער געזאַנג און פריילעכ־קייט און זיי מקנא געווען. מיר האָט זיך געדאַכט, אז אויך אַנדערע חברים פון מיין סטאַנציע שלאָפן ניט און הערן זיך צו. מסתמא האָט זיי אויך גערייצט דעם

שכנס הויז און דערוועקט אין זיי הרהורים רעים. איך בין שוין ניט געווען זיכער, אז מיר, מוסרניקעס, זיינען דאָס די גאַנצע מענטשן, וואָס אַרבעטן אויף מידות, מאַכן חשבונות, חשבונו של עולם, און קוועטשן אויס פון זיך דאָס לעצ־טע ביסל לחלוחית, ווי דער רוסישער זאָגט. איך האָב אָנגעהויבן רעוואָלטירן, מאַכן מיינע אייגענע חשבונות — ניט קיין מוסרדיקע.

## מיין ערשטע „ליבע"

דווקא אין די טעג, ווען די מלחמה צווישן מיין מוסר און דעם שכנס הויז האָט מיך געמאַטערט, האָט דער שטן מיר אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, כדי נאָך מער צו מאַטערן. דאָס איז געווען אין אַ שיינעם, ווונדערבאַר־זוניקן פרילינג־טאָג, וואָס האָט אָנגעפילט אַלץ מיט פריילעכקייט און גלוסטן. די טעג האָבן מיך אַלע מאָל דערמאָנט פרילינג אין מיין שטעטל, דער אויפגעלעבטער טייך, די גרין־געוואָרענע לאָנקעס און פעלדער, וואָס איך האָב שוין אַ לאַנגע צייט ניט געזען, און דערוועקט אין מיר אַ נאָגעניש און בענקעניש. מיין סטאַנציע איז גע־ווען ליידיק און אומעטיק. אַ סך פון מיינע חברים זיינען זיך צעפאָרן אין אַ דער־בייאיקן דאָרף אויף דאַטשע. אויך דער ביאַליסטאָקער איז אוועקגעפאָרן, ניט צוליב עולם־הזה, דער דאָקטאָר האָט אים פאַרזאָגט, אז ער מוז פאָרן צוליב זיין געזונט. ער האָט מיר זייער געפעלט. בין איך ארויס נאָך מיטאָג פון סטאַנציע, ווי אַלע טאָג, צו גיין אין ישיבה. איך בין געגאַנגען, ווי מיין שטייגער, פאַר־טראַכט און כ'האָב פלוצלינג, ניט קוקנדיק, דערפילט, אז איך האָב זיך אָנגעג־שטויסן אויף אַ מענטשן. און אויפהייבנדיק די אויגן, וואָס איך האָב אַלע מאָל געהאַלטן ארונטערגעלאָזן, ווי אַלע מוסרניקעס, האָב איך דערזען פאַר זיך אַ יונג מיידל. מיין פאַרלאָרנקייט איז געווען אזוי גרויס, אז איך האָב זיך אויס־געגליטשט און געהאַלטן ביים פאַלן. דאָס מיידל האָט מיך אָנגעכאַפּט איך זאָל ניט פאַלן. זי האָט מיר אָנגענומען מיטביידע הענט און איר געזיכט האָט זיך אָנגערירט אָן מיין געזיכט. איר געזיכט איז געווען צאַרט און וואַרעם. אַ זיסער ציטער איז מיר אַריבער דורך מיין גאַנצן גוף, ווי אַ בליץ. איך בין געבליבן שטיין פאַרגאַפט. דאָס ערשטע מאָל האָב איך געהאַט אזא נאָענטע באַרירונג מיט א אשה. און זי איז געווען אזוי שיין. זי האָט געהאַט גרויסע, אומשולדיק־קינדישע בלויע אויגן און אַ קלאָר, זוניק־ווייס פּנימל. אירע גאָלדענע דיקע צעפּ זיינען איר געהאַנגען אויף די אַקסלען אונטער אַ קליין סטודענטישע היטעלע, וואָס האָט געהאַט מיידלשן חן און רייץ. זי האָט גע־שמייכלט צו מיר פאַרשעמט און צניעותדיק, און זיך אַנטשולדיקט. איך האָב זיך

אויך געוואָלט אַנטשולדיקן, אָבער מחמת פאַרלאָרנקייט ניט געקענט ארויסריידן קיין וואָרט. כ׳בין געבליבן שטיין, קוקנדיק אויף איר, צעמישט און דערשראָקן. און ווי נאָר זיך דערמאָנט, אז מען טאָר ניט קוקן אויף אַ אשה, הייב איך אָן, ניט ארויסריידנדיק קיין וואָרט, לויפן אין ישיבה. דערהער איך ווי מען רופט איר פון שכנס הויז: רחלע, האָסט דאָך פאַרגעסן דעם שירעם. זי האָט עפּעס געענטפערט, וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען, אָבער איר שטימעלע איז געווען שיין און זיס, ווי ביי אַ קינד. דערוויייל האָב איך זיך דערוווסט, אז איר נאָמען איז רחלע. מיין געזיכט, ווו זי האָט מיר אָנגערירט, האָט מיר געברענט מיט קינס צייכן, ווי אַ באַרירונג מיט זינד.

איך בין אריינגעפאַלן אין ישיבה צעטומלט און, ווי אַלע מאָל, גענומען לערנען, איז מיר אָבער דאָס לערנען אין קאָפּ ניט געקראָכן. רחלע איז מיר געשטאַנען פאר די אויגן. ס׳איז מיר איינגעפאַלן, אפשר איז זי גאָר אַ פאַרשטעלטע לילית, וועלכע האָט זיך פאַרשטעלט פאר רחלען מיך אַראָפּצופירן פון וועג. מען האָט געהערט אזעלכע זאַכן. איך האָב גענומען א מוסר ספר זיך צו שטאַרקן און פאַרגעסן אָן רחלען. איך דערמאָן זיך אָן דעם מאמר הקנאה, והתאווה, והכבוד מוציאין את האדם מן העולם. איך האָב קיין מאָל ניט פאַרשטאַנען קלאָר וואָס תאווה איז, און איצט איז מיר קלאָר געוואָרן דער סוד פון תאווה, די שלעכטס וואָס עס קען ברענגען. און רחלע איז דער שליח צו דערוועקן אין מיר די תאווה, כאָטש זי האָט אויסגעזען אומשולדיק און א צנועה. ווייס מען דאָך, אז יענע לייט פאַרשטעלן זיך פאַר צנועהלעך אויך.

און אזוי טראַכטנדיק, קומט אריין דער רוסישער, ווי שטענדיק, מיר זאָלן לערנען צוזאַמען, און געפינט מיר ביים מוסר ספר. שמייכלט ער און זאָגט: „מוסרניק, האָסט שוין געהאַט הרהורים רעים וואָס דו ווילסט פאַרטרייבן. וואָס עפּעס לערנסטו אין מיטן טאָג מוסר?"

איך האָב געפילט ווי ער לאַכט פון מיר און אים ניט געענטפערט. מיר האָבן גענומען לערנען. מיין קאָפּ איז מיר ניט געלעגן אין לערנען. דער רוסישער האָט דאָס געזען, זאָגט ער: „חיים, עפּעס האָט מיט דיר געטראָפן, זאָג דעם אמת".

ניט קענענדיק זיך איינהאַלטן, דערצייל איך אים, זייענדיק זיכער אז ער וועט מיר אויסלאַכן און איך זאָג: „אפשר איז רחלע געווען אַ שליח פון לילית מיר אָפּצוטאָן אַ שפּיצל?"

צעלאַכט ער זיך און שרייט אויס: „פּאַטראָן, אידיאָט. לילית האָט בעסערע קונדן ווי דו, אַ פאַרטריקנטן מוסרניקל, וואָס אַלץ איז ביי אים רוחניות, מלאכים און שדים. איך קען דאָס מיידל, דיין רחלען. טאַקע אַ שיין מיידעלע,

אָבער אַ מיידל ווי אַלע מיידלעך, בלוט און פלייש, מיט אַ מיידלשן גוף און תאוות. איך האָב בעסער ליב איר, ווי ליליתן". ער האָט דאָס ארויסגעזאָגט מיט אזוי פיל שפּאָט און ווולגאַר אז מיך האָט שוין פאַרדראָסן וואָס איך האָב אים דערציילט מיין סוד, און זיך געפילט נאַריש קעגן אים, ווי אַ יינגל אַ בטלן, און שוין געוואָלט ענדיקן דאָס לערנען און קענען בלייבן אליין.

איך האָב געדאַוונט מיט הארץ, געלערנט מוסר און געוואָלט דערמיט פאַר־געסן אָן רחלען. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. זי איז אַלע מאָל מיר געשטאַנען פאַר די אויגן און מיך גערייצט. איך פלעג וואַרטן עס זאָל קומען די נאַכט, כדי צו הערן דאָס געזאַנג פון שכנס שטוב, און ווי מיר האָט זיך געדאַכט האָב איך געהערט איר שטימעלע. איך האָב איר שוין אפילו געזען אין חלום, געפילט ווי זי נעמט מיך ארום, און ס'איז מיר געווען גוט און זיס. ס'פלעגט מיך פאַרדריסן ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און דער חלום איז אוועק. איך האָב געוווסט אז איך זינדיק, און עס האָט מיך געמאַטערט אַ געפיל פון חרטה. אָבער איך בין געווען שוואַך און ניט געקענט זיך באַפרייען פון מיינע שלעכטע מחשבות. האָב איך געזוכט אַ פאַרענטפערונג, אז מען מעג. פאַר וואָס טאָר מען ניט? יעקב האָט געהאַט אַ רחלען, און ר' עקיבא האָט געהאַט זיין רחלען. ווו שטייט עס אין דער תורה אז מען טאָר ניט?

איך האָב שוין אפילו, קיינער זאָל ניט זען, אָנגעהויבן קוקן אין שפּיגל און זיך פּוצן, אויסגלייכן מיין צעקנייטשטן קאַפּעליוש, פאַרקאַמען די האָר, טאָמער טרעף איך רחלען.

אין אָוונט האָב איך דערזען אז דעם שכנס הויז איז פינצטער — זיי זיינען זיך אויך צעפאָרן פאַר זומער אויף דאַטשע. ס'איז מיר געוואָרן זייער אומעטיק. כ'האָב זיך שוין איינגעוווינט צו הערן זייער זינגען און פריילעכקייט און גע־בענקט נאָך דעם. איך האָב געפילט אז מען האָט אוועקגעריסן פון מיר עפּעס, וואָס געהערט צו מיר — רחלען.

די סטאַנציע איז געווען ליידיק און אומעטיק, בין איך אוועק אין ישיבה. אויך אין ישיבה איז געווען ליידיק און טונקל. קיינער איז דאָרט ניט געווען, אויסער דעם פּרוש, וואָס איז געזעסן אין זיין ווינקל.

## דער פּרוש

דער פּרוש איז געווען אַן אויסגעצערטער, הויכער מאַן. און כאָטש ער איז נאָך געווען יונג, האָט ער אויסגעזען אַלט און אָפּגעלעבט. אַלע מאָל געגאַנ־גען איינגעוויקלט אין דער זעלבער צעקנייטשטער קאַפּאָטע און דעם זעלבן

הוט. זיין געלע באָרד און פּיאות זיינען געהאַנגען אויף זיין בלייכן לאַנגן געזיכט אָן לעבן, ווי פאַרוויאַנעטע אָפּגעלעבטע בלעטער אין האַרבסט. די אויגן, וואָס זיינען געווען באַהאַלטן אונטער לאַנגע געלע ברעמען, האָט ער אַלע מאָל גע־האַלטן אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער קוקט אויף דער ערד, כדי זיך צו דערמאָנען אַז אַ מענטש איז עפר רימה ותולעה, כדי ניט צו קוקן אויף דער וועלט פון עולם־הזה און געשטרויכלט ווערן מיט הרהורים רעים.

ער האָט געלעבט נאָר מיט זיך, ניט גערעדט מיט קיינעם אין מוסר ווי אַנדערע מוסרניקעס, ניט געגאַנגען צום „אַלטן״, נאָר געפּראַוועט תעניתים און התבודדות. אַלע נאַכט געזעסן ביז שפּעט אויפן זעלבן אָרט, אין זיין ווינקל ביים שטענדער, און זיך געשאָקלט איבערן חובת הלבבות, וואָס איז געווען זיין באַ־ליבטער מוסר ספר. ער האָט זיך אָפּגעשיידט פון דער גשמיותדיקער וועלט און פון אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט איר.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער טראַכט שוין ניט, ער לעבט ווי אַן אויטאָ־מאַט, אָן אַ ווילן. דער יצר־הרע האָט אים שוין פאַרלאָזן, אפילו דער יצר־טוב אויך. ער געהערט ניט צו דער וועלט פון תאוות, וווּ זיי פירן אַ מלחמה.

ביי מיר האָט זיך דערוועקט אַ חשק מיט אים צו ריידן, דערגיין זיין סוד פאַר וואָס ער האָט אויסגעקליבן דעם וועג פון אַ נזיר. אפשר האָט ער דעם ריכטיקן וועג, ניט דעם וועג פון ספקות און זינד, און איך קען פון אים עפּעס לערנען.

איך בין צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט: „רבי, זייט מיר מוחל פאַר דער העזה צו שטערן אייך אין לערנען. איך וויל אייך עפּעס פרעגן״.

ער האָט אויפגעהויבן צו מיר זיינע אויגן און מיך אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, ווי איך וואָלט אים אויפגעוועקט פון שלאָף אָדער ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל געזען אַ לעבעדיקן מענטשן. מיך האָט שוין פאַרדראָסן וואָס איך האָב אים געשטערט און זיך אַריינגעמישט אין זיין וועלט — אַן אַנדער וועלט. כ׳האָב ניט געוווּסט וואָס אים צו פרעגן.

ווען ער האָט געזען מיין פאַרלעגנהייט, זאָגט ער צו מיר: „אדרבא, פרעגט, אָבער רופט מיך ניט רבי. עס קען זיין אַז איר קענט זיין מיין רבי״.

נעם איך זיך אָן מיט מוט און זאָג: „איר מוזט מיר אַנטשולדיקן פאַר מיין העזה זיך אַריינצומישן אין אייער וועלט. איך בין נאָך יונג, עס מאַטערן מיר ספקות און איך וואָלט וועלן לערנען אייער דרך. איז דאָס דער ריכטיקער וועג זיך אָפּצושיידן פון דער וועלט, ווי פון עפּעס שלעכטס? די גמרא זאָגט דאָך

הנזר מן היין נקרא חטא. די תורה לערנט דאָך אונדז מיר זאָלן הנאה האָבן פון דעם רבונו־של־עולמס יצירה, אויב ניט, צו וואָס האָט ער עס באַשאַפן?"

ער האָט מיר גלייך ניט געענטפערט, נאָר זיך פאַרקלערט און זיין פּנים האָט אויסגעדריקט אַ סך צער.

"איר ווילט לערנען מיין דרך", זאָגט ער, "ווער זאָגט אז איך האָב אַ דרך? איר האָט ספקות? אַלע האָבן ספקות". ער האָט אויף מיר ניט געקוקט, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אליין. "איר האָט געפרעגט אַ וויכטיקע שאלה. איך טראַכט וועגן דעם מיין גאַנצן לעבן. אין דער וועלט פון גשמיות, אז מען עסט זיך אָן און מען טרינקט זיך אָן איז מען צופרידן. אָבער אין רוחניות וואָס איז אין סוף, איז מען קיין מאָל ניט צופרידן, קיין מאָל ניט זאַט, מען וויל קריכן העכער. און דער מענטש שטויסט זיך אָן אויפן וועג אָן ספקות, וואָס קריכן אריין אין דער נשמה און נאָגן ווי ווערעם אין אַ גוף. ניט אַלע זיינען ראוי צו שלימות. און מען איז דאָך נאָר אַ בשר־ודם. דער חומר מאָנט זיינס אויך און ס'איז טאַקע ניט לייכט אים בייצוקומען און זיך אָפּשיידן פון אים. אפשר זייט איר טאַקע גערעכט, אז מיין וועג איז ניט דער ריכטיקער און איך בין טאַקע אפשר אַ זינדיקער?"

ער איז געבליבן שטיל פונקט ווי ער וואָלט זיך אראָפּגערעדט פון האַרצן. ער האָט שוין ניט אויסגעזען ביי מיר ווי אַן אויטאָמאַט, וואָס האָט געמאַכט שלום מיט אַלץ, און וואָס האָט געפונען זיין ריכטיקן וועג און איז צופרידן. אויך ער איז פול מיט ספקות און וואַקלט זיך, בלאָנדזשעט ארום אַ צעבראָכע־נער און זוכט אַ פאַרענטפערונג פאַרן חורבן פון זיין לעבן אין מוסר, און קען ניט געפינען. און אפשר האָט ער אויך געהאַט אַ רחלען וועמען ער קען ניט פאַרגעסן?

דער פּרוש האָט ניט געהאַט קיין ענטפער פאַר מיינע ספקות. ער זוכט אליין אַן ענטפער און קען ניט געפינען. איך האָב זיך פאַר אים אַנטשולדיקט וואָס איך האָב אים געשטערט. "אדרבא", זאָגט ער, "עס ווערט קלאָרער ווען מען רעדט זיך דורך".

* * *

איך האָב דערציילט דעם רוסישן וועגן מיין געשפּרעך מיטן פּרוש און מיין אַנטוישונג. האָט ער זיך, ווי שטענדיק, צעלאַכט אויפן קול. און צום ערשטן מאָל האָב איך באַמערקט ווי פאַרשייט זיין געלעכטער איז, ניט ווי אַ ישיבה־מאַן לאַכט אַ מאָל, איינגעהאַלטן און פאַרשעמט. ער איז אויך געווען אַ געזונטער שטאַרקער בחור, ניט ווי אַ ישיבה־בחור דאַרף אויסזען, וועמען די תורה

שוואַכט אָפּ, ווי עס שטייט התורה מתשת כוחו של אדם. אים מאַטערט אויך ניט דער מה חובתו בעולמו. איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ שייכות ער האָט מיט דער ישיבה און אים געפרעגט: „רוסישער, זאָגט מיר, צוליב וואָס זייט איר געקומען אין אַ ישיבה? איר געהערט ניט דאָ, איר געהערט צו אַן אַנדער וועלט״.

„איך האָב ליב דאָס לערנען״, זאָגט ער, „ס׳איז אינטערעסאַנט. איך וויל ווערן אַ רב ווי מיין טאַטע איז, אָבער ניט קיין צעקוועטשטער מוסרניק״. ער האָט דאָס געזאָגט אַזוי פשוט, ווי ער וואָלט געזאָגט אַז ער וויל ווערן אַ שוסטער.

„איך בין געקומען זוכן אין ישיבה אַ תכלית. ווער זאָגט עס, אַז מען לערנט אין ישיבה מוז מען זיין אַ מוסרניק? עס זיינען דאָ ישיבה־לייט גרויסע לומדים און זיינען ניט קיין פּרושים און ווילדע מוסרניקעס. דו מיינסט אַז נאָר מיר, יידן, האָבן פּרושים? די גויים האָבן אויך אַזעלכע, כאָטש זיי לערנען ניט אין ישיבות. ביי אונדז אין שטאָט איז דאָ אַ מאָנאַסטיר, זעט מען דאָרט אויך ווי עס גייען אַרום נזירים אין יאַרמלקעס, מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, פאַרגאַרטלט, פאַרלייגט די הענט אויפן האַרצן, איינגעבויגן, די אויגן אַרונטערגעלאָזן צו דער ערד, אַזוי ווי אונדזערע פּרושים, להבדיל. אפילו שיקסעס זיינען אויך דאָ אַזעל־כע — מען רופט זיי נאָנעס. זיי האָט מען אויך צעקוועטשט״.

איך בין געוואָרן פאַרוואונדערט. ווי קומען גויים צו דעם? איך האָט ניט געגלייבט. זיי האָבן דאָך ניט קיין מסילת ישרים און חובת הלבבות, וואָס זאָל זיי לערנען צו אַרבעטן אויף מידות.

„דו ביסט נאָך אַ ייִנגל״, זאָגט ער, „און נאַאיוו. אַנטלויף פון זיי — זיי וועלן דיר אויך צעקוועטשן״.

איך האָב אים מקנא געווען וואָס ער קען די וועלט, אויסער די ישיבה, און ווייס וואָס ער וויל. אים איז גוט. און אפשר איז ער גערעכט? ער איז דער גאַנצער מענטש, און ניט די פּרושים און מוסרניקעס? ער האָט מיך נאָך מער צעטומלט. כ׳האָב געפילט אַז ער פירט מיך אַראָפּ פון וועג. איך האָב אָנגע־הויבן קוקן אויף מיינע חברים די מוסרניקעס מיט זיינע אויגן און געזען אין יעדערן פון זיי אַ שטיק צעבראָכענעם פּרוש, וואָס מען מוז אַנטלויפן פון זיי.

## דער ביאַליסטאָקער

מיינע חברים זיינען צוריק געקומען פון דאַטשע. ס׳איז ווידער לעבעדיק אויף דער סטאַנציע און אין ישיבה. רחלען האָב איך שוין כמעט פאַרגעסן און אויפגעהערט טראַכטן פון איר, נאָך דעם ווי זי איז אוועק פאַר אַ לאַנגער צייט.

דער ביאַליסטאָקער איז אויך געקומען צוריק און האָט אויסגעזען נאָך קראַנקער ווי פריער. איך האָב אויף אים זייער רחמנות געהאַט, ווי אויף אַן עלטערן קראַנקן ברודער. כ׳האָב געפילט א חוב מיט אים צו ריידן, אפשר וועל איך אויף אים ווירקן צו בייטן זיין וועג און אנטלויפן פון די מוסרניקעס. עס וועט נאָך פון אים אויך ווערן אַ פרוש, און דערצו אַ קראַנקער פרוש.

איין טאָג, ווען מיר זיינען געווען אליין אויף דער סטאַנציע, האָב איך פאַר־פירט מיט אים אַ שמועס. געפרעגט אים די זעלבע פראַגע וואָס דעם פרוש און געוואָלט הערן זיין ענטפער.

„ביאַליסטאָקער, איך וויל זיך מיט אייך דורכריידן. כ׳האָב שוין מיט אייך געוואָלט ריידן וועגן דעם אַ לאַנגע צייט, עס מאַטערן מיך פראַגן וואָס איך קען ניט געפינען אויף זיי קיין ענטפער און איך וויל איר זאָלט מיר לערנען ווי זיך צו פירן״.

„איך זאָל מיט אייך לערנען?״ פרעגט ער פאַרוווּנדערט. „איר האָט דאָך שוין געלערנט מוסר מער פון מיר. ווי קום איך אייך צו לערנען? אָבער עס שאַדט ניט זיך דורכצוריידן ווי חברים״.

„זאָגט מיר, ביאַליסטאָקער, איז דאָס דער ריכטיקער וועג ווי מוסרניקעס פירן זיך? אזוי לערנט אונדז די תורה? מבטל זיין די גאַנצע וועלט און זיך אָפּהיטן הנאה צו האָבן פון לעבן? עס שטייט דאָך אין דער תורה וחי בהם, טאַקע לעבן ווי די תורה לערנט, אָבער מען מעג הנאה האָבן פון לעבן. ווען איך זע ווי אַנדערע יונגע מענטשן ווי מיר זינגען, טאַנצן, זיינען פריילעך און האָבן הנאה פון לעבן, און מיר מוסרניקעס זיינען פאַראומערט, זוכן חשבונות און קערן זיך אָפּ פון די הנאהס פון לעבן ווי פון עפּעס שלעכטס און פאַרמיאוסן דאָס, פרעג איך זיך: אפשר זיינען מיר מוסרניקעס ניט גערעכט? אפשר איז דאָס ניט דער ריכטיקער וועג?״

ער האָט זיך אויך פאַרטראַכט אַ ווײַלע, ווי דער פרוש, און געזאָגט: „אוודאי דאַרף מען וועגן דעם טראַכטן, זיך אָפּגעבן אַ חשבון־הנפש, דאָס איז מוסר. אָבער וואָס רופט איר אַן לעבן, הנאה האָבן פון לעבן? עסן, טרינקען, טאָן עבירות ווי זיי דאַרטן?״ ווייזט ער מיר אויפן שכנס הויז — „און נאָך דעם חרטה האָבן פאַר די עבירות וואָס מען האָט אָפּגעטאָן (איך האָב זיך געוווּנדערט, אז אויך ער טראַכט וועגן שכנס הויז). די גרעסטע הנאה וואָס אַ מענטש קען האָבן איז די רוחניותדיקע הנאה פון לערנען, פון טאָן מיצוות, אז מען איז זוכה זיך גובר צו זיין איבער די מיאוסע תאוות וואָס זיינען איינגעפלאַנצט אין דעם מענטשן און מען איז מנצח דעם יצר־הרע ווי מען איז מנצח אַ שונא, פון דעם האָט מען די אמתע הנאה, אַ רוחניותדיקע הנאה. סור מרע ועשה טוב, דאָס

איז דער יסוד פון מוסר. דער מענטש פירט אַ שטענדיקע מלחמה מיט די תאוות און מיטן יצר־הרע. מען דאַרף זיך שטאַרקן גובר צו זיין דעם יצר־הרע. איזהו גיבור הכובש את יצרו, אַזוי לערנט אונדז מוסר, און אַזוי דאַרפן מיר זיך פירן״.

„אָבער, זאָגט מיר, ביאַליסטאָקער, צו וואָס האָט גאָט באַשאַפן דעם יצר־הרע און דעם יצר־טוב, אַז דער מענטש זאָל דאַרפן פירן אַ מלחמה און גובר זיין דעם יצר־הרע? עס זעט עפּעס אויס ווי דער רבש״ע וואָלט הנאה געהאַט פון דער מלחמה, ווי פון עפּעס אַ שפּיל״.

ער האָט זיך פאַרטראַכט. איך האָב געזען אַז מיין שאלה האָט אים ווי געטאָן. ער האָט זיך פאַרקרימט, ווי ער וואָלט געפילט אַ פיזישן ווייטיק.

„אוודאי״, זאָגט ער, „דאַרף מען זיך אָפּגעבן אַ חשבון. אָבער עס זיינען דאָ זאַכן, וואָס מען דאַרף צו פיל זיך ניט אריינטראַכטן אין זיי. ס׳איז צו טיף פאַר אַ קליינעם מענטשן דאָס צו פאַרשטיין. גרעסערע מענטשן האָבן עס געטאָן און געשטרויכלט געוואָרן, ווי די גמרא דערציילט פון ארבעה נכנסו לפרדס. דאָס זיינען געווען גרויסע תנאים, און ניט אַלע זיינען ארויס בשלום, ווייל זיי זיינען געגאַנגען צו ווייט. אַזוי איז דער רצון הבורא. גאָלד האָט פּסולת, דימאַנטן דאַרף מען שלייפן, און וואָס מער מען שלייפט אַלץ שענער ווערן זיי. ס׳איז אַ גרויסע סכנה צו זוכן נייע וועגן, גיין אין פרעמדע פּרדסים מיט וועגן וואָס מען איז ניט באַקאַנט. מען קען פאַרבלאָנדזשענען און ניט וויסן ווי צוריק צו קומען. לערנט מוסר, חיים, גייט אויפן וועג וואָס גרעסערע פאַר אונדז האָבן אויסגעטראָטן, און איר וועט פּטור ווערן פון אייערע ספקות, און דער רבש״ע וועט אייך העלפן. ווי עס שטייט הבא לטהר מסיעין אותו — ווער עס וויל זיך רייניקן העלפט מען אים פון הימל״.

ער איז אנטשוויגן געוואָרן, ווי ער וואָלט זיך אראָפּגערעדט פון האַרצן. איך האָב געזען אַז ס׳איז בעסער פאַר אים צו גיין אויף זיין וועג, אויפן אויסגעטראָטענעם וועג. אָבער מיר האָט עס ניט צופרידן געשטעלט. איך וויל בעסער מיינע ספקות איידער גיין מיטן אויסגעטראָטענעם וועג, ווי אַ פערד אין צאַם, און ווערן אַ קראַנקער צעבראָכענער מוסרניק, ווי ער. איך האָב אים אָנגעהויבן פאַרגלייכן מיטן געזונטן, פריילעכן רוסישן, וואָס מאַכט ניט קיין חשבון־הנפש און לעבט ווי אַ געזונטער, נאָרמאַלער יונגער מענטש דאַרף לעבן, און צום פּרוש, וואָס איז פאַרזונקען אין ספקות און קען ניט געפינען קיין ענטפער. און כ׳האָב באַשלאָסן אַז דער רוסישער איז גערעכט ווען ער האָט מיר געזאָגט: חיים, אנטלויף פון זיי, זיי וועלן דיר צעקוועטשן.

* * *

איך בין טאַקע אַנטלאָפן. פון דעמאָלט אָן בין איך שוין לאַנג ארויס. מיינע חבֿרים און אויך ביי ר׳ יויזלען אין שטוב האָט מען באַמערקט ווי איך האָב זיך געביטן. כ׳פלעג שוין ניט קומען ביי ר׳ יויזלען אין שטוב אזוי אָפט. דער רוסישער איז געוואָרן מיין נאָענטסטער חבר.

דאָן האָט געטראָפן עפעס אין ישיבה, וואָס האָט מיר נאָך מער דערווייטערט פון מוסר, און אפילו פון ר׳ יויזלען, וועלכער האָט געדאַרפט זיין א מוסטער פאר זיינע ישיבה־לייט און ווייזן דעם וועג ווי אַ מוסרניק דאַרף זיך פירן. ער האָט באמת געקענט צייטנווייז ארויסווייזן אויסערגעוויינלעכע מידות און גוטסקייט. ווען עס איז ניט געווען קיין געלט אין ישיבה האָט ר׳ יויזלס הויז געליטן צוגלייך מיט אַלע ישיבה־לייט. די פירערשאַפט פון אַנדערע ישיבות האָבן זיך אזוי ניט געפירט. און אז עס איז קראַנק געוואָרן אַ ישיבה־מאַן, האָט ער פאַר אים געזאָרגט ווי פאַר אַן אייגענעם קינד. ער האָט מיר אַ מאָל געשיקט פאַרזעצן אין שטאָטישן גמילת־חסדים זיין ש״ס, און אפילו א מאָל זיין מאַנטל, ווען מען האָט געדאַרפט האָבן געלט פאַר אַ קראַנקן בחור. איבערהויפּט האָט ער מקרב געווען די יונגע, ווען ער האָט גערופן „מיינע פרחי כהונה״. אָבער ווען ס׳איז געקומען צו זיינע פּרינציפּן פון מוסר, האָט ער באַוויזן זיין שטאַרקע האַנט, וואָס האָט דערגרייכט אפילו ביז אכזריות.

ס׳איז געווען אַ פאַל, ווען דער נאַווארעדקער רב איז ניפטר געוואָרן. האָט שטעטל געבראַכט אַ רב, אַ באַוווסטן גאון, אָבער ער איז געווען א קעגנער פון מוסר. ר׳ יויזל האָט געדראָט דאָס שטעטל, אז ער וועט ארויספירן די ישיבה אין אַ שכנותדיק שטעטל, אויב זיי וועלן אָננעמען דעם רב. און ער האָט טאַקע ארויסגעפירט אַ האַלבע ישיבה אין דערבייאיקן שטעטל. עס האָט זיך צעפלאַקערט א שרעקלעכע מחלוקת. און ווען שטעטל האָט ניט איינגעגעבן, האָט ער אזוי פיל גערודפט דעם רב און פאַרגאָסן זיין בלוט, אז דער רב, וועלכער איז געווען אַ קראַנקער מענטש, איז אנטלאָפן צופוס אין מיטן דער נאַכט אין אַ דאָרף לעבן שטעטל. די גאַנצע רבנישע וועלט האָט דערמיט געקאָכט. אָבער ר׳ יויזל האָט אויסגעפירט.

אין דער זעלבער צייט האָט געטראָפן נאָך אַ פאַל. ער האָט געהאַט אַן איידעם, וואָס איז געווען א גרויסער למדן און אַן אויסערגעוויינלעכער חריף. אַ גרויסער טייל פון ישיבה־לייט האָבן געוואָלט ער זאָל זאָגן אַ שיעור יעדן טאָג — ווי עס פירט זיך אין אַנדערע ישיבות. ר׳ יויזל איז געווען קעגן דעם. ער האָט מורא געהאַט אז דאָס וועט שטערן זיין מוסר, וואָס איז געווען ביי

אים דער עיקר אין ישיבה. עס האָבן זיך געשאַפן צדדים אין ישיבה, און ר׳ יויזל האָט אַזוי באַליידיקט זיין איידעם, אַז אויך ער האָט געמוזט אַנטלויפן פאַר חרפה פון ישיבה, און מיט אים צוזאַמען זיינען אוועק אַ גרויסער טייל ישיבה־לייט. אויף מיר האָט עס געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. איך האָב זייער ליב געהאַט זיין איידעם, ווייל אויסער זיין תורה איז ער געווען זייער אַ ליבער מענטש. איך האָב פאַרלאָרן מיין גאַנצן גלויבן אין ר׳ יויזלען און אין מוסר: ווו זיינען די מידות און הטבה וואָס מוסר לערנט? און פאַר וואָס דאַרף ער שטערן תלמוד־תורה, וואָס איז כנגד כולם? אויב ר׳ יויזל פירט זיך ניט ווי קיין מוסרניק, דאַן וואָס טוט אויף מוסר?

## אַ באַזוך אהיים

ס׳איז אוועק דריי יאָר. איך האָב פאַר דער צייט ניט באַזוכט מיין פאַמיליע. האָב איך זיך פאַרבענקט זיי צו זען און כ׳האָב אויך באַשלאָסן איבערצובייטן נאַווארעדאָק אויף אַן אַנדער ישיבה. עס האָט מיך זייער פאַרדראָסן צו פאַרלאָזן נאַווארעדאָק, וואָס איז געוואָרן מיין צווייטע היים, מיט מיינע חברים. איך האָב געפילט דאָס זעלבע, ווי ווען איך האָב פאַרלאָזן דאָס ערשטע מאָל מיין שטעטל.

פאַר דער צייט האָט מיין פאָטער געביטן זיין רבנות־אָרט און איז אריבער אין אַ צווייטער שטאָט — אַ גרעסערע.

ווען איך בין געקומען אהיים האָט מיר קיינער כמעט ניט דערקענט, אַזוי האָב איך זיך געביטן. געוואָרן אַ יונגער בחור און זיך געפירט ווי אַ בחור, אַלע מאָל פאַרטראַכט און ערנסט, ווי אַ מוסרניק. אויך אין מיין פאַמיליע האָבן זיך אַלע פאַרענדערט. אלע און אַלץ אין שטוב האָבן אויסגעזען אַנדערש ווי איך האָב געדענקט. מיין פאָטער האָט זיך אַ סך געעלטערט, געוואָרן גרוי, און איך האָב געזען אַז ער פילט זיך עלנט אין דער נייער שטאָט, צווישן די נייע מענטשן, און בענקט נאָך דעם שטעטל, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט און זיינע יידן מיט די בתי־מדרשים, וואָס ער איז כמעט אויסגעוואַקסן מיט זיי. זיין בית־דין־שטוב, וואָס איז אַלע מאָל געווען פול מיט שטאָטישע ענינים און לערנער, איז אין דער נייער שטאָט געווען פאַרלאָזן. אפילו די פאָליצעס ספרים אין בית־דין־שטוב האָבן אויסגעזען עלנט און פאַרלאָזן, ניט ווי אין שטעטל, ווו די ספרים האָבן קיין מאָל ניט גערוט. אין דער נייער שטאָט זיינען ניט געווען קיין סך לומדים, איז מיין פאָטער געזעסן אליין אין בית־דין־שטוב און געלערנט. מיין מוטער איז געוואָרן מאָגערער, עפּעס קלענער און עלטער,

און האָט אויך געבענקט נאָך איר אמאָליקער מלוכה, איר קיך, ווו עס האָט זיך אַלע מאָל געררודלט מיט אירע פריינט און אורחים און שטענדיקע טיי־טרינקער. אין דער נייער שטאָט איז זי נאָך געווען פרעמד. מיינע ברידער זיינען געווען צעפאָרן אין די ישיבות. מיינע שוועסטער זיינען אויך עלטער געוואָרן.

עס האָט מיר פאַרקלעמט דאָס האַרץ פאַר מיין פאַמיליע. אין אונדזער שטוב, ווו עס איז אַלע מאָל געווען אַזאַ פריילעכער טומל, איז איצט געווען אַ געדריקטע רואיקייט. איך וואָלט אַלץ אוועקגעגעבן איך זאָל קענען זיין נאָך אַ מאָל אין מיין שטעטל און פילן דעם טעם פון דעם רבס מזיק, האַלטן מלחמה מיטן אונטערשמש און מיט רחלען די דינסט. אפילו דאָס יידיש, וואָס יידן האָבן גערעדט אין דער נייער שטאָט, איז מיר געווען פרעמד.

איך האָב אָנגעהויבן בענקען נאָך דער ישיבה און מיינע חברים. מיין פאָטער האָט דאָס געזען און איז געווען זייער פריינטלעך צו מיר. ער האָט געלערנט מיט מיר צוזאַמען און נחת געהאַט פון דעם וואָס איך האָב געשטיגן אין לערנען און געוואָרן אַ גאַנצער מענטש ב״ה — אַזוי האָב איך געהערט ווי ער האָט געזאָגט צו מיין מוטער. אָבער מיין מוטער האָט געזאָגט: „זע ווי ער זעט אויס, חיימקע מזיק, ער איז דאָך ניט דער זעלבער, אַלע מאָל פאַרטראַכט און אומעטיק. עס פלעגט דאָך קאָכן מיט אים די שטוב, און ער זעט אויס שלעכט אויך״.

זאָגט מיין פאָטער: „מען ווערט עלטער, מען וואַקסט אויס פון די שטיפערייען. גיב אים אַ ביסל פלעגע וועט ער זיך אָפּכאַפּן״. מיין פאָטער האָט ווייזט אויס אויך רחמנות געהאַט אויף מיר, ווי איך האָב אויסגעזען.

איך האָב זיך שוין ניט געקענט דערוואַרטן עס זאָלן אוועקגיין די יום־טובים און פאָרן צוריק אין ישיבה, כאָטש איך האָב זייער ליב געהאַט מיין פאַמיליע און געוואָלט זיין מיט זיי צוזאַמען.

איך געדענק אַן עפּיזאָד פון יענע טעג, וואָס איז מיר געבליבן אין זיכרון ביז היינט. איך האָב אָנגעהויבן רייכערן ווען איך בין נאָך געווען כמעט אַ קינד, קיינער זאָל ניט זען, בפרט מיין פאָטער. אפילו ווען איך בין געקומען פון ישיבה צו גאַסט, און איך בין שוין געווען אַ בחור, האָב איך זיך אויך אָפּגעהיט ניט צו רייכערן פאַרן פאָטער אין די אויגן צוליב דעם דרך־ארץ, וואָס איז געווען איינגעפּלאַנצט, ביי אונדז קינדער, צום פאָטער. איין טאָג, ווען מיר זיינען געזעסן זייער פאַרטיפט אין לערנען, האָב איך פאַרגעסן און פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס. מיין פאָטער האָט געגעבן אויף מיר אַ קוק פאַרוווּנדערט. ער האָט ניט געוווּסט אַז איך רייכער. איך האָב זיך זייער פאַרלאָרן, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. מיין פאָטער האָט זיך אויך געפילט אין אַ פאַרלעגנהייט. איך בין

דאָך שוין א דערוואַקסענער בחור און דערצו אַ גאַסט, ער זאָל מיר באַשטראָפן אָדער אפילו אויסריידן. מיר זיינען ביידע געזעסן שטיל פּאַר אַ ווײַלע, מיט אַ מאָל גיט מיין פּאָטער אַ שמייכל און זאָגט: „חיים, האָסט נאָך אַ פּאַפּיראָס?״

איך געדענק עס נאָך היינט מיט דאַנקבאַרקייט. ער האָט מיר ניט נאָר מוחל געווען דערמיט, ער האָט מיר געגעבן א סמיכה פּאַר אַ דערוואַקסענעם און זעלבשטענדיקן מענטשן. איך וונדער זיך נאָך היינט וויפל דערציערישע חכמה ס׳איז געלעגן אין דעם זשעסט. איך האָב זיך אָפּגעהיט נאָך דעם ניט צו רייכערן אין זיין קעגנוואַרט, ניט אויסצונוצן זיין טאָלעראַנץ. און איך בין זיכער, אז מיין פּאָטער האָט עס געוווסט און זייער אָפּגעשאַצט.

# ראַדינער ישיבה און דער חפץ־חיים

מיט דער צושטימונג פון מיין פאָטער, האָב איך אויסגעקליבן אַ צווייטע ישיבה — ראַדין, וווּ דער מנהל פון דער ישיבה איז געווען דער חפץ חיים, וואָס איז געווען באַוווּסט איבער דער גאַנצער יידישער וועלט ווי אַ גרויסער גאון און אַ צדיק. גלייך נאָך יום־טוב בין איך אוועק־געפאָרן.

קיין בעסערן און פּאַסיקערן אָרט פאַר אַ ישיבה ווי דאָס שטעטל ראַדין האָט מען ניט געקענט אויסקלייבן. פּרושים האָבן ניט געדאַרפט האַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד, כדי ניט צו זען די הבלי־עולם־הזה און גע־שטרויכלט ווערן מיט הרהורים רעים. דער יצר־הרע מיט זיינע משרתים האָבן אויף ראַדין קיין שליטה ניט געהאַט. עס האָט אויסגעזען ווי די איינגעפאַלענע הייזקעס און די אָרעמקייט זיינען פון ששת ימי בראשית באַשאַפן געוואָרן פאַר די פרומע ראַדינער ישיבה־לייט. אין שטעטל איז אַלע מאָל געווען שטיל, כדי ניט צו שטערן דאָס געזאַנג פון לערנען. דערפאַר האָט, מסתמא, דער חפץ חיים אויסגעקליבן ראַדין פאַר זיין ישיבה.

* * *

נאָך דעם ווי איך האָב זיך איינגעאָרדנט מיט אַ סטאַנציע בין איך אַוועק זיך מעלדן צום חפץ חיים אָן אַ המלצה־בריוו פון מיין פאָטער, ווי אין נאוואַרע־דאָק. איך בין שוין געווען אַן אויסגעוואַקסענער ישיבה־מאַן.

דער חפץ חיים איז געזעסן ביי זיין טיש ארומגערינגלט מיט ספרים. אויך אויף די שטולן און בענקלעך זיינען געווען אָנגעלייגט ספרים, אָפענע און פאַרמאַכטע. זיין צימער האָט אויסגעזען ווי אַ בית־מדרש, אָנגעפּאַקט מיט פאַ־ליצעס ספרים. מען האָט כמעט ניט ארויסגעזען דאָס קליינע יידעלע פון

צווישן די ספרים, ווי ער וואָלט געוועזן אַ טייל פון די ספרים — אליין עפּעס אַ ספר. און מען האָט אים טאַקע גערופן מיטן נאָמען פון זיינעם אַ ספר, וואָס ער האָט מחבר געווען. מען האָט פאַרגעסן זיין אייגענעם נאָמען — ר׳ ישראל־מאיר הכהן. דער מענטש איז געוואָרן אַ ספר.

איך האָב זיך פאַרגעשטעלט פאר אים. ער האָט מיר פריינטלעך אויפגענומען, געבעטן זיצן און זיך נאָכגעפרעגט אין וועלכער ישיבה איך האָב געלערנט. ווען איך האָב אים געזאָגט נאַווארעדאָק, האָט ער געזאָגט — אַ וויכטיקע ישיבה, נאַווארעדאָק.

איך האָב אַ סך געהערט וועגן חפץ חיים, אָבער דער איינדרוק וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט, איז געווען א סך גרעסער ווי איך האָב זיך פאַרגעשטעלט. אַ קליין דאַר יידעלע מיט אַ געדיכט־גרוילעכע באָרד און דיקע, ניט קיין לאַנגע פּיאות. און זיינע אויגן — אזוינס האָב איך נאָך ניט געזען. זיי האָבן אויסגעדריקט בענקשאַפט, תמימות, און איבערהויפּט צער. עס האָט אויסגעזען ווי דער גאַנצער יידישער צער, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן פאַר אַלע דורות, האָט געמאַכט אַ נעסט ביי אים אין די אויגן. און אז מען זעט איין מאָל די דאָזיקע אויגן, קען מען זיי מער ניט פאַרגעסן. ער איז געזעסן און געשריבן (אלע מאָל געשריבן זיינע ספרים). ניט וועלנדיק אים שטערן, האָב איך זיך אנטשולדיקט און געוואָלט ארויסגיין, האָט ער געגעבן א שמייכל, און דער שמייכל איז געווען אזוי וואַרעם און נאַאיוו, ווי אַ קינד שמייכלט, און געזאָגט:

„מען דאַרף טאַקע עוסק זיין אין תורה יום ולילה, דאָס איז דאָך כנגד כולם, אָבער מ׳דאַרף אַ מאָל טאָן אויך אַן אַנדער מיצווה, ווי הכנסת אורחים און מקרב זיין יונגע־לייט וואָס קומען לערנען אין דער ישיבה. האָט איר שוין א סטאַנציע?" פרעגט ער, און איך זע אז ער וויל מיר מיט דעם מקרב זיין — ער אינטערעסירט זיך מיט מיר.

ניט וועלנדיק אים צו לאַנג שטערן בין איך אַוועק. איך האָב געטראַכט: אָט איז אַ מענטש וואָס איז דערגאַנגען צו שלימות, אים מאַטערן ניט קיין ספקות.

פאַרנאַכט ווען ער איז אריין אין ישיבה, האָט ער געמאַכט נאָך א גרעסערן איינדרוק אויף מיר. זיין פּנים האָט געלויכטן פאר נחת, זעענדיק אזוי פיל ישיבה־לייט זיצן און לערנען. איך בין געווען פאַרוואונדערט אים צו זען איינגעוויקלט אין אַ קאַפּאָטע מיט א פּראָסט חסידיש היטעלע, וואָס ביי אונדז טראָגן עס פּשוטע יידן און בעל־מלאכות. אין זיין אָנטאָן איז געלעגן אזוי פיל פּשטות, תמימות, ווי ער וואָלט זאָגן: איך בין אַ פּראָסטער ייד ווי אַלע פּראָסטע יידן. עס קומט מיר ניט קיין רבנישער אויספּוץ.

מיר איז דאָס געווען פרעמד. איך בין געווען געוווינט צו זען רבנים, קלענערע פאר אים, אָנגעטאָן אין רבנישע היט און מאנטלען, שטריימלעך און זשופּיצעס. אָבער דאָס איז געווען דער חפץ חיים. ער האָט פאַרקערפּערט אין זיך די גרויסקייט פון אמתער פשטות. פון זיינע שמועסן וואָס ער האָט געגעבן פאַר דער ישיבה און זיינע האַנדלונגען, האָב איך נאָך שפּעטער געלערנט מער וועגן זיין אייגנאַרטיקייט.

ראַדין איז אויך געווען אַ מוסר־ישיבה, אָבער מוסר איז דאָרט געווען אַ טפל, דער עיקר איז געווען דאָס לערנען גמרא מיט מפרשים און דינים. דאָס איז געווען די שיטה פון חפץ חיים. ער האָט געזאָגט אז מוסר איז א גרויסע זאַך, ס׳איז ווי מען גיט אַ קראַנקן רפואות. אָבער גיט מען דען אַ קראַנקן רפואות אַ גאַנצן טאָג ? מוסר לערנט א מענטש צו מאכן א חשבון־הנפש. און פּונקט ווי מען פירט אַ מיסחר, מאַכט מען אַ חשבון יעדן טאָג וויפל מען האָט פאַרדינט אָדער פאַרלאָרן, אזוי דאַרף אַ מענטש אויך מאַכן א חשבון יעדן טאָג אין רו־חניות, וויפל מיצוות אָדער, חו״ש, עבירות מען האָט געטאָן דעם טאָג. און פּונקט ווי מען דאַרף לערנען און וויסן ווי צו טאָן מיסחר, אזוי דאַרף מען אויך לערנען תורה, כדי צו וויסן דינים ווי מען דאַרף זיך פירן לויטן דין.

דערפאַר האָט דער חפץ חיים ניט געהאַלטן פון סתם פּילפּול. פּילפּול, האָט ער געזאָגט, שאַרפט טאַקע דעם מוח, אָבער עס קען אַ מאָל פאַרדרייען דעם פּשוטן פּשט און מ׳זאָל ניט וויסן ווי די הלכה איז, צו קענען פּסקענען אַ דין. משל למה הדבר דומה, למלך בשר־ודם: אַ פליישענער קייסער, ווען ער קלייבט אויס זיינע מיניסטאָרן צו פירן זיין מלוכה, איז וועמען קלייבט ער אויס ? אזעלכע וואָס זיינען קלאָר אין ענינים פאַר וועלכע זיי זיינען באַשטימט גע־וואָרן. על אחת כמה וכמה אין די ענינים פון יידישקייט. אז מען מאַכט חו״ש אַ טעות אין אַ דין קען מען דאָך אומגליקלעך ווערן. ומאן מלכו רבנן, אויף זיי דאַרף מען זיך דאָך פאַרלאָזן, כדי צו וויסן ווי ריכטיק צו פּסקענען אַ דין.

זיין ערשטער ספר חפץ חיים, אויף וועמענס נאָמען מען האָט אים גערופן, ביז זיין משנה ברורה, זיינען טאַקע געווען טעקסט־ספרים פאַר דינים, און זיי־נען זייער אָנגענומען געוואָרן.

## דער ראַדינער בעל־תשובה

אין ראַדינער ישיבה איז אויך געווען אַ פּרוש, ווי אין נאַוואַרעדאָק. מען האָט אים גערופן „דער בעל־תשובה". ער איז אָבער ניט געווען קיין אויסגעדאַרטער, אָפּגעלעבטער פּרוש. פאַרקערט, ער איז געווען א הויכער, געזונטער יונגער־

מאַן מיט אַן אויסערגעוויינלעך שיין און אריסטאָקראַטיש פּנים, וואָס האָט כמעט אויסגעזען ווי ניט קיין יידישער, און וואָס האָט עפּעס ניט האַרמאָנירט מיט זיין בלאָנדע באָרד און פּיאות און חסידיש היטעלע וואָס ער האָט געטראָגן. מען האָט דערציילט אין ישיבה, אז ער קומט פון אַ גרויסער רוסישער שטאָט. ווען ער איז אָנגעקומען אין ישיבה האָט ער אפילו גערעדט אַ שלעכטן יידיש און מען האָט געמיינט, אז ער איז אַ גר. אָבער ווי מען האָט זיך שפּעטער דער־ וווסט, קומט ער פון א רייכער אסימילאַטאָרישער פאַמיליע אין טיף רוסלאַנד, ווו ער איז געווען אַן אַפּטייקער, אַן אויסגעלאַסענער און גרויסער לעביונג.

מיט אַ מאָל איז ער געוואָרן אַן איבערגעביטענער. זיך דערווייטערט פון זיינע חברים, ארומגעגאַנגען פאַרטראַכט און מעלאַנכאָליש, מיט קיינעם ניט גערעדט און פלעגט פאַרפאַלן ווערן פאַר טעג. קיינער האָט ניט געוווסט די סיבה דערפון. מען האָט געמיינט אז ער איז קראַנק.

איין טאָג האָט ער פאַרקויפט זיין אַפּטייק, איבערגעלאָזן אַ בריוו פאַר זיין פאַמיליע אז אים איז מיאוס געוואָרן דאָס אויסגעלאַסן־זינדיקע לעבן און ער גייט איבערבייטן זיין וועג. קיינער האָט ניט געוווסט ווו ער איז אַהינגעקומען. און אזוי איז ער אָנגעקומען אין ראַדינער ישיבה. ער האָט געדונגען א צימערל ביי אַן אַלטע פאַר־פאַלק אויסערן שטעטל, ראַמט אליין אויף זיין צימערל, וואַשט די וועש פאַר זיך, ווייל ער איז ניט ווערט אז אַן אַלטע יידישע פרוי זאָל אים באַ־ דינען, זאָגט ער.

ווען ער איז אָנגעקומען האָט ער גענומען אַ יונגן בחורל פאַר אַ רבין, געלערנט טאָג און נאַכט און געווען זייער פרום. ער האָט זיך ניט געשעמט צו פרעגן ביים קלענסטן ער זאָל אים דערקלערן עפּעס, וואָס ער האָט ניט פאַר־ שטאַנען. ער האָט אלעמען גערופן „רבי״. און אזוי זיצט ער ביי דער טיר, אויפן זעלבן אָרט, אלע יאָרן. היינט לערנט ער שוין פאַר זיך, און מען האַלט אים פאַר אַ גרויסן למדן און פאַר אַ גוטן קאָפּ. אין ישיבה רופט מען אים „דער בעל תשובה״.

* * *

איין טאָג, ווען דער שטעטלשער מאַרק איז געווען ליידיק, די קרעמלעך זיינען געווען פאַרמאַכט — ניט געווען קיין קונים — איז אויפן מאַרק פאַר־ פאָרן א קאַרעטע מיט גומענע רעדער. דאָס איז געווען אַ זעלטנהייט צו זען אין ראַדין. קרעמער האָבן ארויסגעשטעקט די קעפּ, זען וואָס איז געשען. פון דער קאַרעטע איז ארויס אַן עלטערע פרוי, אויסגעפּוצט ווי אַ פריצטע מיט א

רעטאָנדע און אַ הוט מיט אַ פעדער, באַצירט מיט גאָלד און דימאַנטן, און נאָך איר אַ יונגער־מאַן, אויך אויסגעפּוצט ווי אַ פּריץ — מסתמא פּריצים. אָבער וואָס טוען פּריצים אין ראַדין? אפשר א צרה? און ווען די פּריצים האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ צעבראָכענעם יידיש ווו עס איז די שקאָלע פאַר רבנים, איז געוואָרן אין שטעטל אַ טומל. מאָדנע יידן, וואָס זעען אויס ווי גויים, איז צו וואָס דאַרפן זיי די ישיבה? האָט זיך ארויסגעוויזן אז זיי זיינען די משפּחה פון בעל־תשובה. ווען מען האָט אָנגעזאָגט דעם בעל־תשובה אז זיין משפּחה איז געקומען אים זען, האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל אויף זיין פּנים. און ער איז ארויס זיי באַגעגענען.

די מוטער האָט זיך דערשראָקן ווען זי האָט אים דערזען. זי האָט אים פּשוט ניט דערקענט. אין זיין באָרד און פּיאות האָט ער אויסגעזען ווי אַ פרעמ־דער פרומער ייד, וואָס זי האָט אַ מאָל געזען אין איר שטאָט. זי האָט זיך אפילו מיט אים ניט צעקושט — ס'איז ניט איר באָריס. ניט אויסריידנדיק קיין וואָרט האָט זי זיך צעוויינט.

„וואָס וויינסטו, מאַמע?" פרעגט ער צאַרט.

„זע ווי דו זעסט אויס, מיין קינד", זאָגט זי.

„ווי זע איך אויס? איך זע אויס ווי אַ ייד דאַרף אויסזען. און וואָס מאכסטו, מאַמע, און דו, מיין ברודער?"

„אונדזער האַרץ איז אונדז צעבראָכן איבער דיר, באָריסל".

„איר דאַרפט זיך פרייען מיר אזוי צו זען. מאַמע, מיר איז נאָך קיין מאָל אזוי גוט ניט געווען".

„פאַר וואָס האָסטו ניט געשריבן פאַר די אַלע יאָרן? מיר האָבן ניט געוווּסט ווו דו ביסט פאַרפאַלן געוואָרן און ניט גערוט, ביז מיר האָבן דיר געפונען".

„מאַמע, איך האָב ניט געוואָלט מען זאָל מיר שטערן אין לערנען. און אפשר וואָלט איך ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון".

„באָריסל", זאָגט די מוטער, „מיר זיינען דיר געקומען נעמען אהיים".

„איך וויל דיר ניט טאָן, מאַמע, אָבער מיין היים איז דאָ, אין ישיבה".

דער ברודער, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, האָט געזאָגט: „באָריס, דו קענסט דאָך אויך ביי אונדז אהיים לערנען און זיין א פרומער ייד. די מאַמע בענקט נאָך דיר און איך אויך".

„ניין, מיין ברודער. עס שטייט געשריבן מען זאָל פאַרטריבן ווערן אין אַ מקום תורה. איך בין דאָ צווישן פרומע יידן און תורה. ניט ווי אין דיין שטאָט, ווו עס הערשן די נאַרישקייטן פון פון עולם הזה".

די מוטער מיטן ברודער זיינען געבליבן פאַרן טאָג אין ראַדין און זיך געבעטן ביים בעל תשובה ער זאָל פאָרן מיט זיי צוריק אַהיים, און ניט געקענט אויף אים ווירקן.

זיי זיינען אוועק צום חפץ חיים אים בעטן ער זאָל ביי אים פועלן ער זאָל פאָרן אַהיים. דעם חפץ חיים האָבן זיי געפונען, ווי געוויינלעך, אַרומגערינגלט מיט זיינע ספרים. זיי האָבן זיך געוואונדערט, אַז אַזאַ קליין יידעלע איז אַ גרויסער ראַבין. ער האָט שוין געוווסט וועגן זיי זיינען, האָט ער ניט אויפגעהויבן די אויגן, כדי ניט צו קוקן אויף אַן אשה. ער האָט זיי זייער פריינטלעך אויפגענומען, אפילו געבעטן זיצן. די מוטער האָט זיך צעוויינט און געבעטן ער זאָל ווירקן אויף איר זון ער זאָל פאָרן מיט זיי צוריק אַהיים — ער קען דאָך דאָרט אויך זיין פרום און לערנען. זאָגט דער חפץ חיים פאַרוואונדערט: „איך פאַרשטיי אייך ניט. דער רבש״ע האָט אייך געהאָלפן מיט אַזאַ גליק, שלא כל אדם זוכה לכך. אַלע מאַמעס וואָלטן זיך ווינטשן און פילן גליקלעך צו האָבן אַזאַ קינד, אַ גרויסער צדיק און תלמיד חכם, און איר וויינט גאָר און ווילט אים צונעמען פון אַ מקום־תורה אין אַ גויישער שטאָט. איר דאַרפט זיך פרייען ניט וויינען״.

זיי האָבן קוים פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט צו זיי, אָבער זיי האָבן באַגריפן אַז ער וועט זיי ניט העלפן. די מוטער האָט אים פאָרגעלייגט אַ גרויסע סומע געלט פאַר דער ישיבה, ער זאָל איר העלפן.

„מיר שיקן משולחים צו יידן זיי זאָלן שטיצן די ישיבה״, זאָגט דער חפץ חיים, „כדי ישיבה־לייט זאָלן קענען זיצן און לערנען און האָבן אַ חלק אין לערנען, ווי יששכר און זבולון, ווילט איר איך זאָל זיין אַ שותף צו פאַרקויפן די תורה פאַר געלט?״

ווען זיי האָבן געזען אַז זייער באַריס וועט צוריק מיט זיי ניט פאָרן, האָט אים די מוטער פאָרגעלייגט ער זאָל נעמען געלט, ער זאָל קענען לעבן בעסער. זיי וועלן אויך שיקן געלט פאַר דער ישיבה. ער האָט זיך פאַרטראַכט און געזאָגט, אַז ער וועט זיי נאָך היינט געבן אַ תשובה.

ער איז אוועק צום חפץ חיים זיך מיט אים מישב זיין.

דער חפץ חיים האָט געזאָגט: „אדרבא, זאָלן זיי אויך האָבן אַ חלק אין תורה און פאַרדינען אַ מיצווה. אָבער זיי מוזן צוזאָגן, אַז זיי וועלן ניט האַלטן אָפן זייערע געשעפטן שבת און יום־טוב און זיך פירן ווי יידן״. זיי האָבן מסכים געווען דערצו.

פאַרן געזעגענען זיך האָט די מוטער אים געפרעגט, אויב זי מעג אים קושן. „ס׳איז ניט רעכט, מאַמע״, זאָגט ער, „אָבער איך פאַרזיכער דיר אַז מיין האַרץ

גייט אויס פאַר ליבשאַפט צו דיר און צו מיין ברודער". ניט ווי צו טאָן דער מוטער האָט ער זיך מיטן ברודער אויך ניט געקושט. די מוטער האָט זיך צע־וויינט, און ביים ברודער זיינען אויך געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

ווען זיי זיינען געבליבן אליין זאָגט דער ברודער: „דו ווייסט, מאַמע, איך טראַכט אפשר איז באָריס גערעכט?"

„באָריס?" זאָגט די מאַמע, „זיין נאָמען איז מער ניט באָריס, נאָר רבי ברוך — אזוי רופט מען אים".

דער בעל תשובה האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ קליין שטעטלשן רב. די מוטער איז געקומען צו דער חתונה אָן אַ הוט מיט אַ פעדער, נאָר אין אַ שייטל. זי האָט אויסגעטאָן אירע פּערל, עס אָנגעטאָן דער כלה, זי געקושט און גערופן מיין קינד, און האָט געזאָגט: „איך האָב, גאָט צו דאַנקען, אַ סך נחת פון מיין ברוכן..."

* * *

ראַדינער ישיבה האָט מיך ניט באַפרידיקט. דער דרך פון לערנען איז געווען צו טרוקן. איך בין געווינט געווען צו שאַרפקייט פון פּילפּול. און כאָטש איך בין שוין ניט געווען מער קיין מוסרניק און אוועק פון נאוואַרעדאָק אַנ־טוישט אין מוסר, האָב איך אָבער געבענקט נאָך דער נאוואַרעדקער וואַרעמער סביבה. ראַדינער ישיבה איז געווען פאַר מיר צו קאַלט און איך האָב זיך דאָרט געפילט עלנט. ראַדינער מוסר האָט ניט געהאַט דעם ברען און זוכענישן ווי אין נאוואַרעדאָק. די ישיבה איז געווען אַ פרומע, ווי פּשוטע יידן זיינען פרום, ווי די פרומקייט פון מיינע שטעטלשע יידן. איך בין געוואָרן אומרואיק און נאָך זעקס חדשים האָב איך פאַרלאָזן ראַדין און אוועקגעפאָרן אין סלאָבאָדקער ישיבה.

# סלאַבאָדקער ישיבה

דאָס שטעטל סלאַבאָדקע האָב איך שוין געקענט נאָך אײדער איך בין דאָרט אָנגעקומען. עס איז געווען די היים פון מײן פאַמיליע. איך בין דאָרט געבאָרן געוואָרן, מײן מוטער איז דאָרט געבאָרן געוואָרן, מײן פאָטער האָט דאָרט חתונה געהאַט, געלערנט און געגעסן קעסט. מײן מוטערס עלטערן האָבן נאָך געלעבט אין סלאַבאָדקע און אַ האַלב שטעטל זײנען געווען אונדזערע קרובים. מײן מוטער האָט סלאַבאָדקע נאָך אַלץ גערופן „מײן הײם“, כאָטש זי איז שוין געווען אַוועק פון דאָרט אַ סך יאָרן. איך האָב געוווּסט די נעמען פון אַלע אונדזערע קרובים, פעטערס און מומעס. איך האָב זיך פאָרגע־שטעלט אַז סלאַבאָדקע איז אַ גרויסע שטאָט מיט מויערן און גאַזאָווע לאָמפּן אויף די גאַסן, און אַלע גײען דאָרט אויסגעפּוצט.

מײן מאַמעס הוט מיטן פעדער, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן בײ אונדז אין זאַל, איז געווען אַן אָנדענקונג אַז זי איז אַ מאָל געווען אַ פרײלין און קומט פון אַ גרויסער שטאָט. זי האָט די הוט ניט געטראָגן, ווײל עס האָט ניט געפּאַסט אַז די רביצין פון אונדזער שטעטל זאָל אויסזען ווי אַ דײטשקע, מיט אַ הוט און אַ פעדער. זי האָט עס אָבער אָפּט דערמאָנט מיט שטאָלץ. זי האָט נאָך אַלץ געזאָגט „קאַפע“ אַנשטאָט „קאַווע און „זײ“ אַנשטאָט „איר“.

איך בין געווען זיכער, אַז מײן באָבע טראָגט אַ הוט אַפילו אין דער וואָכן און מײן זײדע טראָגט אַ פראַק מיט פּענסנע. און ווען איך בין דאָרט אָנגעקומען בין איך געוואָרן זײער אַנטוישט. סלאַבאָדקע איז געווען אַ פאָרשטאָט פון קאָוונע, וואָס דער טײך , די ווילִיע, האָט זײ צעטײלט. קאָוונע איז טאַקע געווען אַ גרויסע מאָדערנע שטאָט און סלאַבאָדקע איז געווען אַן אָפּגעשטאַנען קלײן שטעטל מיט פינצטערע געסלעך און אײנגעפאַלענע קלײנע הײזקעס — נאָך ערגער ווי מײן שטעטל. און נעמען פון גאַסן, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק, ווי מתים־גאַס א״א.

סלאַבאָדקע, ווי ראַדין, איז געווען צוגעפּאַסט פאַר אַ מקום־תורה און ישי־בות. און אויסער דעם ווען סלאַבאָדקער ײדן האָבן געדאַרפט טאָן געשעפטן

מיט קאָוונע, האָבן זיי מיט דער רווישיקער שטאָט ניט געהאַט צו טאָן. איז דאָס די סלאַבאָדקע וואָס מיין מאַמע האָט זיך מיט איר באַרימט און וואָס איך האָב וועגן איר געחלומט?

מיין זיידע האָט ניט געטראָגן קיין פראַק מיט פּענסנע, נאָר אַ שווערע שוואַרצע קאַפּאָטע מיט אַ וואָכעדיק היטל. ער איז געווען אַ שווערער ייד האָט ווייניק גערעדט און אונטערגעברומט, און האָט אויסגעזען ווי אין כעס. ער האָט זיך מיט מיר ניט געקושט, ניט געהאַלטן פון די סענטימענטן און פוסטע זאַכן, ווי ער האָט עס גערופן. דערפאַר איז די באָבע געווען דער היפּוך פון אים. זי איז געווען א קליינע, ליבע אלטיטשקע, אין אַ שייטל — ניט קיין הוט, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט — מיט אַ גוטן שמייכעלע. זי האָט זיך זייער דער־פרייט מיט מיר: „ס׳איז זייער גוט וואָס דו ביסט געקומען״, האָט זי געזאָגט צו־פרידן. „ס׳וועט זיין היימלעכער. אַלע מאָל איז געווען ביי אונדז אַ פולע שטוב, קיין עין־הרע, און איצט, אויף דער עלטער, איז ליידיק און אומעטיק״. איך האָב געזען אז אפילו דער זיידע איז אויך געווען צופרידן וואָס איך בין געקומען, כאָטש ער האָט עס ניט געקענט ארויסווייזן. דאָך כדי מיר ארויסוויזן אַ ביסל פריינטשאַפט האָט ער געגעבן אַ ברום און געזאָגט: „ווועסט קענען שלאָפן אין אַלקער״.

דער אַלקער איז געווען אַ קליין צימערל, ווו עס האָבן געלעבט די איידעמס ווען זיי האָבן געגעסן קעסט. היינט איז דאָרט געלעגן האַלץ פאַר ווינטער און קאַסטנס מיט אַלטוואַרג. מיין זיידע האָט קיין זאַך ניט געקענט ארויסוואַרפן. די סטאַנציע איז מיר ניט געפעלן געווען, ס׳וועט מיר זיין אומעטיק און איך האָב געוואָלט זיין מיט חברים. איך האָב אויך ניט געוואָלט, אז די אלטיטשקע באָבע זאָל מיר באַדינען. אָבער ניט וועלנדיק זיי ווייטאָן האָב איך מסכים גע־ווען דערווייל צו שטיין מיט זיי.

אַלע סלאַבאָדקער פיינע בעלי־בתים האָבן געהאַט אַ שייכות מיט די ישיבות. ס׳זיינען געווען אזעלכע וואָס האָבן אליין געלערנט אין איינע פון די ישיבות אָדער געהאַט א זון אַ ישיבה־בחור, און כמעט אלע האָבן געהאַט ישיבה־בחורים פאַר איידעמס. דאָס איז דאָך געווען די סחורה וואָס סלאַבאָדקע האָט פּראָדו־צירט, און ס׳איז געווען לייכט זיך איינצושאַפן אזא איידעם. מיין זיידע האָט גע־האָט פיר איידעמס רבנים פאַר זיינע פיר טעכטער און איז געווען זייער שטאָלץ מיט דעם. ער האָט ניט געהאַט קיין זין, און אז מען האָט דערמאָנט זיין נאָמען האָט מען צוגעלייגט — „מיט די איידעמס״.

נאָר געציילטע סלאַבאָדקער בעלי־בתים האָבן געהאַט זייערע געשעפטן אין קאָוונע, זיך געפירט ווי קאָוונער און האָבן מיט די ישיבות קיין שייכות ניט

געהאַט. איינער פון זיי איז געווען מיין מאַמעס אַן אָנקל. זיינע קינדער זיינען געגאַנגען אין די גימנאַזיעס און זיין שטוב איז געווען פול מיט יונגע מענטשן, ווי מיין שכנס הויז אין נאַוואַרעדאָק — אפילו מיט אַ רחלען (זייט די מעשה וואָס עס האָט געטראָפן מיט מיר אין נאַוואַרעדאָק מיט רחלען זיינען אַלע שיינע מיידלעך ביי מיר געווען רחלעך). מיין זיידע האָט געזאָגט, אַז מיט „דאָרטן" — ער האָט זיי ניט גערופן ביים נאָמען, נאָר „דאָרטן" — דאַרף מען קיין צו פיל מחזקות ניט מאַכן. ס׳איז ניט כדאי. מיט די קרובים האָב איך זיך דווקא שפּע־טער באַפריינדט. זיי זיינען געווען טייערע, ליבע מענטשן און זיי האָבן מיר אויך אַרויסגעוויזן זייער פריינדשאַפט.

אין סלאַבאָדקע זיינען געווען צוויי ישיבות. איינע, כנסת יצחק, אויפן נאָמען פון קאָוונער רב ר׳ יצחק אלחנן. זי איז ניט נאָר ניט געווען קיין מוסר־ישיבה, נאָר קעגן מוסר. די צווייטע ישיבה האָט געהייסן כנסת יש־ראל, אויפן נאָמען פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער, וואָס איז געווען דער גרינדער פון דער מוסר־פילאָסאָפיע.ביידע ישיבות האָבן זיך כמעט ניט געמישט. כנסת ישראל איז געווען די גרעסערע ישיבה אין צאָל ישיבה־לייט. זי איז אויך געווען די הויפּט־ישיבה פון מוסר. און טראָץ דעם וואָס איך בין שוין ניט געווען קיין מוסרניק, האָב איך אויסגעקליבן צו לערנען אין כנסת ישראל. דאָרט איז געווען לעבעדיקער, מער קאָלירפול. זי איז אויך געווען מיין פאַמי־ליע־ישיבה. מיין פאָטער, מיינע אָנקלס און מיינע ברידער האָבן אַלע געלערנט אין כנסת ישראל. אויך אַ סך פון מיינע חברים פון די פריערדיקע ישיבות האָבן דאָרט געלערנט און די מנהלים זיינען געווען פריינט פון אונדזער משפחה.

* * *

ווען איך האָב זיך אויסגערוט בין איך אַוועק זען דעם „אַלטן", וואָס איז געווען דער מנהל־רוחני פון דער ישיבה. ער איז אויך געווען דער ראש פון אַלע מוסר־ישיבות אין ליטע.

דער אַלטער האָט מיך ניט אויפגענומען מיט דער זעלבער וואַרעמקייט ווי ר׳ יויזל. ער האָט געוואַרט צו זען ווי דער בחור וועט זיך אויפפירן. און דאָס וואָס איך האָב געלערנט אין נאַוואַרעדאָק האָט אויף אים קיין גרויסן איינדרוק ניט געמאַכט. אין כנסת ישראל האָט מען געקוקט מיט ביטול אויף נאַוואַרעד־קער מוסר. די ישיבה־לייט האָבן זיך אויך צעטיילט, ווי אין נאַוואַרעדאָק, אויף מוסרניקעס — מקורבים פון אלטן. זיי זיינען געווען די עליט, די אַריס־טאָקראַטיע פון דער ישיבה. צווישן זיי זיינען געווען ניט נאָר גרויסע מוסר־

ניקעס, נאָר אויך גרויסע לומדים און אפילו משכילים. זיי וועט ניט שאַטן, אויף זיי קען מען זיך פאַרלאָזן. דער „אלטער" האָט זיך אפילו געגרויסט מיט זיי. ער האָט זיך נוהג געווען צו דוצן זיינע מקורבים, זיי זאָגן „דו", צו ווייזן זיין נאָענטקייט מיט זיי. און די אַנדערע סתם ישיבה־לייט האָט ער געאירצט, אפילו די יונגע תלמידים. ס'איז ארומגעגאַנגען אַ וויץ אין ישיבה, אז דער „אַל־טער" זאָל האָבן געזאָגט צו אַ בחור, וואָס איז אַ מאָל געווען פון זיינע מקורבים און איז געוואָרן אויס מוסרניק: אַ מאָל ביסטו געגאַנגען אויפן ריכטיקן וועג, און היינט זייט א י ר אַוועק, פאַר וואָס? זיינע מקורבים האָט ער אויך באַ־צייכנט מיט גרויסע נעמען, זיי פאַרגליכן מיטן רא"ש, מיטן רנב"ן און נאָך אזעלכע נעמען. אַ גרויסן טייל פון די ישיבה־לייט, וואָס זיינען ניט געווען פון זיינע מקורבים, האָט ער אפילו ניט געקענט.

דער דרך פון סלאָבאָדקער מוסר איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער ווי אין נאָ־ווארעדאָק אָדער ראדין. דאָרט זיינען ניט געווען קיין פרושים. זיי האָבן ניט איבערגעקערט די קאַפּאָטעס און געאַרבעט אויסצורייסן פון זיך די תאוות פון כבוד און ביטול היש. אדרבא, תלמידי־חכמים דאַרפן דערוועקן דרך־ארץ ביי מענטשן. מען דאַרף האַלטן ריין ניט נאָר די נשמה, נאָר אויך דעם גוף, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן בצלם אלוהים, איז הייליק און דאַרף שיינען מיט היי־ליקייט, ווי די גמרא דערציילט וועגן ר' יוחנן, אז ער פלעגט אויפדעקן זיין נאַקעטן אָרעם אין א פינצטערן צימער איז געוואָרן ליכטיק. סלאָבאָדקער מוסר האָט אויך ניט געלערנט אז מען דאַרף גיין אויפן אויסגעטראָטענעם וועג. די גוטע מידות זאָלן ניט ווערן קיין הרגל, מצוות אנשים מלומדה, יעדער מענטש דאַרף זיך פאַרטראַכטן און אָפּגעבן אַ חשבון־הנפש, און לויט זיינע כוחות זיך דערהייבן צו שלימות.

פון די שמועסן וואָס איך האָב געהערט פון „אלטן" און וואָס איך האָב שפּעטער געלערנט, איז מיר געבליבן אין זיכרון אַ טייל פון זיין מוסר־פילאָסאָ־פיע וואָס האָט געלערנט: אדם, דער ערשטער מענטש, איז געווען דער בחיר היצורים. ער איז געווען דער ציל און תכלית פון דער גאַנצער יצירה, און אַלץ ארום איז נאָר געווען אַ טפל, כדי אים צו באַדינען. אפילו די מלאכים זיינען אויך געשטאַנען אויף אַ נידעריקערער מדרגה פאַר אים. און ווען זיי האָבן געזען אדמען צום ערשטן מאָל, האָבן זיי אויסגעשריען „קדוש", ווי ער וואָלט געווען אַ גאָט. זיי שטייען אויך נידעריקער, ווייל זיי האָבן ניט דעם כוח פון בחירה. זיי פירן נאָר אויס די שליחות פון גאָט, אָן אַן אייגענעם ווילן און אָן חשבון־הנפש. אדם האָט שוין געהאַט די אינסטינקטן פון טוב און פון רע, פון דעם יצר־

טוב און דעם יצר־רע, נאָך איידער ער האָט געגעסן פון עץ־הדעת. דורך דער זינד וואָס ער איז באַגאַנגען איז ער טאַקע אראָפּגעפאַלן אויף אַ נידעריקער מדר־גה, אָבער ער האָט געקראָגן דעת, זיך קלאָר צו מאַכן וואָס איז טוב און וואָס איז רע און דעם כוח פון בחירה. און ווייל דער געראַנגל ביים מענטשן מיטן יצר־טוב און יצר־רע האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך פון אדמען, האָבן סלאַבאָדקער מוסרניקעס געמאַכט פאַר זייער הויפּט־טעמע: אדם הראשון קודם החטא און אדם הראשון לאחר החטא. זיי פלעגן פרעגן, צוליב וואָס האָט גאָט, וואָס איז כולו טוב, באַשאַפן דעם יצר־הרע, וואָס איז כולו רע, ער זאָל פירן דעם מענטשן צו זינד. אויף דעם ענטפערן זיי: דער יצר־הרע איז טאַקע באַשאַפן געוואָרן ל־כתחילה אראָפּצופירן דעם מענטשן פון דרך הישר און דורך זיינע רמאות איס אָפּנאַרן אז טוב איז רע, און רע איז טוב. אָבער דורך דעם דעמאָנסטרירט ער דאָס פאַרקערטע. דער מענטש דורך זיין שכל קען דערזען די רמאות קלאָרער וואָס איז דער אמתער טוב און וואָס איז רע. פונקט ווי מען קען בעסער אָפּשאַצן ליכטיקייט ווען מען גייט ארויס פון דער פינצטער. דער מענטש קען זיך קליגן קעגן יצר־הרע, ווי עס שטייט לעולם יהא אדם ערום ביראה. קומט דאָך ארויס, אז דער יצר־הרע האָט אויך אַ מיסיע פון טוב און איז כולו טוב, ער דעמאָנסטרירט דעם טוב קלאָרער. ער האָט צוויי פונקציעס, וואָס איינע איז דער היפּוך פון דער צווייטער. אָדער ווי איינער פון סלאַבאָדקער תלמידים האָט זיך אויסגעדריקט, דער יצר הרע איז אַ פּאַראַדאָקס. און דאָס איז וואָס די חכמים האָבן געזאָגט: ואהבת את ה׳ אלוהיך בשני יצריך, ביצר הטוב וביצר הרע. דער יצר הרע העלפט קומען צו דעת און דורך דעת קומט דער מענטש צו אהבת אלוהים.

דער „אלטער״ און נאָך דעם זיינע תלמידים האָבן אויסגענוצט אלע מאמרי חז״ל, ווו עס האַנדלט זיך וועגן דעם ענין פון אדם קודם החטא און אדם לאחר החטא און איינגעטייטשט זיי כדי צו באשטעטיקן זייער פילאָסאָפיע. איינער פון דעם אַלטנס תלמידים האָט זיך באַרימט, אז ער האָט געזאָגט ק״ן שמועסן אויף דער טעמע.

די הנהלה פון סלאַבאָדקע האָט זיך ניט באגנוגנט איינצופירן מוסר נאָר אין זייער ישיבה, זיי האָבן אויך פאַרשפּרייט זייער נעץ אויף אַנדערע ישיבות דורך שיקן באוווּסטע מוסרניקעס, זייערע תלמידים, זיי זאָלן דאָרט איינפירן מוסר. זיי האָבן זיך אפילו משדך געווען מיט די קינדער פון מנהלים פון אנ־דערע ישיבות, כדי אריינצוברענגען דאָרט מוסר. זיי האָבן איבערגעפלאַנצט רבנים פון זייערע תלמידים אין שטעט און שטעטלעך, כדי השפעה צו האָבן אויך אויסער די ישיבות.

* * *

די ישיבה האָט געהאַט אירע חריפים, בקיאים און סתם לערנער. עס זיינען געווען אזעלכע וואָס מען האָט גערופן „יורה דעהניקעס", בחורים וואָס האָבן שוין בחורוויז געלערנט „יורה דעה" און „חשן משפט", כדי צו ווערן רבנים. פון זיי האָט מען אין ישיבה ניט געהאַלטן. ישיבה־לייט דאַרפן לערנען כדי צו ווערן לומדים, שאַרפן די קעפּ. און אז מען האָט חתונה און מען וויל ווערן א רב צוליב חיונה, לערנט מען „יורה דעה" און „חשן משפט".

אין סלאָבאָדקע זיינען אויך געווען א סאָרט ישיבה־לייט, וואָס איך האָב עס אין קיין אַנדער ישיבה ניט געזען — דייטשן. יונגע יידישע בחורים פון די גרענעץ־שטעט אין דייטשלאַנד, ווו ר' ישראל סאַלאַנטער האָט געלעבט פאַר אַ צייט און איבערגעלאָזן דאָרט תלמידים און פאַרערער. דייטשע פרומע יידן האָבן געשיקט זייערע זין אין סלאָבאָדקער ישיבה לערנען, זיי זאָלן ווערן מוסר־ניקעס. זיי זיינען געווען אַ מאָדנע דערשיינונג צווישן די ליטווישע און פּוילי־שע ישיבה־לייט. אַלע זיינען זיי געווען גרויסע, בלאָנדע און געזונטע בחורים, מיט רויטע, פולע זאַטע פּנימער. זיי זיינען געווען דייטשן, געכאָרכלט אויף דייטש און זיך געשאָקלט פרום ביים דאַוונען, ווי אמתע פרומע יידן. זיי זיינען געווען תלמידים, וואָס האָבן ניט געקענט לערנען פאַר זיך. דאָס איז געווען אַ זעלטענע זאַך אין ישיבה. אזעלכע גרויסע דערוואַקסענע חברה זאָלן נאָך זיין תלמידים.

זיי האָבן געהאַט א סך דרך־ארץ פאַר די פרומע ישיבה־לייט וואָס האָבן זיך אויך פרום געשאָקלט ביים דאַוונען ווי זיי. אויף דעם אַלטנס מקורבים און אויף סתם ישיבה־לייט האָבן זיי געקוקט מיט ביטול ווי אויף אָסט־יודן. מיר האָבן זיי גערופן „יעקעס".

פאַר ימים־נוראים פלעגן זיך אַראָפּלאָזן עלטערע, גרויסע אויסגעפּוצטע פרומע דייטשן, געוועזענע תלמידים פון ישיבה, ווי חסידים צום רבין. און דער „אַלטער" האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס וואַרעמקייט, ווי זיינע מקורבים. טראָץ דעם וואָס זיי זיינען געווען גרויסע עם־הארצים, אפילו אין מוסר אויך.

כאָטש דער „אַלטער" האָט זיך — ווי איך האָב פריער דערציילט — ניט פאַראינטערעסירט מיט סתם ישיבה־לייט וואָס זיינען ניט געווען קיין גרויסע מוסרניקעס און ניט פון זיינע מקורבים, און א סך האָט ער אפילו ניט געקענט, איבערהויפּט די יונגע. האָט אָבער אַ מאָל פּאַסירט אז א יונגער בחורל, אַ תלמיד, וועמען מען האָט אין ישיבה ניט געקענט, איז קראַנק געוואָרן אויף אַ קראַנקייט, וואָס ער איז געווען אין סכנה פון ערשטן טאָג. און ווען מען

האָט זיך פון דעם דערוווּסט, איז געוואָרן א טומל אין דער ישיבה. אלע זיינען געשטאַנען טאָג און נאַכט ארום דעם קראַנקנס סטאַנציע. מען האָט פארלאָזן דאָס לערנען און געזאָגט תהילים מיט א סך האָרץ. אנדערע האָבן אפילו גע־וויינט ביים תהילים זאָגן.

דער „אַלטער״ איז אויך געקומען עטלעכע מאָל אַ טאָג און ביי נאַכט מבקר־חולה זיין דעם קראַנקן און טרייסטן די מוטער פון קינד. און ווען דאָס בחורל איז געשטאָרבן, איז די גאַנצע ישיבה געווען אין אבלות. יעדערער האָט געפילט, ווי ער וואָלט פאַרלאָרן עפּעס אייגנס.

דער „אַלטער״ האָט מספיד געווען דעם מת און האָט זיך אזוי צעוויינט, אז ער האָט ניט געקענט ענדיקן דעם הספד. דאָס האָט אלעמען זייער גערירט. איך האָב געזען אין אים דאַן אַן אַנדער אַלטן. דער אַלע מאָל קאַלטער, אויס־גערעכנטער, וואָס נעמט אַן אַלץ פילאָסאָפיש, אזוי איז דער רצון הבורא זאָל ווערן אזוי סענטימענטאַל? נו, גיי קריך אריין אין דעם סוד פון די דאָזיקע יידן...

איך בין אין אין ישיבה ניט געווען פון די מקורבים פון „אַלטן״. איך בין נאָך געווען צו יונג און אויך ניט קיין מוסרניק. איך האָב מיר איינגעשאפט חברים, וועלכע זיינען אויך ניט געווען קיין מוסרניקעס און מיר האָבן גע־לערנט צוזאַמען.

פון מיין באָבעס סטאַנציע בין איך ארויס און געשטאַנען צוזאַמען מיט חברים.

## איך ווער אַ משכיל

איין טאָג האָב איך זיך דערוווּסט, אז צווישן מיינע נאָענטע חברים זיינען דאָ אזעלכע, וואָס לערנען בשתיקה השכלה. לייענען טריפה ביכלעך און לער־נען רוסיש, און אז מיין סטאַנציע איז אַ נעסט פון השכלה.

כאָטש איך בין ניט געווען קיין מוסרניק, בין איך אָבער געווען זייער פרום און דער נאָמען השכלה איז פאַר מיר געווען טריף. אין מיין שטעטל און אין די ישיבות האָט מען השכלה גערופן אפיקורסות. איך האָב גלייך געוואָלט פאַרלאָזן די סטאַנציע און די חברים.

זייער אָנפירער איז געווען איינער פון מיינע בעסטע חברים, פון די גוטע, יונגע בחורים פון דער ישיבה. איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין ווי קומט ער אוועקצוגיין אזוי וויט. ווען איך האָב דאָס אים געפרעגט, האָט ער מיר גע־ענטפערט אז איך בין אַ בטלן און ווייס ניט וואָס איך רייד. אַ משכיל דאַרף ניט

זיין קיין אפיקורס. ס'זיינען דאָ גרויסע און פרומע יידן און זיי זיינען משכילים. און דערביי קלערט ער מיר אויף די וויכטיקייט פון השכלה, און באַנוצט זיך מיטן גאַנצן לעקסיקאָן, מיט וועלכן משכילים האָבן דאַן באַצייכנט השכלה ווי השכלה בת השמים, ליכטיקייט, חכמה עליונה און נאָך אַזעלכע הייכע ווערטער, וואָס איך האָב אפילו ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט.

נאָך אַ סך טעג ריידן מיט מיר האָט זיך ביי מיר דערוועקט אַ נייגעריקייט צו פאַרזוכן דעם טעם פון דער טריפענער השכלה. און ווען ער האָט מיר פאַר־געלייגט איך זאָל לייענען אַ ביכל, האָב איך מסכים געווען.

דאָס ערשטע בוך וואָס ער האָט מיר געגעבן איז געווען מאַפּוס „אהבת ציון". איך האָב גענומען דאָס ביכל מיט שרעק, ווי עס וואָלט געווען עפּעס אַ טריפה זאַך, ווי די שרעק וואָס מען פילט ווען מען באַגייט די ערשטע זינד. אָבער די דערציילונג האָט מיר אַזוי געצויגן און גערייצט, אַז איך האָב זיך ניט געקענט אָפּרייסן און געלייענט ביז שפּעט אין דער נאַכט. אויף מאָרגן איז מיר שוין דאָס לערנען אפילו ניט געקראָכן אין קאָפּ און כ'האָב געטראַכט פון אמנון און תמרן און זיך ניט געקענט דערוואַרטן עס זאָל ווערן נאַכט און איך זאָל קענען ענדיקן דאָס בוך.

איך האָב ניט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס מען רופט דאָס אפיקורסות? פאַרקערט, עס איז דאָך אַזוי ווי דער תנ"ך און די שפּראַך איז אַזוי שיין — ניט ווי די גמרא און מפרשים וואָס זיינען אַזוי שווער. און ווען איך האָב געענ־דיקט דאָס בוך, האָט מיר שוין מיין חבר ניט געדאַרפט איינריידן איך זאָל ווערן אַ משכיל און לייענען ביכער. אדרבא, איך האָב שוין געבעטן ער זאָל מיר געבן נאָך אַזעלכע ביכער. ער האָט צופרידן געשמייכלט, וואָס ער האָט גע־מאַכט נאָך אַ משכיל.

„זעסט", זאָגט ער, „וואָס השכלה איז? די ביכער קריגט מען אין קאָוונע אין מאַפּוס ביבליאָטעק און יעדע פאָר טעג גייט אַ בחור בייטן די ביכער". אויב איך וויל אויך ווערן אַ שותף דערצו, וועל איך אויך מוזן גיין בייטן די ביכער.

דאָס ערשטע מאָל בין איך געגאַנגען מיט אַ חבר, איך זאָל וויסן ווו צו גיין. ס'האַרץ האָט מיר געשראָקן, ווי איך וואָלט געטראָגן געגנבעטע קאָנטראַבאַנדע, טאָמער געפינט מען אויס. אָבער מיט דער צייט האָב איך זיך איינגעוווינט און געוואָרן איינער פון די משכילים. מיר האָבן געלייענט וואָס ס'איז נאָר אריינגע־קומען אין האַנט — פון ביליקע ראָמאַנען, וואָס זיינען געווען איבערזעצט אויף יידיש און העברעאיש, ביז הויך־קאָמפּליצירטע פילאָסאָפישע ביכער וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען.

ביי נאַכט, אויף דער סטאַנציע, האָבן מיר זיך מפלפל געװען איבער די בי־כער מיטן זעלבן עקסטאַז און אפילו מיטן זעלבן ניגון װי אין לערנען. איך האָב שוין אויך אָנגעהויבן ריידן מיט דער זעלבער שפּראַך פון די משכילים און זיך געפילט העכער, װי אַ ציװיליזירטער מענטש. איך האָב זיך אָנגעהויבן פּוצן, װי עס פּאַסט פאַר אַ משכיל און געװאָרן אַ שטענדיקער איינגייער צו מיינע קרובים, װאָס דער זיידע האָט מיר געזאָגט אז ס׳איז ניט כדאי צו גיין צו זיי אין שטוב. דאָרט איז געװען אַ שטוב מיט יונגע בחורים און מיידלעך, רחלעך, װו מען האָט געזונגען און געלאַכט, פּונקט װי אין דעם שכנס הויז אין נאַװאַרע־דאָק און איך בין מיט דער צייט געװאָרן איינער פון זיי. מיינע קרובים זיינען געװען זייער פריינטלעך צו מיר און מיין אָנקל האָט געזאָגט: פון אים װעט שוין קיין רב ניט אַרויסװאַקסן.

איבערהויפּט האָט מיר מקרב געװען אַן עלטערער קוזין מיינער, אַ סטו־דענט װאָס האָט געלערנט אין דייטשלאַנד, אַן אויסערגעװיינלעכער, אינטעלי־גענטער און ליבער מענטש. ער איז אויך געװען באַקאַנט מיט יידישן װיסן. ער האָט פאָרגעלייגט מיר צו לערנען רוסיש, און איך האָב זיך אָן דעם אָנגע־כאַפּט. איין טאָג זאָגט ער מיר: „דו װייסט, חיים, דו װעסט זיך קיין מאָל קיין זאַך ניט אויסלערנען. דו לערנסט װי אַ בטלן. װעלטלעכע בילדונג איז ניט קיין פּילפּול פון ישיבה. דאַרפסט לערנען מיט אַ סיסטעם, ניט װי דו לערנסט — דאָס איז בטלנות״. ער האָט מיר געװיזן װאָס צו לערנען און לייענען. איך האָב פאַר אים געהאַט אַ סך דרך־ארץ און געזען אז ער איז גערעכט. ער האָט מיר אַ סך געהאָלפן און איך בין אים זייער דאַנקבאַר געװען דערפאַר. איך בין שוין ניט געװען אזוי פרום װי פריער און פלעג אָפּרייסן צייט פון לערנען אין ישיבה, כדי צו לערנען מיינע װעלטלעכע לימודים.

## דער עילוי

איין טאָג איז געשען א קאַטאַסטראָפע, און ס׳איז געװען מיין שולד. אין ישיבה איז אַרומגעגאַנגען אַ נידעריקער, אויסגעצערטער בחור, װעמען מען האָט גערופן „דער עילוי״. ער איז געװען דאָס שפּילצייג פון ישיבה, מיט װעמען די ישיבה האָט זיך געגרויסט. ער איז געקומען אין ישיבה פון אַ ליטװיש קליין שטעטל װען ער איז נאָך געװען זייער יונג. אין שטעטל האָט ער זיך גע־האָדעװעט אַלס יתום, אָן טאַטע־מאַמע, זיך געװאַלגערט אין בית־מדרש, גע־לערנט און געגעסן טעג. ער האָט אָבער געהאַט אויסערגעװיינלעכע פעאיקייטן.

איין טאָג איז אין שטעטל געקומען אַ משולח פון סלאַבאָדקער ישיבה און געפונען דאָס קינד אין בית־מדרש. ווען ער האָט גערעדט מיט אים האָט ער דערזען אַז דאָס איז ניט קיין געוויינלעכער ייִנגל. כאָטש ער איז געווען יונג, האָט ער שוין געקענט צוויי סדרים גמרא. אים האָט ווי געטאָן, אַז אַזאַ קינד מיט גרויסע פעאיקייטן זאָל פאַרלאָרן גיין אין שטעטל, און האָט אים פאָרגע־לייגט ער זאָל פאָרן אין סלאַבאָדקער ישיבה. דאָס ייִנגל האָט מסכים געווען, און אַזוי איז ער אָנגעקומען אין ישיבה. דער משגיח האָט זיך מיט אים דערפרייט זענענדיק זיינע כישרונות. די ישיבה איז געוואָרן זיין היים און דער משגיח — זיין טאַטע־מאַמע.

די ערשטע יאָרן האָט ער געלערנט מיט התמדה, געוואָרן אַ בחורל, אַ גרוי־סער למדן. ס׳איז ניט געווען קיין אָרט אין ש״ס, וואָס ער האָט ניט געוווסט. די ישיבה האָט זיך מיט אים געגרויסט, זיין נאָמען איז געוואָרן „דער עילוי״. מען האָט אפילו פאַרגעסן זיין אייגענעם נאָמען און דעם נאָמען פון זיין שטעטל.

ער איז געוואָרן א דערוואַקסענער בחור און זיך אַזוי צוגעוווינט צו זיין „דער עילוי״, אַז ער האָט שוין אפילו אויפגעהערט לערנען — ער דאַרף שוין ניט. ער איז געוואָרן ווילד פון די קאָמפּלימענטן, האָט ניט געהאַט קיין דרך־ארץ אפילו פאַר עלטערע, זיי גערופן עם־הארצים, גראָבע קעפּ און פּלוידער־זעק. אים האָט מען דאָס מוחל געווען — ער איז דאָך „דער עילוי״.

מיט מיר איז ער געווען פריינטלעך, ווייל אויסער זיינע פעאיקייטן אין לערנען איז ער געווען אַ גרויסער מנגן. זינגען איז געווען זיין גרעסטער פאַר־געניגן. און כאָטש ער האָט ניט געהאַט קיין שטימע האָט ער געזונגען זייער זיס. ער האָט פאַרפאַסט זיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס, חזנישע שטיקלעך. ער האָט מיר אַ מאָל געהערט זינגען און מיך ניט אָפּגעלאָזן מיר זאָלן זינגען צוזאַמען זיינע שטיקלעך, איך זאָל אים באַגלייטן מיט אַ טערצע — אַזוי האָט ער עס גע־רופן. און מיר זיינען געוואָרן גרויסע פריינט.

פאַר מיר איז עס געווען אַ גרויסער כבוד צו זיין אַ פריינט פון „עילוי״. ער פלעגט זיך זייער אויפרעגן ווען איך פלעג נעמען אַ פאַלשן טאָן. ער פלעגט זיך פאַרקרימען, ווי ער וואָלט געפילט אַ פיזישן ווייטיק, און פלעגט מיך אָנרופן מיט זידל־נעמען, ווי גראָבער קאָפּ, פלוידער־זאַק, דראָנג, שטיק האָלץ, ווו איז דיין קאָפּ ? ער האָט געזאָגט, אַז אין זינגען ליגט מער שכל ווי אין לערנען — דערצו דאַרף מען האָבן אויסער אַ נשמה אויך אַ קאָפּ.

איין טאָג קומט ער צו מיר אין סטאַנציע און געפינט מיר מיט אַ רוסישן ביכל אין האַנט. דאָס דערזען, שרייט ער אויס : „דו ביסט אויך פון יענע חברה־לייט ?״ איך האָב זיך זייער דערשראָקן.

„שרעק זיך ניט", זאָגט ער, „איך וועל קיינעם ניט אויסזאָגן. איך וויל אויך לערנען רוסיש און דורכגיין די קלאַסן. גיב מיר אַ ביכל".

איך האָב דערפון ניט געוואָלט הערן, אָבער ווער האָט געקענט פטור ווערן פון דעם עילוי? און נאָך דעם ווי ער האָט מיר צוגעזאָגט אַז ער וועט קיינעם ניט אויסזאָגן, האָב איך אים געגעבן אַ רוסישע כרעסטאָמאַטיע, איבערגע־געזעצט אויף יידיש. אין עטלעכע טעג האָט ער עס אויסגעלערנט אויף אויס־ווייניק, מיט דער איבערזעצונג. ער איז געקומען צו מיר אַן אַנטוישטער. „אָט דאָס איז די קלאַסן? די השכלה? דער גאַנצער ענין איז דאָך נאַרישקייטן, ניטאָ אין דעם קיין ברעקל שכל". איך האָב אים דערקלערט, אַז אַ שפּראַך איז אויך אַ מיטל צו לערנען די שכלדיקע זאַכן, וואָס מען האָט געשריבן אויף דער שפּראַך. האָט ער עס פאַרשטאַנען און מיר געבעטן איך זאָל אים געבן נאָך ביכער, ער וויל אויסלערנען גאַנץ רוסיש, ווי ער וואָלט זאָגן, ער וויל אויסלערנען גאַנץ ש"ס.

איך האָב אים געגעבן אַ ווערטערבוך איבערזעצט פון רוסיש אויף יידיש. ער האָט זיך פאַרמאַכט אין אַ חדר פאַר אַ צייט און אויסגעלערנט דעם גאַנצן ווערטערבוך אויף אויסווייניק. ער איז געקומען צו מיר מיט אַ שמחה, זיך באַרימענדיק, אַז ער האָט שוין אויסגעלערנט גאַנץ רוסיש, און איך זאָל אים פאַרהערן. איך בין געווען פאַרוווּנדערט צו זען אַז ער האָט טאַקע געוווּסט יעדן וואָרט צו איבערזעצן. ער האָט אָבער אַרויסגערעדט דאָס וואָרט אזוי, אַז מען האָט ניט געקענט פאַרשטיין וואָס ער זאָגט. איך האָב אים געגעבן אַ קאָמפּלימענט כדי פּטור צו ווערן פון אים, אַז ער האָט טאַקע אויסגעלערנט גאַנץ רוסיש און ער דאַרף שוין מער ניט לערנען.

ער איז אָבער ניט געווען צופרידן מיט דעם זיך צו באַרימען פאַר מיר און ער האָט פאַרגעסן זיין צוזאָג, אַז ער וועט קיינעם ניט דערציילן און אַוועק אין ישיבה מיטן ווערטערבוך בעטן אנדערע בחורים אים צו פאַרהערן.

ס׳איז געוואָרן אַ טומל אין ישיבה. דער משגיח האָט זיך דערפון דער־וווּסט, און דורך דעם אויסגעפונען וועגן דער גרופּע משכּילים. אַ סך פון מיינע חברים האָט מען אַרויסגעשיקט פון ישיבה. זיי זיינען געווען די בעסטע און פעאיקסטע פון מיינע חברים. איך ווייס, אַז זיי זיינען אַוועק פון ישיבה און פאַרקלאַפּט די טיר מער ניט צו קומען צוריק, און אפילו מיט אַ שינאה צו ישי־בות און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם. מיר איז בייגעשטאַנען זכות אבות צוליב מיין פאָטער, אָבער דער משגיח האָט מיך געשיקט רופן און מיר גע־וואָרנט איך זאָל אויפגעבן די נאַרישקייטן. איך האָב געמוזט אויפגעבן די נאַ־רישקייטן פאַר אַ צייט.

ס'איז מיר געוואָרן ענג אין ישיבה און כ'האָב דערפילט אז סלאַבאָדקע איז פאר מיר קיין אָרט ניט מער. איך האָב אפילו אָנגעהויבן טראַכטן צו פאַר־לאָזן די ישיבות און אָנהויבן שטודירן. איך האָב אָבער דערצו ניט געהאַט קיין מוט און קיין מעגלעכקייטן. האָב איך באַשלאָסן מער ניט צו לערנען אין קיין מוסר־ישיבות, צו פאָרן אין אַ ישיבה וווּ ס'איז פריי צו לערנען אויך אנדערע לימודים.

# פאַניעוועזשער ישיבה

פּאַניעוויעזש איז געווען איינע פון די גרויסע יידישע קהילות אין ליטע. אַ שטאָט מיט גרויסע לומדים און אינטעליגענטן. איבער הויפּט האָט פּאַניעוויעזש געהאַט אַ נאָמען צוליב די באַוווסטע רבנים, וועלכע זיינען דאָרט געזעסן אויפן כיסא־הרבנות פון צייט צו צייט.

דאָרט האָט זיך געגרינדעט אַ נייע ישיבה, אָדער ווי מען האָט זי גערופן „אַ קיבוץ", ווייל מען האָט דאָרט אָנגענומען אַ באַגרענעצטע צאָל ישיבה־לייט. דער קיבוץ איז אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך די באַקאַנטע פילאַנטראָפּישע פאַמיליעס פון וויסאָצקיס יורשים — גאַווראָנסקי און גאָץ. איך גלויב, אז גאָץ איז געווען דער פאָטער פון איינעם פון די פירערס פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי אין רוסלאַנד. זיי האָבן אויסגעקליבן פּאַניעוויעזש, ווייל אין יענער צייט איז געזעסן אויפן כיסא־הרבנות דער באַוווסטער גאון ר׳ יצחק ראַבינאָוויטש, וועלכער איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען ר׳ איצעלע פּאָניעוויעזשער.

ר׳ איצעלע האָט מיר אַ סך דערמאָנט אָן דעם חפץ חיים, מיט זיין אויסזען און פירונג. ער איז אויך געווען אַ קליין דאַר יידעלע, אָנגעטאָן ווי אַ פּשוטער ייד, ניט מיט קיין זשופּיצע און שטריימל און האָט ניט געפּראַוועט קיין רבנות. דערפאַר איז ער אָבער געווען דער היפּוך פון חפץ חיים אין זיין שיטה פון לערנען. ער איז געווען דער ריז, דער גאון פון פּילפּול, וואָס האָט געבליצט מיט שאַרפקייט און חידושים. ער איז אַלע מאָל געווען פאַרטראַכט אין לערנען, דער קאָפּ האָט ניט גערוט. עס איז געווען אָן איבערלעבונג צו הערן אים זאָגן א שיעור. דאָס קליינע יידעלע האָט אויפגעלעבט, אויסגעוואַקסן. ער איז געוואָרן אַ מאַשין, וואָס האָט געבליצט מיט פונקען, זיך געגרונטעוועט אין די טיפענישן פון תלמוד, געפלויגן פון איין אָרט אין ש״ס און פוסקים צום צווייטן,

געזוכט סתירות און זיי פאַרענטפערט, געמאַכט פאַרגלייכונגען און זיי צע־שטערט און צוריק אויסגעגליכן זיי מיט גאונישע איינפאַלן. מען האָט ניט גע־טאָרט אַוועקנעמען דעם געדאַנק פאַר אַ רגע, כדי ניט צו פאַרלירן דעם פאָדעם וואָס ער האָט געצויגן. ער פלעגט אפילו אַ מאָל ניט פאַרענדיקן אַ געדאַנק — מען דאַרף אליין פארשטיין וואָס ער וויל זאָגן — ווייל ס'איז שוין געבאָרן גע־וואָרן ביי אים אַ נייער חידוש. עס האָט אויסגעזעען ווי ער איילט, ווייל ארייג־כאַפּן. ער האָט אַזוי פיל חידושים צו זאָגן. זיין בקיאות און חריפות איז געווען ווי אַ קוואַל וואָס שעפּט זיך ניט אויס.

ער איז געבליבן ביי מיר אין זיכרון מער ווי אַנדערע רבנים און גאונים, וועלכע איך האָב געטראָפן אין מיין צייט. ווייל אויסער זיין תורה איז ער גע־ווען אַ ליבער ייד, פול מיט פשטות און גוטסקייט, וואָס איך האָב זייער ווייניק געטראָפן ביי אַנדערע רבנים. זיין טיר איז אַלע מאָל געווען אָפן פאַר זיינע תלמידים וואָס זיינען געקומען זיך דורכריידן מיט אים אין תורה, ווען זיי האָבן עפּעס מחדש געווען. און אז ער האָט געפונען א ישיבה־מאַן אַ בעל־כישרון, האָט ער אים זייער מקרב געווען, ארויסגעוויזן ליבשאַפט און זיך באַ־צויגן צו אים ניט ווי צו אַ תלמיד, נאָר ווי צו אַ חבר.

פון זיינע מידות און טאָלעראַנץ האָבן זיך געקענט לערנען א סך פון די מוסרניקעס וואָס האָבן געארבעט אויף מידות. ער האָט ניט ארויסגעשיקט פון ישיבה תלמידים דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך פאַרנומען אויך מיט אנדערע לימודים אין דער צייט ווען זיי זיינען ניט געווען פאַרנומען מיטן לערנען אין ישיבה. אדרבא, ער האָט מכבד געווען אינטעליגענטע ישיבה־לייט. ער אליין האָט אויך געלייענט אַ רוסישע צייטונג בשעה שלא יום ולא לילה און — דערפאַר האָב איך אויסגעקליבן פאָניעוועזשיער ישיבה נאָך סלאָבאָדקע.

אין דעם „קיבוץ" האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן א סך בחורים און יונגע־לייט, וועלכע זיינען געווען די אינטעליגענץ פון די ישיבות. חוץ דעם זיינען זיי אויך געווען גרויסע לומדים. דאָרט איז אויך ניט געווען די בטלנות פון השכלה בת השמים. אייניקע פון זיי האָבן שוין גערעדט צווישן זיך א פיינעם העברעאיש און געשריבן ארטיקלען אין די צייטונגען און זשורנאַלן אויף פאַרשיידענע טעמעס. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך געטראָפן א סך פון זיי, וואָס זיינען געוואָרן שרייבערס און באַוווסטע פירער פון יידישע פאַרטייען.

די שטאָט פאָניעוויעזש האָט אויך געהאַט אַן אינטעליגענטע יידישע יוגנט, וואָס אַ סך „קיבוצניקעס" האָבן זיך מיט זיי באַפריינדט און געלערנט איינער פון אַנדערן. פאָניעוויעזשער ישיבה האָט ארויסגעגעבן דעם ערנסטן, יידישן משכיל, כמעט ווי די אַמאָליקע וואָלאָזשין.

איך בין דאָרט געבליבן ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די ישיבה־לייט זיינען זיך צעפאָרן. איך האָב שוין געדאַרפט שטיין צום פריזיוו, און ניט האָבנדיק קיין גרויסן חשק צו ווערן א רוסישער סאָלדאַט האָב איך באַשלאָסן, ווי אַ סך פון מיינע חברים, צו וואַרטן ערגעץ אין אַ שטעטל ביז די דייטשן וועלן קומען, און מיר וועלן פטור ווערן פון די רוסן.

מיין היים איז שוין געווען פארנומען פון די דייטשן. איך האָב געהערט, אז וואָלאָזשינער ישיבה איז נאָך אָפן, און דאָרט האָבן געלערנט אייניקע פון מיינע חברים פון אַנדערע ישיבות. אגב, האָב איך אזוי פיל געהערט און גע־לייענט וועגן וואָלאָזשינער ישיבה, אז איך האָב ניט געוואָלט פארלאָזן די ישי־בות ניט צו זיין אין וואָלאָזשין, ווי דער פינאַל פון מיין לערנען אין ישיבות.

און נאָך לאַנגע שלעפעניַשן האָב איך זיך דערשלעפט צו וואָלאָזשין.

# וואָלאָזשינער ישיבה

### א.

וואָלאָזשינער ישיבה איז געווען די עלטסטע ישיבה אין דער אַמאָליקער ליטע. דער גרינדער איז געווען ר׳ חיים וואָלאָזשינער, איינער פון די גרויסע גאונים פון זיין צייט און אַ באַליבטער תלמיד פון ווילנער גאון.

וואָלאָזשינער ישיבה האָט געהאַט אַ לאַנגע און גרויסע טראַדיציע, די אָקספאָרד און קעמברידזש פון די ישיבות. אירע ראשי־ישיבות זיינען אלע מאָל געווען די גרעסטע גאונים. די ישיבה האָט געהאַט אַ נאָמען אז דאָרטן איז תורה וחכמה במקום אחד. פאר איבער הונדערט יאָר פון איר עקסיסטענץ זיינען פון דאָרטן ארויס ניט נאָר די גרעסטע יידישע גאונים, רבנים און לומדים, וועלכע האָבן פארשפרייט תורה איבער דער גאַנצער יידישער וועלט, נאָר אויך אַ גרויסער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ. יידישע פירער, שרייבער און קינסטלער אויף אַלע געביטן זיינען ארויסגעקומען פון וואָלאָזשין. די ישיבה איז געווען אַ נעסט פון דער השכלה. איך ווייס ניט אויף וויפל עס איז אמת, אָבער מען האָט דערציילט, אז עס איז געווען א צייט, ווען אין ישיבה זיינען אָנגעקומען צייטונגען און זשורנאַלן אויף זעקס שפראַכן. דאָס באווייזט, אז דאָרט האָבן ניט נאָר געלערנט תלמידים פון פארשיידענע לענדער, נאָר אז די ישיבה איז געווען א צענטער פון קולטור.

פון דעם וואָס איך האָב געהערט און געלייענט וועגן וואָלאָזשינער ישיבה האָב איך זיך פאָרגעשטעלט אַ מין „יבנה וחכמיה" אין מיניאטור. איך האָב געפונען די ישיבה ניט ווי איך האָב זיך איר פאָרגעשטעלט. זי איז כמעט געווען ליידיק און פאַרלאָזן צוליב דער מלחמה.

דאָס שטעטל איז געווען קליין, פאַרוואָרפן און צעטיילט אויף צוויי טיילן — אַ באַרג ארויף און באַרג אַראָפּ, אזוי האָט מען גערופן די צוויי טיילן. די

געביידע פון דער ישיבה איז געשטאַנען אויפן באַרג ארויף און די סטאַנציעס זיינען געווען אויפן באַרג אַראָפּ. די ישיבה האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַן אַלטער פאַרלאָזענער טעמפּל, אַן איבערבלייבעניש פון אַמאָליקער גרויסקייט. די ווענט זיינען געווען פאַרשוואַרצט פון אַלטקייט און פאַרלאָזנקייט און האָבן געמאַכט דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן באַהאַלטן אין זיך אַ גרויסן סוד פון אַ מאָל.

איך בין געווען צופרידן צו געפינען עטלעכע פון מיינע נאָענטע חברים פון אנדערע ישיבות, און זיי האָבן זיך אויך דערפרייט מיט מיר, גלייך ווי אַ נייער בחור וואָלט אריינגעבראַכט ניי לעבן אין ישיבה.

עס איז נאָך געבליבן אַ שארית הפליטה, וואָס האָט דערמאָנט אַן אַמאָליקער וואָלאָזשין — עטלעכע עלטערע בחורים, גרויסע לומדים און משכילים. מיר זיינען גלייך געוואָרן פריינט מיט אלע ישיבה־לייט. עס האָט אויסגעזען ווי אַ קליינע פאַמיליע, וואָס האָט זיך צוזאַמען אין אַן עת־צרה.

אין ישיבה זיינען נאָך געשטאַנען די אַלטע טישן און שטענדערס, וואָס האָבן מיך דערמאָנט אַן אונדזער גרויסן בית־מדרש. אָנגעזאָפּט מיט תורה פון אזוי פיל לערנען אויף זיי. מען האָט מיר אָנגעוויזן די ערטער וווּ עס זיינען געזעסן און געלערנט באַוווּסטע מענטשן, תלמידים פון דער ישיבה, און זיי האָבן געמאַכט דעם איינדרוק ווי מצבות אויף אַן אלטן בית־הקברות. עס האָט מיך זייער ווייַ געטאָן צו זען די ליידיקייט און פאַרלאָזנקייט, דעם חורבן פון אזא גרויסקייט, וואָס איז מיר געווען אזוי נאָענט ווי אייגנס, כאָטש איך האָב די גרויסקייט פריער ניט געזען.

ב.

איך האָב גענומען אַ סטאַנציע צוזאַמען מיט מיינע חברים אויפן באַרג ארונטער. די מערסטע צייט האָבן מיר פאַרבראַכט אויף די סטאַנציעס. עס איז ניט געווען קיין שטימונג צו לערנען. קיין סאָלדאַטן זיינען אין וואָלאָזשין ניט געווען און מען האָט דאָרט ניט געפילט די מלחמה.

איך האָב זייער ליב געהאַט צו קומען אין די נעכט צו באַזוכן די ישיבה, ווען ס׳איז געווען שטיל ארום, און זיך פאָרשטעלן די לעבעדיקייט און געזאַנג וואָס דאָס הויז האָט אַ מאָל פאַרשפרייט ארום זיך. און אפשר וועל איך הערן דאָס קול פון מתמיד, וואָס האָט געזונגען אין די נעכט. און איין ביי נאַכט בין איך מיט נאָך עטלעכע פון מיינע חברים ארויף אין דער ישיבה און געזען ווי פינצטער דאָרט איז געווען, נאָר איין קליין לעמפּל האָט געברענט, ווי אַ נר תמיד. איינער פון די חברים האָט פאָרגעלייגט מיר זאָלן אריינגיין אין ישיבה

און זיך זעצן לערנען, איר צוריק אַ ביסל אויפלעבן. אונדז איז עס געפעלן געוואָרן.

מיר זיינען אריין אין ישיבה און זיך געזעצט לערנען, צוזאַמען,ביים קליי־נעם לעמפל, אויפן קול און מיט עקסטאַז. יעדערער מיט זיין אייגענעם גמרא־ניגון. עס האָט אָנגעפילט די פוסקייט פון ישיבה מיט לעבן און איר מחיה געווען. איך בין געווען זיכער אז מיינע חברים האָבן שוין לאַנג ניט געהאַט אזא הנאה פון לערנען.

דער אַלטער שמש, וואָס איז שוין געווען א זקן מופלג, האָט נאָך גע־ווינט אין ישיבה. זיך דאָרט אויפגעהאָדוועט און אַלט געוואָרן. און אזוי ווי די ישיבה האָט ער אויך געפילט דעם עלנט און געבענקט נאָך די אַמאָליקע יאָרן, ווען ער איז אויך געווען אַ טייל פון איר גרויסקייט. ער האָט נאָך געדענקט די אַלע באַרימטע מענטשן, וועלכע האָבן געלערנט אין ישיבה און זיך מיט זיי געגרויסט, ווי זיי וואָלטן געווען זיין משפחה. און איצט איז ער אַראָפּ פון זיין גדולה.

אז ער האָט דערהערט אונדזער לערנען איז ער אריין אין ישיבה, זיך איינ־געקוקט אויף אונדז פאַרוואונדערט און מיט אַ דאַנקבאַרן פריילעכן שמייכל האָט ער אָנגעצונדן די בליצלאָמפּן ארום אונדזער טיש. ער האָט זיך געפילט ווי אַן אַלטער גענעראַל, וועלכער איז שוין לאַנג ארויס פון דער ארמיי, וואָס טוט אָן ביי אַ מיליטערישן פּאַראַד צוריק זיינע גענעראַלסקע קליידער. דאָס איז זיין שטאָלץ און עס דערמאָנט אים זיין גרויסקייט פון אַ מאָל, וואָס ער האָט פארלאָרן.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט, זיך צוגעהערט צו אונדזער לערנען מיט טרערן אין די אויגן. ער האָט געוואַרט ביז מיר האָבן געענדיקט לערנען און אויסגעלאָשן די לאָמפּן, וואָס דאָס איז געווען זיין חלק אין לערנען — משמש זיין תלמידי־חכמים.

מיר זיינען אזוי צופרידן געווען דערפון, אז מיר האָבן אָפּגערעדט זיך צו טרעפן אַלע נאַכט און איבערחזרן דאָס לערנען. ווען אַנדערע ישיבה־לייט האָבן זיך דערפון דערוווסט, איז זיי דאָס אויך געפעלן געוואָרן.

פון דעם אָוונט אָן זיינען אַלע ישיבה־לייט געקומען יעדע נאַכט לערנען אין ישיבה. דער שמש האָט אָנגעצונדן אַלע בליצלאָמפּן. זיין פּנים האָט גע־שיינט פון נחת, ער איז ווי יינגער געוואָרן, ארומגעגאַנגען פון איין טיש צום אַנדערן און געשמייכלט מיט הנאה, ווי אַ מחותן וואָס איז זוכה געווען חתונה צו מאַכן זיין לעצט קינד. אפילו בעלי־בתים זיינען אויך געקומען זען וואָס איז געשען. זיי האָבן שוין אַ לאַנגע צייט ניט געהערט דעם ניגון און אויך גע־

בענקט נאָך דעם לערנען פון ישיבה, צו וואָס זיי זיינען געווען איינגעוווינט און זיך מיט דעם אויפגעהאָדעוועט.

ג.

דער ראש הישיבה, ר׳ רפאל, איז שוין געווען אַן אַלטער מאַן, אַ שווערער ייד און א גרויסער שווייגער. די וואָס האָבן אים געקענט האָבן געזאָגט, אז ער האָט קיין מאָל אויף זיין לעבן ניט געשמייכלט. ער איז אריין אין ישיבה מיט א גליקלעכן שמייכל אויף זיין פנים, זיך אויך אוועקגעזעצט ביי דער גמרא און גענומען לערנען. ער פלעגט זייער זעלטן לערנען אין ישיבה, אַלע מאָל ביחידות, ביי זיך אין בית־דין־שטוב. ער איז אויך עפּעס יינגער געוואָרן פון נחת. ער האָט שוין לאַנג קיין שיעור ניט געזאָגט פאר דער ישיבה — ניט געווען פאר וועמען. ער האָט צוגערופן דעם שמש און אים געזאָגט, ער זאָל זאָגן די לערנער אז ער וויל זאָגן אַ שיעור.

די וועלכע האָבן געהערט ר׳ רפאלן זאָגן שיעורים פריער האָבן געזאָגט, אז ער האָט נאָך קיין מאָל ניט ארויסגעוויזן אזוי פיל לעבן און עקסטאַז ביים זאָגן א שיעור. ס׳איז ניט געווען זיין שטייגער אין לערנען. ער איז געווען טרוקן און שווער. ער האָט אָנגעהויבן קומען יעדן אָוונט לערנען אין ישיבה, זיין צוזאַמען מיט זיינע תלמידים.

אזוי זיינען אוועק וואָכן, ביז די מלחמה האָט זיך דערנענטערט צום שטעטל. מיר האָבן געוווּסט אז ס׳איז געקומען דער סוף צום לערנען. דאָס זיי־נען די לעצטע טעג, און באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל. איין אָוונט נאָכן לערנען האָט דער שמש אויסגערופן, אז די רביצין לאַדט אונדז איין צו איר אין שטוב: זי האָט פאַר אונדז צוגעגרייט אַ סעודה.

די רביצין האָט געגרייט די טישן ווי פאַר אַ יום־טוב. ר׳ רפאל איז געזעסן אויבנאָן, ווי אַ מחותן אויף אַ שימחה. ס׳איז אָבער ניט געווען קיין שימחה. ס׳איז יעדערן געווען אומעטיק אויפן האַרצן. מען האָט געפילט אז ס׳איז די ענדע, אז מען געזעגנט זיך ווי מיט עפּעס אַ נאָענטן מענטשן, וועמען מען וועט שוין קיין מאָל מער ניט זען.

מיט אַ מאָל האָט אַ בחור אָנגעהויבן זינגען אַ באַקאַנטן פריילעכן ישיבה־ניגון צו פאַרטרייבן די עצבות. אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט און ס׳איז געוואָרן פריילעכער. ווען די רביצין האָט דערהערט אונדזער זינגען איז זי אריינגע־קומען מיט אַ פלעשל בראָנפן און האָט געזאָגט: „דאָס איז מיר געבליבן פון מיין לעצטער טאָכטערס חתונה. איך האָב עס געהאַלטן פאַר אַ באַזונדע־רער געלעגנהייט. קיין בעסערע געלעגנהייט וועל איך שוין ניט האָבן. איך

האָב זיך אויפגעהאָדעוועט אין ישיבה, דאָ אַלט געוואָרן. מיין גרעסטע שימחה איז געווען צו הערן דאָס געזאַנג פון דער תורה אין ישיבה. דאָס איז מיר צע־שטערט געוואָרן. איר האָט מיר צוריק געבראַכט די שימחה מיט אייער לערנען. טרינקט און זייט זיך משמח. איך וועל שוין קיין גרעסערע שימחה ניט האָבן".

דער אָוונט איז ניט נאָר געווען דער סוף פון מיינע ישיבה־יאָרן, נאָר אויך דער סוף פון דער וואָלאָזשינער ישיבה. איך בין געווען אַן עדות וועלכער האָט מיט צער צוגעזען ווי איינע פון די גרעסטע ישיבה־אינסטיטוציעס פון לערנען אין דער יידישער געשיכטע האָט זיך געשלאָסן. וואָלאָזשינער ישיבה וואָס האָט פאַרשפּרייט אַזוי פיל תורה און חכמה איבער דער יידישער וועלט איז אויס־געגאַנגען און מיר האָבן פארמאכט אירע אויגן. מיר האָבן געהערט, אַז די דייטשן וועלן אין גיכן פאַרנעמען ווילנע, און איך מיט אַ סך פון מיינע חברים האָבן באַשלאָסן צו פאָרן קיין ווילנע.

מיר זיינען אריין זיך געזעגענען מיט ר׳ רפאלן און מיט דער רביצין. זי האָט זיך צעוויינט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז אויך ביי ר׳ רפאלן, דעם קאלטן יידן און שוויגער, האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן, אַזוי ווי זיינע קינ־דער וואָלטן אים פאַרלאָזן אויף דער עלטער, אויף אייביק.

די רביצין האָט יעדערן פון אונדז געגעבן אַ פּעקעלע מיט עסן אויפן וועג, ווי מיין מאַמע האָט עס געטאָן ווען איך בין געפאָרן דאָס ערשטע מאָל אין ישיבה. ר׳ רפאל האָט אונדז געבענטשט מיר זאָלן אויסגעלייזט ווערן פון גוישקע הענט אין זכות פון אונדזער תורה, און מיר זאָלן בלייבן פרומע יידן. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער איז ניט געווען זיכער צי מיר וועלן בלייבן פרומע יידן.

* * *

די קורצע צייט וואָס איך האָב געלערנט אין וואָלאָזשין איז מיר געבליבן אין זיכרון פאַר אַ לאַנגע צייט, אפילו ווען איך האָב שוין אין גאַנצן אָפּגעבראָכן מיט ישיבות. איך בין ניט אַוועק, ווי אַ סך פון מיינע חברים, מיט שינאה צו ישיבות און פאַרקלאַפּט די טיר. אדרבא, ס׳איז ביי מיר געבליבן אַ וואַרעם געפיל צו דער ישיבה, און כ׳האָב אַ סך דרך־ארץ פאַר לומדים און אמתע פרומע יידן. נאָווארעדאָק, פּאָניעוויעזש און וואָלאָזשין, און איבערהויפּט מיין שטעטל־שער בית־מדרש מיט זיינע יידן, ווו איך האָב פאַרבראַכט מיין יוגנט, זיינען מיר געבליבן נאָענט ביז היינט, טראָץ דעם וואָס איך געהער שוין צו אַ גאַנץ אַנדער סביבה.

און אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך בין געווען אַ חבר פון די לינקע פּאַרטייען און ס׳איז מיר אויסגעקומען צו זיין אַ קעגנער פון די רעליגיעזע יידן, האָב איך זיך פון דעסט וועגן באַצויגן צו זיי מיט דרך־ארץ און פאַרשטענדע־ניש, אויב זייערע מאָטיוון זיינען געווען ערלעכע און ניט געהאַט קיין פּאָלי־טישן הינטערגרונט.

ווילנע, א קורצע צייט איידער די דייטשן זיינען אריין, איז געווען אַ מין קיבוץ גלויות פון ישיבה־לייט. דאָרט זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אלע ישיבה־לייט פון די ליטווישע ישיבות, וועלכע זיינען אַנטלאָפן און וועמען די רוסישע רעגירונג האָט ארויסגעשיקט. עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיטעט פון ווילנער יידן מיט הרב רובינשטיין בראש, וואָס האָט געזאָרגט פאר זיי. די בתי־מדרשים זיינען געווען פול מיט לערנער. ביי הרב רובינשטיין אין שטוב איז געווען כמעט אַ הכנסת־אורחים, פול מיט ישיבה־לייט און רבנים פון ליטווישע שטעט און שטעטלעך. די רביצין האָט אַלעמען באַדינט. איך האָב געפילט, אז איך האָב קיין רעכט ניט צו נעמען פון זיי שטיצע, איך געהער שוין ניט צו דער ישיבה.

ס׳איז מיר אויסגעקומען דורכצומאַכן אַ שווערע צייט ביז די דייטשן זיי־נען אָנגעקומען. דאַן האָב איך פאַרלאָזן ווילנע און אוועק אין אַ קליין שטעטל אין ליטע, ווו עס האָט געלעבט מיינער א ברודער. איך בין דאָרט געוואָרן אַ סוחר, און דאָס איז געווען די ענדע פון מיין ישיבה־בחוריי.

אַ האַרציקן דאַנק
פאַר העלפן צוגרייטן דאָס בוך :
ד. ח אָ ל פּ ע,
ל ו י ש אַ ל י ט.
פאַר העלפן ארויסגעבן :
נ. ב ע ר ג ע ר — „פּאַסיפּיק פּרעס“.
א. ק ר אַ ס נ אָ ח ס ק י — זעצער.
דעם פאַרלאַג
„ד ר ו ם א פ ר י ק ע“.

## 3. NEW WINDS IN THE SHTETL



## 4. I GO TO THE BIG YESHIVA



## PHOTOGRAPHS AND FACSIMILES

## INTRODUCTION

THE SKETCHES and stories in this volume are the fruit of my memories and impressions of the villages and townlets in Poland and Lithuania, where I spent my youth before the First World War.

Despite the fact that I have since lived in other countries, and have been influenced by different environments and cultures, the memories have persisted and I have retained a vivid recollection of the Jews I once knew, who devoted their lives to holy study and deeds of loving-kindness. I have thought of them so often and so much, that they have become part of my very being. I am aware that I have written nothing new. Great Yiddish writers have used the theme of the *Shtetl* better than I have done, but since that era vanished in the holocaust under the Nazis it is the duty of those who still remember to record what once was and to save it from utter oblivion. This is so much more important now, when there are so few left who still remember.

It is my hope that this book will be a small contribution to the memory of a perished Jewry.

Chaim Sacks.

306, QUEENS GATE,
EMPIRE ROAD,
PARKTOWN,
JOHANNESBURG.
SOUTH AFRICA.

## PREFACE

"ONCE THERE WAS" is Chaim Sacks' first book. In it he tries to portray an epoch of Jewish life in Eastern Europe, and in particular the *Shtetl,* immediately before and during the First World War. This he has succeeded in doing through personal reminiscences, short stories, sketches and vignettes. The titles that figure in the index are themselves some indication of the people, places and events, rich in their variety and diversity, which constitute the substance of his book.

This is not the place to deal with each individual narrative, but the book as a whole deserves the attention of the reader, since it recreates a vital period of Jewish life, now gone forever. Here it is recorded through the memories and recollections of Chaim Sacks. While we are introduced to so many different types who live and have their being in these pages, the book is also the story of the first two decades of the author's own life — from his earliest childhood in the home of his parents to the time when he left the Volozin Yeshiva. This is movingly told with compassion and nostalgia, and today we know that it mirrors what was fast becoming the closing chapter of Jewish life in that old world, where the *Shtetl* embodied so much of Jewish life, and the Yeshiva, the Synagogue, the Rabbi's Court, were the nerve centres from which Jewish life radiated. These left their imprint on the heart and mind of the sensitive Jewish child that was Chaim Sacks. It is with this sensitivity that he draws his characters with all their individual idiosyncracies, bestowing upon them a wealth of love, deep feeling and respect.

It is remarkable how deeply ingrained in all their details Chaim Sacks' memories of his *Shtetl* have remained. He conveys the atmosphere of the spiritual strength in spite of material poverty, which prevailed there. Not least of the qualities of this book is the author's humour, which is really the humour of a people crystallised into folk-wisdom. The book deals with the everyday people he once knew, speaking the everyday folk-language, and this is the language in which he has written his book.

"ONCE THERE WAS" is a worthy contribution to the memory of a vanished world. It merits a translation into English in order to reach a wider circle of readers. Chaim Sacks has paid his tribute to the world of his *Shtetl* not with detachment, but with a deep sense of personal involvement.

David Wolpe

**This book is dedicated to**

My father, Zvi Yehuda Kuselewitz,
Rabbi of Ratzki, Tiktin and Semiatitch.
My mother, Rachel Michla.
My wife, Malke.
My son, Zvi Lionel.
My son, Jack, his wife, Shirley.
My grandchildren, Saul, Joseph and Evelyn.
My brother, Rabbi Shmuel Kuselewitz and his wife, Gitel.
My brother, David Saks and his wife, Matle.
My sister, Rashel and her husband, Reuven Dovid Grinbaum.
Simcha Saks and his wife, Liza.
Sheine Gitel and her husband, Shmuel Wachman.
Hanan Saks and his wife, Henrietta.

May this book also serve as a memorial to my uncle, Rabbi Shaya Yacov Saks, who perished at the hands of the Nazis in Shavli, Lithuania.

CHAIM SACKS (KUSELEWITZ)

# ONCE THERE WAS...

STORIES AND REMINISCENCES



Published by
"DOREM AFRIKE"
Johannesburg
1969.